
שטערן
ליטעראריש-
קינסטלערישער
און פאליטיש-
וויסנשאפטלעכער
כוידעש-זשורנאל

1926

№ 1-(4)


שול-און-בוך
מינסק.
ווייסרוסלענדישע אָפּטיילונג

# אבאנירט און פארשפרייט

## די איינציקע טעגלעכע צענטראַלע צייטונג אף יידיש

# דער עמעס

ארגאַן פון פון צ. ב. פון די יידישע
סעקציעס באם צ. ק. פון אל. ק. פ.

## אבאָנעמענטפרייז אפן 1926-טן יאר:

| | | | |
|---|---|---|---|
| אַ יאָר . . . | 7 רובל 50 קאָפּ. | 3 כאַדאָשים | 2 רובל — |
| אַ האַלב יאָר | 4 „ — | אַ כוידעש | — 75 קאָפּ. |

אַלע אַבאָנענטן פון „עמעס“ אפן 1926-טן יאָר, וועלכע שרייבן אויס די צייטונג אף אַ גאַנץ יאָר אָדער אַף אַ האַלב יאָר, באַקומען אומזיסט

# אן אפּרייסקאַלענדאר

מיט אַ קינסטלעריש טאָוול-ווענטל, געמאָלט דורך דעם קינסטלער נאָטאָן אַלטמאַן.

## יערלעכע אַבאָנענטן קאָנען אויסצאָלן דאָס אבאָ-נעמענטגעלט אין פיר ראַטעס (טערמינען):

| | | | |
|---|---|---|---|
| צום ערשטן יאַנוואַר | 3 ר. — | צום ערשטן מאַי | 1 ר. 50 ק. |
| „ „ מאָרט | 1 „ 50 ק. | „ „ יולי | 1 „ 50 „ |

דער קאַלענדאַר ווערט אַרויסגעשיקט גלייך, ווי סיוועט באַקומען ווערן די ערשטע ראַטע.
באַשטעלונגען ווערן אָנגענומען אין אַלע פּאָסטאַנשטאַלטן פונם ראַטנפאַרבאַנד.

**הויפטקאַנטאָר פון „עמעס“**
מאָסקווע, פּאָקראָווקע 4
טעלעגראַפאַדרעס: מאָסקווע „עמעס“.

פראָלעטאריער פֿון אַלע לענדער, פאראייניקט זיך!

# שטערן

ליטעראריש-קינסטלערישער און
פאליטיש-וויסנשאפטלעכער
זשורנאל.

מינסק, יאַנוואר 1926. — צווייטער יאָרגאַנג. — 1—(4)



## מיכאַס טשאַראָט.

### מיִכאַס טשאַראָט (מ. קודזעלקא)

דער ווייסרוסישער דיכטער, דראמאטורג און שרייבער מיכאס טשאראט (מ. קודזעלקא) האט זיך באוויזן אין דער ווייסרוסישער ליטעראטור נאכן יאר 1917 און האט מיט זיינע ווערק גלייך צוגעצויגן די אויפמערקזאמקייט פון די קריטיקער.

געבוירן איז מיכאס טשאראט אין דארף רודזענסק טשערווענער (איהומע-ער) אויעזד אין יאר 1896. נאכן ענדיקן א צווייקלאסנשול איז ער אנגעקומען אין מאלאדעטשנער לערערסעמינאריום, איינער פון יענע „אוניווערסיטעטן", וועלכע זיינען געווען אין יענער צייט צוטריטלעך פאר דער דארפישער ווייסרוסישער אינ-טעליגענץ.

די אלוועלטלעכע מילכאמע האט אבער אויך אים ניט געשאנעוועט. און ער איז געווען געצווונגען צו אפגעבן אביסל צייט פון זיין לעבן אף מיליטערדינסט.

נאכן ענדיקן די ווילנער מיליטערשול אלס אפיצער, איז ער אריינגעפאלן אף דינסט אין א רעזערוופאלק.

אין 1920 יאר, אין דער צייט, ווען מינסק האט זיך געפֿונען אונטער דער אקופאציע פון די פּוילן, טרעט טשאראט-קודזעלקא אריין אין די רייען פון דער קאָמוניסטישער פארטיי.

דאס ערשטע קודזעלקאס ווערק אין ווייסרוסיִש איז געדרוקט געווען אין מינסקער צייטונג „זוואָן" (קלונג). דעמזעלבן נאמען האט אויך געטראגן דאס ווערק.

פאר די לעצטע יארן האט קודזעלקא אנגעשריבן פיל ווערק. זיין דראמע אין 3 אקטן „נא קופאלע" האט מיטאמאל רייכגעמאכט דעם ווייסרוסישן טעאטער.

ער האט אויך אנגעשריבן א היפש ביסל לעבעדיקע בייסנדיקע קאמעדיעס, וועלכע האבן גרויס דערפאלג און גייען ניט אראפ פון סצענע אין אסאך דראמא-טישע קרייזלעך („מיקיטאוו לאפאץ", „סלוצקאיא ווארא‍נא"). ער האט אויך אנ-געשריבן א רעוואלוציאנער-דראמאטישן עטיוד „ליכט אין דער פינצטער". זיינע ווערק פאר קינדער „פאסטוכלעך", „אלעסיא און דאנילקא" זיינען זייער פאפוליער, גייען ניט אראפ פון די קינדערשע בינעס און האבן בא די קינדער גרויס דערפאלג.

טשאראט איז אויך דער מעכאבער פון אסאך לירישע ווערק, פיל פון זיי מיט א רעוואלוציאנערן אינהאלט, וועלכע ווערן געלייענט זייער שפאנענד און רופן ארויס באם לעזער אפטימיזם און פולן גלויבן אין לעבן.

זיין פעִקייט צו אויסזוכן נייע, בילדערישע ווערטער, זיין קענען אריינ-טראגן אין זיין שאפונג רעוואלוציאנערע געדאנקען און אנשויונגען, מאכן טשא-ראטס פאעזיע אלס איינע פון די אינטערעסאנטסטע דערשיינונגען אין דער ווייסרו-סישער ליטעראטור.

איינע פון זיינע בעסטע ווערק רעכנט זיך „באסיִא נא וואגנִשטשי", וועל-כע איז איינע פון די ווייניִקע, וועלכע האבן פארִנטערעסירט, ווי די ווייסרוסיִשע, אזוי אויך די רוסיִשע קריִטיִק. די פאעמע „די קרעטשמע", וואס מיר דרוקן אין היינקיִקן נומער „שטערן" אביִסל געקירצט, ווערט געדרוקט אין דערזעלבער צייט אין רוסיִש און אוקראיניִש.

# קרעטשמע*).

פּאָעמע

פֿון ווייסרוסיש — **א. כאַריק.**

געווידמעט יאנקא קופאלא.

„ווי אן אלטער, צוגעסענער, הוילער סקעלעט
שטייט איצט אַ קרעטשמע אַליין.
ס'ברענגען איר ווינטן א טויטן געבעט
און פינצטער—מיט קלאָלעס באוויינט".

יאנקא קופאלא.

1.

לויפֿן טעג, ווי צויאָגטע אין אומרו
און צושטויבט, און קאפויר—אונדזער וואָר.
עפעס איז אַפֿן זינען געקומען
אַלטע קרעטשמע פֿון שטרויענעם דאָרף.

טיר און פענצטער צושטויבט און צובראָכן,
שטייט די קרעטשמע פֿארלאָזט און אַליין.
און אַמאָל פלעגט דאָרט גאַנצענע וואָכן
רוען דער פויערשער וויי.

ווען אין אונדזער פֿארלאָרענער כאטע
פֿלעגט שפּראָצן דער גרויער פֿארטאג,
פֿלעגט אַהינצו, אי איך, אי מיין טאטע,
גיין דינען דעם גלעזערנעם גאָט.

מיין טאטע — אַ פויער אַ ליבער,
נאָר ווער קען די ליבשאפֿט דען מעסטן?
דערפֿאַר, טאקע, שרייב איך איצט לידער—,
מיר האָבן אַמאָל ניט דערעסן.

אין קרעטשמע בא ווײַן און גערודער
איִז מיין גאָלדענע יוגנט פֿארלאָפֿן.
אַ סוינע פלעגט ווערן אַ ברודער,
אויב ער גיט נאָר דעם ביטערן טראָפֿן.

איך קען ניט פֿארגעסן דיך, קרעטשמע,
דיין שיקערע פֿרייד און געשלעג.
ווען מיר, נאָר מע פויקט און מען רעט שוין,
אַז אין האַרגע מיין יוגנט אַוועק.

*) אייניקע לידער פֿון דער פאעמע זיינען געקירצט.

נו, רופֿט מיך אָן:—שיקער! נו, לעסטערט!
כאָטש צושטויבט איז ביז גרונט אונדזער וואָר.
און נאָך איז מיר שווער צו פֿאַרגעסן —
שליאָמען דעם קרעטשמער פון דאָרף.

מיר האָבן גערופֿן אים „שליאָמע”
בראַנפֿן גיסט ער אַ פֿולינקע מאָס.
דערמאָנען מיר איצטער זיין נאָמען
וואַרים, און נאָענט, און פּראָסט.

ניט געווען איז שליאָמע קיין פֿרומער
און ווייניק די דינים געוווּסט.
— זאָל מוישע ראַבּיינו נאָר קומען,
וואָלט ער זיין אַ קרעטשמער געמוזט —

— אַ וואָילער ייִד—פֿלעגן פויערים זאָגן —
ס׳מאַכט ניט אויס, וואָס ס׳איז שליאָמע אַ ייִד.
אַ טאַינע אין בליק פלעגט ער טראָגן:
— ברידער כ׳דאַרף לעבן, ווי איר...

האָט מען געלעבט. אין ספּירט זיך פֿאַרכלינעט
און פאַרטרונקן דעם ביטערן גזאַר.
ווען אין קרעטשמע פלעגט הודזען, ווי בינען,
פֿלעגט דאַכטן, ס׳ווערט ווייניקער צאַר.

איז אַן אומגליק, אַ פֿרייד, צי אַ טרויער,
מען לאָזט זיך צו שליאָמען—און גאָר!
אָט אַזוי האָט אין קרעטשמע דער פויער
געפּרייט זיך אַ קיילעכדיק יאָר.

2.

האַרבסט. ס׳האַלט די זון זיך אין לעשן,
פֿעלדער ווערן שוין הויל און פאַרבענקט,
עס צוהילכט זיך דער שייער אין דרעשן,—
גיי איך פֿלינק מיטן טאַטן אין שענק.

ערשטער שניי,—טרינקט מען ווידער „לעכאַיִם”,
צורעכנט דעם פּאַסטעך,—מע טרינקט.
און פאַרנאַכט שליאָמעס זונדעלע—כאַיִם,
פירט קאָרן אַ ווו? און וווהין?

ס׳וויל דער פויער פון דעם גאָרניט ריידן:
דער שייער פֿול מיט טווע און היי.
אויב עס שווייגן די טאַטעס און זיידעס,
זאָל איך דען ניט שווייגן, ווי זיי?

בין איך שיקער,—ווערט מיך קיינער ניט הענגען,
אויב שווער איז,—איז מיר דאָך דאָס שווער.
ס׳איז גוט, עך, ס׳איז פֿריילעך אין שענקל,
עס דאַרף ניט קיין האָבער מיין פערד.

דערפֿילט מען דעם הונגער אין פֿרילינג,
דאַרפֿסט זייען.—און זייונג עס פֿעלט.
קלייבט מען דאָס לעצטע פֿון ווינקל
און ס׳קלעקט ניט פֿאַרזייען דאָס פעלד.

און ס׳וואַקסט אונדזער הונגער. און זומער
צושרייט זיך פון ווינקלען די נויט.
מיר שווייגן אין הונגער, אין אומעט,
אין בענקשאַפֿט נאָך מאָגערן ברויט.

גייט מען אין קרעטשמע צו שליאָמען,
העלפֿט ער דעם פויער אין נויט, —
גיט ער אַ גלעזעלע בראַנפֿן
פֿאַר לעצטן פארבליבענעם שטרוי.

שוין איינמאָל געווען אַ וואָילער,
ווי מעסט מען זיין נוץ אַף דער וועלט?
קומסט צוגיין אַ בייזער, אַ הוילער, —
גיט ער דיר בראַנפֿן אָן געלט.

3.

ס׳האָט די ליבע זיך פלוצלונג געמאָלדן
מיין טאָיִקן זעכצנטן יאָר.
ס׳איז מיין יוגנט אין דעם עפּשער שולדיק,
נאָר כ׳ווייס ניט—פֿאַרליבט זיך און גאָר.

כ׳בין איינמאָל אין וואָגן געבליבן
און טאַטע ס׳געטרונקן אין שענק.
ס׳האָט ראָכל די ציגן געטריבן,
אַ פֿרעג געטאָן פּראָסט און פֿאַרבענקט.

— וואָס גייסטו אין שענק ניט? דו וואַרסט דאָ?
דו היטסט דאָ דעם שפּאַן און דעם פערד?”
באַ איר אין די אויגן די שוואַרצע
אַ וואַרעמקייט פלוצלונג דערפילט.

ס׳האָט פון דענסטמאָל געקלאַפּט און געשלאָגן
אַ היץ און אַ קעלט אין מיין בלוט.
און עס האָט מיך אין קרעטשמע געטראָגן,
קום איך,—און ס׳ווערט מיר דאָרט גוט!

אין דאָרף פלעגט מען לאַכן און ריידן,
ס׳האָבן אַלע פֿון דעם שוין געוווּסט:
איך ליב גאָר אַ ייִדיש מיידל,
אָן איר איז דאָס לעבן מיר פּוסט.

קומט פאַרנאַכט.—איבער פלויטן איך קריך שוין,
אַז עס ציט מיך צו יענע פיר ווענט.
מיר האָבן אין קרעטשמע געליבט זיך,
אַזוי, ווי מיר האָבן געקענט.

מען שרייט דאָרט, מען רוישט דאָרט, מען לאַכט דאָרט,
ס׳איז רויִק און הילכיק אין שענק.
און אונדז האָט גאָר דעמאָלט געדאַכט זיך,
אַז מיר זיינען אין קרעטשמע אַליין.

האָט זיך איינמאָל איר מאַמע צוזידלט:
— „ראָכל מען טאָר ניט אַזוי!
דאַרפסט וויסן, — דיין טאַטע אַ ייִד איז
און ער איז אַ דאָרפישער גאָי״.

איך בין געבליבן דאַן שטיל אין אַ ווינקל,
ס'האָט אַ ווייטאָק געשריען אין שלייף.
איז דען שולדיק אַ דאָרפישער ייִנגל,
אַז מע האָט אים אָן אים גאָר געטויפט.

4.

קומען גרוילעכע טעג אַפן דאָרף אָן,
הענגט אַ הימל נאָך גרויער פון אַש.
— אויב אַ שטיין וועט אין דיר ווער אַ וואָרף טאָן,
הויב אים אוף און באַהאלט אים אין טאַש...

אַזוי האָט געזאָגט צו מיר שליאָמע,
אַף זיין ברעם האָט געציטערט אַ טרער
און דערציילט האָט ער מיר פון פּאָגראָמען,
פון שווערע, פאַרבלוטיקטע שטעט.

איך לייד דאָ, און שליאָמע מוזליידן:
איך צאָל שטייער און ער צאָלט אַקציז.
דער „אוראדניק״ ער וואָינט דאָך ניט ווייט דאָ
און ביידן אונדז טרעט מיט די פיס.

שפּעט אין שענק פלעג איך שווייגנדיק זיצן.
— נו, פאַרוואָס איז אין געגנט ניט גוט?
אָי, שליאָמע, דו דאַרפסט דאָך דאָס וויסן,
וואָס דערציילט דאָרט דיין גראָבער טאַלמוד?

— מיר האָבן אַ לאנד פּאַלעסטינע,
נאָר ווי פאָרט מען אַהין? ווי אַזוי? —
און אַזוי ביזן גרויען באַגינען
אין געשפּרעך, אין פאַרדראָס און אין וויי.

אָט אַזוי האָט דאָס לעבן געדרייט זיך
און אונדז אינם פלאָנטער פאַרדרייט.
אַף שליאָמעס געבויגענע פּלייצעס
האָבן זיך וווּנדן ביז סאָף ניט פאַרהיילט.

טראָג איך אויך אום אַ וווּנד אין מיין האַרצן,
אַ בלוטיקן וואונד ביזן ביין.
מיר האָט שוין דענסטמאָל געדאַכט זיך,
ס'וועט קיינמאָל מיין וויי ניט פאַרגיין...

וואָיען ווינטן. ווער קען זיי דען שטערן?
ס'ווילן ווינטן צוטראָגן דעם געגנט.
ליגט אין קרעטשמע דאָס דאָרף — און עס הערט ניט —
דעם שיקערן וויי און געשלעגן...

קומען גרוילעכע טעג אַפן דאָרף אָן
און איך זאָג שוין, ווי שליאָמקע דורך האָס:

— אויב אַ שטיין וועט אין דיר ווער אַ וואָרף טאָן,
הויב אוף און באהאלט אים אין טאַש.

זאָלן ווינטן ניט וואָיען, ניט גרוילן,
ניט הוליען אַף אונדזערע קעפּ.
ס'וועלן אונדזערע לידער דערציילן,
ווי מיר האָבן אין ווייטאָק געלעבט.

5.

גערוישט האָבן פעלדער און וועלדער,
זיי האָבן זיך פלוצלונג פאַרהאַקט.
איבער אונדז הענגט אַ הימל מיט עלנט,
און ס'האָבן זיך זשאַבעס צעקוואַקעט.

איך געדענק—ס'האָט דאס דערפל צעקלאָגט זיך —
מען הייסט אַף מילכאָמע אונדז גיין.
אַפן פערדל דער „סטראזשניק״—ער טראָגט זיך —
און רופט מיט אַ בייזן געשריי.

אַף מאָרגן—מע קלייבט זיך אין קרעטשמע,
צעשראָקענע, ברויגעזע רייד.
וועגן קייסער מע טראַכט און מע רעט שוין, —
שליאָמע ווינשט אים אַ פינסטערן טויט.

און ווען דאָרף איז אַוועק אַף מילכאָמע,
איז אַף שליאָמען אַ פּאַכאד אַראָפּ.
און ער ריכט זיך שוין אַלץ אַף פּאָגראָמען
און בויגט איין נאָך טיפער דעם קאָפּ.

טאג-צו-טאָג—און אין קרעטשמע ווערט ליידיק,
אין דערפל ווערט רויִק און טויט.
אין פייער, אין גרויל און אין ווייטאָק
האָט אַ בלוטיקער פראָנט זיך פאַרדרייט.

ניטאָ שוין קיין בראַנפן, — מע רויכערט,
מע צעווייעט דעם ווייטאָק אין רויך...
מע רעט מיט אַ בלוטיקן שמייכל,
ווען באַדארפט וואָלט מען שרייען, — און הויך.

אויך איך פלעג ביי שליאָמען נעפּינען
פאַר טרויער אַ פריינטלעכע טיר.
און איינמאָל... אין גרוי פון באַגינען
האָט מיך טאַטע צום „פּריזיוו״ געפירט.

אָי, לעבן, וואָס טרייבסטו און טראָגסט מיך?
בעסער גיין מיט דער קאָסע אין פעלד.
נאָך מיר האָבן דענסטמאָל צוקלאָגט זיך —
דער טאַטע, דער וואלד און דאָס פערד.

6.

ווי זאָל איך ניט טאינען, ווי זאָל איך ניט גרוילן.
ווען אין האַרצן גייט אוף אַזא וויי.
עפּעס ווילט זיך פון ראָכלען דערציילן,
וואָס בעסער, וואָס צאַרטער אַזוי.

הארבסט. אונטער הימל ווערט ענג שוין,
איך פֿארלאָז שוין אַף יאָרן מיין היים.
איך קען ניט באהאלטן מיין בענקשאַפט, —
איך זינג, און איך לאַך, און איך וויין...

ס׳האָט ראָכל פֿון וויטן באגלייט מיך,
נאר איך האָב איר טרויער דערזעען,
צי וועל איך געפֿינען אַ צווייטע,
אַ זעלכע, ווי די ביזט געווען.

מיר האָבן דאָך בײדע געליטן,
איך—אַ לאידעק, דו אַ קרעטשמערס אַ קינד.
אונדזער ליבע, קען זיין, וועט פֿארשווינדן,
וואָס עס לעבט, גייט דאָך אויף און פֿארשווינדט.

כ׳האָב מיין פערד ניט געיאָגט, ניט געטריבן,
ס׳האָט זיך עלנט געצויגן דער וועג.
דו ביזט אין קרעטשמע פֿארבליבן,
און איך—אַף מילכאָמע אַוועק.

7.

ס׳האָט זיך פלוצלונג דאָס לעבן צעפּיבערט, —
שווער באשרייבן דאָס אַלץ מיט דער פּען, —
ס׳איז שליאָמע אַרויס פון זיין שטיבל!
און צענומען אין שרעק זיינע הענט.

און פֿארקלערט האָט פון דענסטמאָל זיך שליאָמע!
אַז וואָס וועט אַלץ ווערן דערפון?
ס׳איז געקומען זיין זון פֿון מילכאָמע, —
אַ באָלשעוויק איז איצט כאַים זיין זון.

האָט מען די פריצישע „הויפֿן״ צונומען —
גאַנצע נעכט האָט געפלאקערט דער פּאַלאץ, —
זאָגט שליאָמע: — די שאָ זאָל ניט קומען,
וועל איך דאָך זיין שולדיק פֿאַר אַלץ.

עך, נאַרישער שליאָמע—„פֿאַר אַלעס״
וואָס האָסטו זיך פלוצלונג פֿארבענקט?
שטייט כאַים אין פֿעסטע שטיוואלעס.
— טאטע! א סאָף צו דער שענק!

ס׳האָט קיינער זיין שטוב ניט צעבראָכן,—
ס׳האָט פֿארמאכט זיך די קרעטשמע אליין.
מיד, אַזוי שטיל און געבראָכן
האָט שליאָמע פֿארשפארט זיך אין שענק.

ארום האָט צעיאָגט זיך דאָס לעבן,
ס׳איז כאַים א גאנצענער לייט.
— קיינער וועט פֿרייהייט ניט געבן,—
אליין מוז מען ווערן באַפֿרייט.

און אלע צוזאַמען מיר גייען
דורך פעלד און דורך וואלד און דורך ווינט
מיר, קינדער, פֿון גרויסער ראַסייע,
מיר גייען נאָך פֿרייהייט אצינד.

8.

אף קוועלנדיק-לויטערע ערדן,
ווו עס ציילט די קוקאווקע איר ליד,—
איז פרייהייט געוועזן באַשערט אונדז,
נאָר מען האָט זי אין קייטן פאַרשמידט.

ס׳איז געקומען די פֿינצטערע שליאַכטע,
אָ, איר פֿינצטערע, בלוטיקע טעג!
ס׳קען דאָס דאָרף שוין איצט רויִק ניט טראכטן,
ס׳טראַכט דאָס דאָרף איצט פֿון בלוט און געשלעג.

הוליעט דער פויל און געוועלטיקט
און ס׳הויבט זיך די בלוטיקע האנט...
לויפֿן מיר שטיל אין די וועלדער,—
דער וואַלד איז געדיכט און באקאַנט.

אין פֿארכמורעטן וואַלד זיך באַהאלטן,
איז שליאָמע געלאָפֿן מיט אונדז.
אוועק איז פון טליע דער אלטער—
ס׳האָט די שליאכטע געמאָנט פֿאַר זיין זון.

אַוועק בין איך דענסטמאָל אין אופשטאַנד,
ס׳האָט דאס לעבן געיאָגט אין גאלאָפּ.
אײדער לײדן,-שוין בעסער אַ רויש-טאָן
און פֿאַרלירן דעם אייגענעם קאָפּ.

זאָל אין אופשטאַנד צעהוליען זיך ברייטער
דער, וואָס פֿריער ט׳געליטן אין גרויל.
אַלע דערפֿער,—איין מאַכנע אַ רויטע
איז אַוועק אפן פֿיינט, אַפֿן פויל.

9.

ס׳איז דער וועג איצט צו פֿריידן שוין אָפֿן
פֿאר די, וואס אין כוישעך געלעבט,—
אַ ברייטער, אַ פולער מיט האָפֿנונג,
ס׳האָבן קליאָנעס פֿון אים זיך צערעט.

ס׳האָט אַמאָל בא מיין אָרעמען הייזל
דער קליאָן מיך באקלאָגט שטילערהייט.
און אַצינד-מיט אַ קאָפּ אַ געקרייזלט
מיך באַגעגנט מיט רויש און מיט פֿרייד.

— גוט מאָרגן אייך, פויערים-ברידער,
מיט אייך כ׳האָב געפאשעט די שאָף...
גוט-מאָרגן אייך, פעלדער אין פֿרידן,
און פֿרייד צו דיר, קרעטשמער, פֿון דאָרף...

קרעטשמע, וואָס שטייט שוין איצט ליידיק,
אויך צו איר איז מיין גרוס איצט געווענדט.
עפּעס, דאַכט זיך, ס׳האָט אימעץ אין ווייטאָק
פֿאַרבראָכן אַף איר זיינע הענט...

פוסט און וויסט... ס׳ווערט דורך יאָרן פֿאַרניכטעט,
יעדער שפור פון די יינגלשע טעג.

און מיט קראַפּעווע שווערער געדיכטער
פאַרוואַקסט איר פאַרגעסענער וועג.

און ראָכל-געבליבן אַ היגע.
האָט אַ מאַן. ער באַארבעט די ערד.
מע האָט דערציילט מיר, און איך האָב געשוויגן:
נו, מיילע, זיי גליקלעך, באַשערט.

איך האָב געזאָגט:—ס'איז ניט אייביק די ליבע,
ווי אַלץ, וואָס לעבט אוף און פאַרגייט.
כאָטש איין אָוונט מיט דיר כ'וואָלט פאַרבליבן
און דערמאָנען אַמאָליקע פרייד.

נאָר צו וואָס-זשע איצט רייצן די ווונדן,
ס'האָט פאַרלאָשן זיך אַלץ, ווי אַ בליק.
זאָל זיין ס'איז דיין ליבע פאַרשוווּנדן,
נאָר ניט רוף מיך, כאָטש „גאָי", ווי ביז איצט.

איך ווייס ניט, איך בין היינט צופרידן,
ס'איז דער דאָרף שוין ניט דאָס, וואָס געווען.
ניטאָ יענע שיקערע לידער,
וואָס האָבן מיין יוגנט געענדערט.

מע קלייבט זיך... עס איז אַ פאַרזאַמלונג,
מע טיילט איצט די פריצישע ערד.
מיט פּויערים אַלטע צוזאַמען
איז אויך שליאָמע געקומען אַהער.

זיצט שליאָמע דאָ פעסט און צופרידן,
זיין בליק איז איצט רויִק און קלאָר.
שטעלט ער זיך אוף און זאָגט: „ברידער"!
וועגן ערד וויל ער נעמען אַ וואָרט.

.10

אַז ווער האָט געקענט דערפון טראַכטן:
אין אַן אָרימען קאַנט פון ראַסיי
זאָל פּלוצלונג אין פריידן דערוואַכן
ווייסרוסלאַנד—אַ גליקלעכע היים.

אַ נייע היים. אין אַ כוטאָר אַ נייעם
האָט שליאָמע באַזעצט זיך און-גוט!
אַ בהיימע, צוויי פערדלעך, אַ שייער-
אָט דאָס איז זיין האָב און זיין גוטס.

אַף זיין אייגענעם פעלד, אַפן גרינעם,
ער דערלאַנגט מיר אַ כאַווערשע האַנט:
— וואָס טויג מיר אַ לאַנד פּאַלעסטינע,
אַז מיר האָבן אַן אייגן דאָ לאַנד.

צעלאַכן זיך פּויערים הילכיק:
— שליאָמע, געדענקסט נאָך די שענק?
און שליאָמע,—ער לייענט איצט ביכלעך,
ווי זייט מען דאָ גערשטן און ווייץ.

אין שטאָט איז ער איינמאָל געקומען.
— מע פאַרקויפט שוין דאָרט בראַנפן?... אַהיים
איז שוין שליאָמע געפאָרן אין אומעט,—
ס'האָבן פלעשער דערמאָנט אים אָן שענק.

.11

לויפן טעג און פאַרגייען געשווינדער,
ס'האָט דאָס לעבן זיך האַסטיק צעלאָזט.
געווען אַ דאָרף, איז אַ פעלד דאָרט אַצינדער
און עס שטייט דאָרט די קרעטשמע פאַרלאָזט.

די צעבראָכענע אַלטע געביידע
איז באַוואָקסן מיט אומעט און שרעק.
פאָרט פאַרביי ווען אַ דאָרפישער רייטער,—
לויפט ער פון דאָרטן אַוועק...

עפשער האָבן אין טענץ זיך צולאָזן
יענע אַלטע און שיקערע טעג.
יענער וועג ווערט באַוואַקסן מיט גראָזן
און מע רופט אים שוין-קרעטשמערשער וועג.

ס'וועט דער רעגן צושווענקען דעם קוימען
און דער ווינט וועט צעווייען די ווענט.
און ניט וויסן זאָל ווען-עס-איז קיינער,
אַז אַ קרעטשמע איז דאָרטן געווען.

און איצט. ליגן רויִקע כוטערס
אין גרינסן, אין גראָזן און טוי.
כ'בין דאָ יעדן אַ ברודער אַ גוטער
און יעדער האָט ליב מיך אַזוי.

צוזאַמען מיט זיי כ'האָב געטרויערט
און געשיקערט צוזאַמען אין שענק,
כ'בין, ווי זיי נאָך ביז איצטער אַ פּויער
און קען נאָך אויך קאָסיען, ווי זיי.

כ'קען די שטאָט, אויב מע דאַרף נאָר, פאַרלאָזן
און אַוועק אין דער פּויערשער וועלט,
און ווידער זיך נעמען צום קאָסיען
און אָנטאָן מיין פּויערשן פעלץ...

ס'האָבן פּויערים רויִק דערמאָנט זיך
און דערציילט, וואָס ביז איצט איז אַדורך.
און פון הויך האָט אַף אונדז אַ לעוואָנע
מיט רויִקן זילבער געקוקט.

פרייד צו אייך,—צייטיקע פעלדער
און פּויערשע, ערדישע הענט.
אונדז שרעקט נאָך די קרעטשמע מיט עלנט
פון אַלטע צעבראָכענע ווענט...

מאַי—יוני, 1925, מאָסקווע.

י. ריוועס.

# אייגענע.

(דערציילונג).

·I

ס'האָבן פלוצלונג געגומען בלאָזן לייכטע ווינטעלעך, וואָס האָבן מיט קאלטן אָטעם אָנגעוויט אומרויִקייט אין שטאָט.

סוידעסדיקער אומרו האָט זיִך געקייקלט איבער גאַסן און פלעצער און מיטאַמאָל זיִך אופגעריסן.

— אין רוסלאַנד האָבן באָלשעוויקעס פאַרכאַפּט די מאַכט.

ליידיקגייער און סטאַם אַזעלכע, וואָס האָבן גאָרניט צו פאַרלירן, האָבן מיט פרייד אופגענומען די יעדיע און טייקעף פאַרשפרייט אַ צווייטע:

— היינט, מאָרגן–און דייטשלאַנד וועט אויך מאַכן דעמזעלבן קונץ...

אזוי האָבן זיִך געוויקלט טעג און וואָכן אומרויִקע, טעג און וואָכן פון אומבאשטימטער דערוואַרטונג ביז דאָס פאָרויסגעזאָגטע איז געשעען.

טייקעף האָט זיִך אַלץ אופגערירט פון געפרעסטן אָרט, אַלץ: שטאָט, מענטש און גאַס.

ווי שטויב, געטראָגן פון פארשייטן, שפילעוודיקן ווינטל, האָבן זיִך מיט הילכנדיקער קלאַפעריי געטראָגן איבער שטאָטישער ערד זעלנערישע פורן און אַף זייערע רוקנס האָבן זיִך געטרייסלט דייטשיִשע זעלנער, וואָס האָבן פון איילעניִש ניט געקענט טרעפן דאָס געוואָינטע פלייצעארט פאַר דעם קורצן ביקסל.

גרופן צוואַנגארבעטער, מיִט געלע אויסגעדאַרטע פענימער האָבן פאַרלאָזן די מיִט שטעכיקן דראָט פאַרצאַמטע קאָנצענטראַציעלאַגערן און אוועק אָפזוכן זייער אַלטע היים.

פלעגן שטאָטיִשע אַנטקעגן לויפן די לאגערמענטשן, קוקן אין זייערע געל-אויסגעדאַרטע פענימער און בלייבן אָפּהענטיק, פאַרוווּנדערט:

—זע-נאָר-זע, ווי דו זעסט אויס?!...

— זע-נאָר-זע, וואָס פון אַ מענטש קען ווערן?!...

אַזאַ צוואַנגארבעטער פלעגט קומען צו זיין קעלער אָדער בוידימדירע, וואַרפן פאַר די אייגענע פיס דאָס געבראַכטע, קוים אָפגעשפאָרטע איינציקע פאַרמעגן: אַ קליין, קליין זעקעלע איבערגעפראָרענע קאַרטאָפל, איינעסן זיין מידן קאָפּ אין די נאַסע פארשימלטע שטובווענט און מיט פאַרשפעטיקונג באַוויינען זיין היים, וואָס איז שוין לאַנג געשטאָרבן פון הונגער און קעלט.

·II

מיִט יעדן טאָג איִז די באַוועגונג אין שטאָט געוואָרן שטאַרקער. רעגירונגגעביידעס האָבן זיִך אַלץ מער געליידיקט און מענטשן אָנגעזעענע, מענטשן קלאלטוער האָבן נייגעריִק נאָכגעשפיִרט יעדן ריר, יעדע באַוועגונג אין שטאָט און געווען טיף פאַרדאיגעט. צו אָנגעשטרענגטן געהער איז דערגאַנגען אַ דינע, אַ לייכטע יעדיעלע, ווי אַ פיפס פון אַן אקאָרשט געבאָרענער טייבעלע:

— געקומען פון רוסלאַנד, אַ היגער ייִנגל, אַ באָלשעוויִק, פייוועס...

פלעגט דער קלאַלטוער אופנעמען אַזעלכע איינציִקע, ווי געציילטע, און, דוכט זיִך, קלאָרע ווערטער, און גאָר פון דאָסניי אָנשטרענגען דאָס געהער:

— ווער איז פייוועס?...

גיִכער ווי שטענדיִק האָט זיִך לאַנצמאַן געשטויסן און פאַמעלעך געגאַנגען; אַזוי מאָדנע האָבן איִם געטריבן די אלע אומבאַשטימטע יעדיעס, אַזוי מאָדנע האָבן זיי איִם געוואַרעמט דעם מויעך ביִז צורונען איז אין איִם אַזאַ, דוכט זיִך, העלער, אַנטשיידענער באַשלוס צו בעטן אַ נייטראַלן מיליטערקאָרפוס פאַר דער פאַרלאָזענער אקופירטער שטאָט.

קאָעסדיִק-אופגערעגט האָט דער קלאלטוער געקוקט אין געלן, פוכיִקן פאָניִם פונם שטאָטראבינער און איִם גיִך ווי באשאָטן:

— מיטן נייטראַלן קאָרפוס וועט עס זיין אַ צו לאַנגער לייענען...

— ניט די צייט פאַר הויכער דיפלאָמאטיע...

— מע מוז זיִך אופריידן מיִטן גראַף...

·III

מיִט די אונטערערדישע פארטייטוער איִז אזוי געשעען:

פייוועס קומען האָט זיי אופגערודערט, צומיִשט.

ניט ווי אלע איִז ער געגאַנגען און געקומען.

מיט זיינע קורצע פלינקע טריט האָט ער אפן וועג אַ הער, צו אקופירטער, פארמאטערטער שטאָט, ניט אויסגעמיִטן קיין איינציִקן פונקט. אַפילע אינם איינציקן נייעם אָרט פאַר קאָנספירירטער דאָרפישער פאַרבינדונג איז ער געווען. האָט אויך ניט אויסגעמיטן אַזאַ שטאָטישע „מאַסניאַוועק” ווי באַ עפראָיִם זעקלטרעגער. פילט טאַקע איִצט יעדער אַן אָפקלאַנג פון פייוועס הילכיקע טריט.

פארטראָגן דאָס ניט שטאַרק פארקאָנספירירטע טוער. באַזוימען זיך זייערע פענימער מיט איינגעהאַלטענער אומרויִקייט:

— ווייס ניט כאַווער פייווע, אַז עפראָיִם טרעגער איז אַ מאַסאָוויִק און אַז פויערישע רעוואָלוציאָנערקייט באַזירט זיִך אַף ניט וועלן געבן דאָס פערדל אין אבאז?...

– ווייס ניט כאַווער פייווע ווי אזא ניט פאַרזיכטיקייט צושרויפט די קאנספיראציע?

זשמורעט פייווע זיינע אזוי אויך קליינע אויגן און ווארנט אַזוי מאָדנע שטייף קעגן צו שטאַרקער קאנספיראציע:

— ס'דאַרף געמאכט ווערן אַ סאָף! איר האָט זיך אַזוי פאַרגראָבן אין אונטערערד, אַז, וועט איר אַפילע אַמאָל וועלן ארויס פון דאָרטן, וועט איר אויך ניט קענען...

אפן געלבלעכן פאָנים פונם דרייסיקיאָריקן וואטיק האָט פייוועס ווארנונג אופגעשטעמפלט אַ ליכטיקע פרייד. ער האָט זאָרגזאם גענומען אַכטונג געבן אַף זיין געלבלעכער באָרד (אין אַ מאָמענט פון נויט—אפגאָלן...) זיך דערווייטערט פון אַלעמען און גענומען זיך פאר דער „טעכניק".

·IV

איינער דעם אַנדערן האָט איבערגעגעבן, ווי אַ גרויס געהיימנים:

— אין דייטשלאַנד איז אַ רעוואָלוציע.

ווי אַן אופגעבראָוזטער טייך, וואָס איז ארויס פון זיינע ברעגן, אַזוי האבן מענטשנמאסן פאַרשווענקט גאנצע גאסנברייטן.

פארהילכט און ווי אָפגעווישט מיט מאַסנבאַוועגונג, איז געוואָרן דער הילכיקער אָפקלאנג פון פייוועס טריט. בלויז אַ געניט אויג, אַן אָנגעשטרענגטער געהער האָט באַמערקט ווי אין די פאלדן פון שטאָטישער אופרודערונג האָבן זיך איינגעוועבט צוויי מענטשן: פייווע און וואטיק.

פון צייט-צו-צייט האָט וואטיק ניט מערקבאר פאַרלאָזן זיין ארבעטאָרט אין פליאַטערס שטויביקע מילן, זיך גיך געטראָגן איבער גאסן ווי אַ שטיק אופגעוואַכטע ענערגיע און פאָרזיכטיק געפירט אַ שמועס מיט צופעליק-געטראָפענע דייטשישע זעלנער, וואָס האָבן אַף זיך געהאַט אויסער מילכאָמעמאכשירים, קליינינקע רונדע (ווי אַמאָליקע ארעסטאנטישע) היטעלעך און שטארק צוקנייטשטע מונדירלעך.

אַזעלכע זעלנער פלעגן נאָך אַ קורצן ליגן אין די שפיטאָלן ארויסבאקומען זייערע דעזינפעקצירטע קליידער און זיך לאָזן אָפזוכן זייערע מיליטערטיילן, די זעלנער פלעגן דעריבער אָנקוקן וואטיקן מיט קאעס און איבערכאזערן זיין פראגע מיט גרויס פארוווּנדערונג:

— „צו פאַרקויפן?"...

און טאַקע טייקעף גאליק ווי אַ שליידער טאָן אים אין פאָנים:

— מענטש!...

גאנץ ערנסט פלעגן זיי דערביי ארויסנעמען פון פוסטן לייוונטענעם זעקל אַ קליין שטיקל פאַרדארטע ווייסלעכע ברויט און שפעטער אזוי גאליק, ביטער, טרייסלען און שוין מער גאָרניט אויסטרייסלען פון זעקל. פלעגט דער, וואָס האָט אויסגעזעען ווי אַן אופגעבונדענער קנויל ענערגיע, אריינשמייכלען אין לייוונטענעם פעלדזעקל און ס'פלעגט זיך אָנהויבן אַ רייד שוין ניט מיט ווערטער, נאָר מיט בליקן.

אַזוי:

וואטיקס בליק פלעגט זיך עטוואָס לענגער אָפשטעלן אף יענע ערטער, ווו ס'זיינען געווען גוט איינגעלייגט די זעלנערישע ביקסל און האַנטגראַנאַט, און אויסוואַרטן. שפעטער פלעגן שוין אַזעלכע זעלנער נאָכשפירן וואטיקס טריט. באביידן פלעגט דער פאָנים ווערן טונקעלער, דער אָטעם קירצער.

זעלנערישע בליקן פלעגן זיך פאַרפלאָנטערן אין הייזער און הייזלעך, אַריינגאַנגען און אַרויסגאַנגען און ווייטער ווי פאַרווישט, ווי גאָרניט געווען.

אַף ווייטער גאַס, האָט מען שפעטער געזען, איז געשטאַנען אַ זעלנער אַ האַלבקראַנקער, מידער, אין אופגעקנייטשטע, דעזינפעקצירטע קליידער און פאַרהאלטן די שטאַרקע גאסנבאַוועגינג. אַזאַ זעלנער האט געוואָלט אופשטעלן אין זיקאָרן, וואָס ער האָט געזען און געהערט אין יענער פאַרוואָרפענער בוידימדירע און זיך ענדגילטיק געוואָלט קלאָר מאכן וועגן וואטיקן און די בוידיממענטשן:

— זינט יענע לויטע ווירקלעך באלשעוויקן?...

אַזעלכע זעלנער האבן שוין קיינמאָל ניט געזוכט קיין וועג צוריק נאָך זייער געווער...

— — — — — — — —

פייווע האט זיך ווי מיט פינקטלעכער גלייכגעוויכט, געטראָגן אף די פאַלדן פון אופגעבראָוזטן מענטשלעכן אומרו.

אָט שטייט ער אף אַ באלעגאָלעס וואָגן, קוקט אַרויס פון הויך פאַריסענע האלאָבלעס, וואָס מאכן זיין אויסזען נאָך קלענער, און רעט אַריין אין קוים באלויכטענעם, בלאטיקן פאָרשטאָט. די הענט זיינען אים פאַרשטייפט, אָנגעצויגן, ס'דוכט, זייער לענג גרייכט איצט פונקט די הויך פון זיין קערפער. ער רעט נאָר מיט ביישפילן, ביישפילן פון פעטערבורג, ביישפילן פון מאָסקווע, און מענטשן—טרעגער, פורמאַנעס און מענטשן, אקאָרשט געקומענע אין צוצופטע זעלנערישע שינעלן, מיט ערדיש-גראָע פענימער, מענטשן וואָס האבן אינגאַנצן נאָך מיט צוויי יאָר צוריק געבויגן זייערע רוקנס בא אַנדערע, געוואָיִנטע ארבעטן אין פאַבריקן און וואַרשטאַטן, האָבן איצט אַלץ ניט געקענט טרעפן, אף וואָס און אף וועלכן פון די געבראַכטע ביישפילן זיך אָפצושטעלן.

נאָר גאָר אזוי פלוצלונג און קלאָר האָבן אלע באמערקט:

אָט זיינען צענדליקער, הונדערטער מענטשן אויסגעדאַרטע, אויסגעמאטערטע פון מילכאָמע און צוואַנגאַרבעט, אָט איז אַ גראַף, וועמענס שפייכלערס ס'קרעכצן פון איבערגעלאדענער סכוירע, וואָס אקופאַנטן לאזן איבער אין איילעניש, אָט שטויסן זיך מענטשן, וואָס ריידן אלץ וועגן קלאַל און טראַכטן נאָר וועגן זיך. ווארנט אַ רעדנער אין טונקעלן, בלאטיקן פאַרשטאָט:

— וועלן מיר ניט נאָכטאָן דעס ביישפיל פון די רוסישע אַרבעטער און פויערים, וועט דער גראַף און זיינע מעשארסים, וואס זיינען צייטווייליק דורך די אקופאַנטן ארויסגעשטויסן געוואָרן פון זייערע אמאָליקע פאַרמעגנס, פון דאָסניי הערשן איבער אונדז, וועלן מיר ווייטער און אָבער,—רעט ער אַריין אַזעלכע מאָדנע געדיכטע ווערטער,—ציען די אלטע ליאמקע, דאָס איז ווייטער מילכאָמע, און ווייטער צוואַנגאַרבעט, דארפן מיר זיך איצט קלאָר זאגן: מיר, אָדער—זיי?!...

דער האָרעפאַשנער אוילעם האט זיך געפילט, פונקט פייוועס צוויי פעסטע אויסגעצויגענע הענט וואָלטן זיי צוגעשטויסן צו

אַ טיפֿן, ברייטן גראָבן, אָפּגעשניטן זיי דעם וועג אף צוריק און איבערגעלאָזן איין אויסוועג:

— מיר, אָדער—זיי!...

.V

באַלעבאַטישע פּענימער האָט אומרו געפּיקט און געגעסן.

עפּעס געשעעט אין ווייטע פֿאַרוואָרפֿענע גאַסן. עפּעס האט זיך דאָרט אזוי שטארק אופֿגערודערט.

זעען אויס לאַנצמאַנס אויגן נאָך גרעסער, ווי זיי וואָלטן זיך אויסגעוויקלט. באמערקט ער קימאַט ניט דעם גרויסן, טונקעלן אופֿנאַמצימער און מיט אומרויִקער פאָרזיכט מישט ער פראַגן מיט נייס:

— ווי מיינט, הער גראַף, פֿאַרלאָזן דאָס די דייטשן אף שטענדיק די שטאָט?

— אין פֿארשטעט, זאגט מען, איז אומרויִק...

— עפּשער איז פֿאָרט נויטיק צו ווענדן זיך נאָך אַ נייטראַלן קאָרפּוס?

דעם גראַפֿס ערנסט, קאָנצענטרירט פּאָנים לייטערט זיך אויס:

— און אז מיר, פּאָליאקן, צום ביישפּיל, זאָלן איבערנעמען די מאַכט?

האָט דאָס לאַנצמאַנען אַרויסגעהויבן פֿון ווייכן שטול.

דאָס מאָל האָט זיך דער שמועס שוין מער ניט געקלעפּט צווישן זיי.

דער גראַף האָט זיך גענומען לייכט באוועגן איבער זיין אופֿנאַמצימער. דעם מאָנאָקל האָט ער פֿעסטער פֿאַרדריקט אין אויג; עטוואָס איינגעבויגן זיין העל-גראָען קאָפּ מיט האר אזעלכע, וואָס האבן אויסגעזען, ווי יעדער פֿון זיי וואָלט געווען באזונדער געוואַשן, געצוואָגן און געטריקנט, איינגעבויגן דעם קאָפּ, ווי ער וואָלט וועלן אויסבאהאלטן אַ פֿאַרדעכטיקע פּאָנימבאוועגונג און ווי קיינמאָל, ליבלעך געשמייכלט.

.VI

גאַסן און וועגן האבן קוים אָפּגעטרייסלט פֿון זיך שווערע פֿראַכטאַווטאָמאָבילן, לאַנגע, אויסגעטריקנטע זעלנערפֿורן און זיך מיט אָנגעשטרענגטער שטומקייט פֿאַרצויגן. רעגירונגגעביידן זיינען פֿאַרבליבן שטאַרק פֿאַרבלאָטיקט און מיט ברייט צופּנטע טיר און פֿענצטער, וואָס האבן דערמאָנט מיט זיך א ברייט פֿאַנאַנדערגעעפֿנטן מויל און אויסגעשטשירעטע ציין פֿון אַ סקעלעט.

וואטיקס פלייצע האָט זיך געבויגן פֿון אַ זעקלשווערקייט און זיין אָנגעשטרענגטער געהער האָט פֿאַרנומען:

פליאַטער האָט אַרויסגענומען דעם מאָנאָקל פֿון אויג און איינעם נאָכן אנדערן אַרויסבאגלייט די איבערגעבליבענע צוואנג-אַרבעטער פֿון טויער. אט-אָט און די ריי דערגייט אויך צו אים.

זיין גאַנצער וועזן האט איצט אַזוי ברייט, אַזוי שווער אַרויסגעטעטעמט אַ נײַ אופֿגעוואַכטן ווייטאָק:

צוויי יאָר האבן אַרבעטער אין זעלנערישער ארומרינגלונג געאַרבעט פֿון פֿאַרטאָג ביז שפּעט אין נאַכט און זייערע געשוואָלענע פֿון הונגער לייבער האבן איינגעקריצט אין זיך נאַהייקעשמיק.

אַזוי איז געווען ביז איצט.

היינט באגלייט דער גראף אליין יעדן ארבעטער באזונדער פֿון טויער און ווארנט קאַעסדיק—איינגעהאלטן:

— דערווייל, ביז וואָס ווען, קען דער הער צו דער אַרבעט ניט קומען...

אינסטינקטיוו, ווי אומגערן, האט זיך וואטיק אומגעקוקט אף דעם גראַפֿישן גוואלדיק-גרויסן הויף מיט די שווערע שפּייכלער און קלייטן און זיין פּאָנים האט זיך אנגעפויסט פֿון אופרעגונג:

צוויי יאָר האבן זיך דייטשישע פֿעלדושאנדאַרן געטראָגן איבער פּויליש-ליטווישע דערפֿער און פֿאַר אומפאַרשטענדלעכע פּאַפּירלעכבאשייניִקונגען האָבן זיי צוגענומען אלץ, וואָס דאָס אויג האָט נאָר באמערקט, און אלץ געזאַמלט אין קלייטן און שפּייכלער.

איצט איז די זעלנערישע וואך פֿון פליאטערס „אסאָבניאַקל" אַראָפּגענומען.

שטייט ווי פֿאַריאָסעמט דאָס פֿאַרשייִנפֿאַרביקע מיליטערישע ביידל און „ביִז וואָס ווען" ווערן ארבעטער דערווייטערט פֿון דער ארבעט.

אַ פֿיבערדיקע אופֿרודערונג אַטאַקירט וואטיקס גוף, זיינע ברייטביינערדיקע שוואַכע פלייצעס, פילט ער, ווערן אים אזוי מאָדנע צושפּרייט, אויסגעצויגן און פֿאַרשטייפֿט, אָט-אָט—און זיי צושפּאַרן דעם גראַפֿס ווענט און זיין ווילן ווערט ווי צוגעהאמערט צו פֿייוועס געוואָרפענעם לאָזונג:

— מיר, מיר!...

אין די גאַסן האט אומרו באקומען לאָשן.

אין עפּעס א צוקנייטשט מאַנטל מיט אן אופֿגעשלאָגן קראַגן ציט זיך פֿאַמעלעך און מיט אַזאַ, ווי צוגאָסענער, אָפּגעלאָזנקייט לאַנצמאַן. פֿון אלץ הויכט מיט אומרויִקייט אפֿן קלאַלטוער. ס'שרעקט אים דאָס באַוואַכטע אומרויִקייט פֿונם גראַף, ס'שרעקט אים אויך דאָס טומלען אין פֿאָרשטאָט.

אָנגעלאָדענע שפּייכלער האבן געזייט רו און אומרו:

— דאָס קען זיין אַ סטימול פֿאַר אומרו און פֿאַרטיידיקונג,—האָט טיפֿזיניק געטראַכט לאַנצמאַן.

ער האָט זיך געשארט פֿון איין גרופּקע מענטשן צו אַ צווייטער און זיך אלץ ניט געקענט קלאָר מאכן:

— מע וועט טאקע אָפּקומען אָן אַ פּאָגראָם און רויבעריי?

אַזאַ פראַגע האָט צוטומלט אַ גרופּקע מענטשן. בלויז אייניקע האבן זיך, ווי גלאט אַזוי זיך, געכאָכמעט איבער אים:

— אַפּאָנים, דערשראָקן זיך פֿאַר דעם שווערס גרויסע קראָם.

— ער היט די יערושע, ווי אַן אויג אין קאָפּ...

עפּראָיִם זעקלטרעגער האט איצט, עפּשער דאָס ערשטע מאָל פאַר דער צייט, וואָס ער האט פאַרלאָרן די אַרבעט אין שוסטערוואַרשטאַט, אויפגעהויבן זיין נידעריק איינגעבויגענעם קאָפּ, ביטער זיך אויפגעשמייכלט און צוליב קאָנספּיראַציע (אַזוי האט אים וואַטיק געלערנט) גערעט צו אלעמען ווי אַ זייטיקער:

— נאַראָנים, מיינען טאקע, אז זיין נעשאמע איז אַ ראָזינקע...

## VII.

איז געקומען א מאָרגן.

הונגעריקע האבן זיך געשטויסן צום גראַפּס טויערן און זיך באלד אָפּגעטראָגן צוריק. בלויז איינציקע, גליקלעכע פלעגן אַרויס גיין פון דאָרט מיט היבשע אויסבאהאלטענע פעקלעך.

און דערווייל האָט זיך אין שטאָט געוועבט אַ פאַרדאַכט וועגן אַן אָפּמאַך פון גראַף מיטן גענעראל, וועגן איבערגעלאָזענע דייטשישע געווער, וועגן קלאַלטוער, וואָס באטרעטן גראַפּישע שוועלן. אַ פאַרדאַכט, א פלאָנטער, וואָס, האַגאַם קיינער האָט ניט געקענט דערווייזן, אז דאָס איזווירקלעך אַזוי, - האָט ער זיך דאָך וואָס ווייטער, אַלץ מער, אַלץ זיכערער און שטאַרקער פאַרוועבט מיט מענטשנצאָרן ביז א מאסנמענגע האָט אף אייגענע פלייצעס אַרויסגעהויבן אַ געקומענעם, אַ באָלשעוויק, און זיך מיט אים ווי באקרוינט...

קוקט פּייווע ארויס פון דער מאסנמענגע, זעט אויס פון איר ווי א קאָפּ אף ברייטע, געזונטע פלייצעס און ענג און פעסט קנוילט ער אויף אַ ווארנונג:

— דער גראף און אלע, וואָס האבן אָפּגעלעקט אַ פעטביינדל פון מילכאָמע און אָקופּאַציע, ווילן פון דאָסניי פאַרפעסטיקן זייער מעמשאָלע, זיי קריפּן אונטער פינצטערע עלעמענטן, קעדיי מיט זייער הילף פאַרנעמען די מאכט. איז קאָלזמאַן ס'איז ניט שפעט, קלייבט אויס: מיר אָדער—זיי!...

האבן אים ארומגערינגלט קוילעס:

— מיר, מיר!...

— — — — — — — — —

פון פאָרשטעט, פון גאסן און ווינקלען האבן זיך געצויגן מענטשנמאַסן און פאַרפולט דעם גרויסן שטאָטזאַל מיט ראַשיקע טריט פון זייערע הילצערנע פאַנטאָפל. צוואַנגאַרבעטער האבן איבערגעלאָזן אַ לעצטע טרער אין נאַסע גראָ-פאַרשימלטע שטובּוועגט און געשטראָמט אַהער, ווו אלץ האט זיך געבלעזלט פון אומרו:

— מיר, אָדער זיי?!

ווי אַן אומרויִקער ווינטל אין א פוסטער שטוב, האָט זיך אין שטאָטזאל אויך אַריינגעטראָגן וואטיק.

ווער ס'האָט געדאַרפט, האָט זיך פון אים דערוווּסט.

אין אַרבעטערשע, אין ווייטע פויערישע הייזלעך זיינען אַף יעדנפאַל אָנגעגרייט, זיכערע דירעס מיט אייזערנע פעסלעך...

די פארקאנספירירטע יעדיעס האָבן פאַרטראָגן פּייוון ערגעץ אין אַ הינטערצימער, ווו ער האָט קאָנצענטרירט און אופמערקזאם ווייטער אויסגעהערט:

— אַ פּאָר צענדליק פון באוואָפנטן הונדערטל, פארשטארקטע דורך עטלעכע זעלנער, וואָס האָבן אין בוידעמדירע איבערגעלאָזן זייער געווער, געפינען זיך שוין אין שטאָטזאל, אַז אין בוידימדירע פאַרבט זיך אַף רויט און פארטיקט זיך אַ פלאקאט:

„די גאנצע מאַכט די אַרבעטנדיקע".

— — — — — — — — — —

פּייווע האָט זיין ביינערדיקן גוף אָנגעשפּאַרט אָן שטול און פריידיק געקלאפּט מיט די פיס אן דיל. ער איז זיכער: זאָל נאָר שטאָטישע ערד אַראָפּטרייסלען פון זיך אַ לעצטע זעלנערישע פור און צענדליקער פונם „הונדערטל" וועלן פאַרנעמען די פארלאָזענע רעגירונגגעביידן און פראָקלאמירן מאכט און פרייהייט פאַר מענטשן הונגעריקע, מענטשן אָן אַ היים און ס'וועלן זיך עפענען שווערע אייזערנע שפייכלערטירן מיט אָנגעלאָדענער סכוירע.

באַלד אָבער האָט דער שטראָמיקער אוילעם ווי אויסגעזייט וואטיקן, און צוריק איז דאָ אַלץ פאַרגאַנגען אין געדיכטעניש.

ווייטער און אָבער האָבן זיך דאָ אָנגעהויבן און געענדיקט שטילע, ווי אָנגערוקטע אַריינריידענישן, גרעסערע און קלענערע פאַרזאמלונגען, וואָס יעדע פון זיי האָט זיך אַנדערש אָנגעהויבן, אַנדערש געפירט און געענדיקט אַלץ מיט:

— ברויט. שאָלעם און פרייהייט!

— די גאַנצע מאַכט די אַרבעטנדיקע!

— — — — — — — — — —

אַ ווײלע, בלויז איין מאָמענט און גאסן און געסלעך זיינען פלוצלונג פאַרפולט געוואָרן מיט באוואָפנטע יונגעלייטלעך, וואָס האָבן אין שרעקיקער טומלעניש פאר אייגענער דרייסטקייט זיך געוואַרפן אַף אַלעמען און געמישט באפעלן און פראַגן:

— סטאָי! (שטיי!)

— רענצי דאַ גורי (הויבט אוף די הענט).

— דאָקאָנד? (וווּהין?)

אַלץ און אלעס האָט זיך איינגעקאָרטשטעט, אָטעם פאַרהאַלטן. בלויז שטאַרקער זיינען געוואָרן די טריט פון די אופגעשווומענע אין נאכטשטילקייט מענטשן און אָפּטער, הילכיקער האָבן זיך דערטראָגן אָפּקלאנגען פון קוילנוואַרפער און ביקסנשיסעריי.

פון צייט-צו-צייט פלעגט זיך ערגעץ ווו אופרייסן אַ קנויל. ווילד-איבערגעשראָקענע מענטשלעכע קוילעס צושיטן זיך אָט אַזוי נאָענט, ווי פאר יעדערנס פיס, און טייקעף פארגייען אין שווערער אָנמאכט.

אַזוי א גאַנצן טאָג, אַזוי אַ גאַנצע נאָכט ביז—אופגעגאַנגען איז א נייער טאָג, אַ טאָג אַ מאטאָווער, איינגעהאַלטן-רויִקער, ווי ער וואָלט אקאָרשט אָפּגעקומען אַ שווערע שטראָף, און מענטשן האָבן געזעען:

אין אַ פעסטגעשלאָסענעם רינג האָבן לעגיאָנערן אַרומגערינגלט דעם שטאָטזאַל און איינער נאָכן אַנדערן, איינער האַרט נעבן אַנדערן האָבן זיך צווישן אַ צוועיִקער לעגיאָנערריי געצויגן פון שטאָטזאל מענטשן, אַ זעלכע לאנגע, באָרוועסע און מיט פאַרסמאַליעטע פענימער. אַ גרויסער אַוטאמאביל האָט זיי ווי מיט רוגזע טייקעף אופגעכאַפּט און מיט געטומל פאַרשווונדן.

פֿארבליבן איז דאָ נאָר אַ מויער אַ כאָרעווער, וואָס האָט הילפֿלאָז ווי געוואָרנט מיט זיינע פֿאַרסמאַליעטע ווענט.

— אַיילט! נאָך איין ריר און ס׳שיט זיך אַרויס דער ערשטער פֿון צווייטן און דער צווייטער פֿון דריטן שטאָק און אַן ענדע מיט גאָרנדיקן הויז...

האָבן לעגיאָנערן זיך טאַקע געאַיילט. זיי האָבן גיך די רייען געשלאָסן. קונציק אויסגעפֿלאָכטן פֿון זיך אַ פאַראַדנעם אַ ריינפֿאָר און אָנגעשטרענגט געקוקט ווי דער מיטלוואַקסיקער, גלאַטגעראַזירטער גראַף האָט אין אופמערקזאַמער באַגלייטונג פֿון דאָקטוירים און קלאַלטוער האַסטיק געשפּאַנט איבער צימער און שטאָקן פֿון פֿארסאַרפעטן מויער. דאָקטוירים האָבן געקלעפּט זייערע געאיידלטע פינגער אין בלוט פֿון פֿאַרבליבענע געשאָסענע פֿונם הונדערטל און ווי אַן אויסצייכענונג, אונטערגעטראָגן דעם גראַף אַלץ איינע און דאָסזעלבע באַשטעטיקונג:

— טויט.

— טויט.

— טויט.

די געעלטערטע אייוורים פון גראַף האָבן זיך געיינגערט... מיט באַנייטן יוגנטלעכן אימפעט האָט ער זיך אַף זיין טונקלווייסן שפּילעוודיקן פֿערד געהויבן, זיגעריש זיך געצויגן צווישן די רייען לעגיאָנערן און אופֿגענומען אויסרופֿן:

— ניעך זשיע, גראַף פליאַטער!

— ניעך זש—שיִ—ע—ע...

— — — — — — — — — — — —

אַף גאַסן און פלעצער, אַף טעלעגראַף און טעלעפֿאָנסלופּעס, האָבן זיך באוויזן איינאָטעמדיקע, קענטיק, אין איילעניש געשריבענע אופרופֿן:

**צו אַלע פאָליאַקן!**

**ברידער פאָליאַקן!** אַף אונדזער שטאָט, ווו ס׳איז געבאָרן דער פֿירער פֿון פוילנלאַנד, מאַרשאַל פילסודסקי, און איז יאָרנלאַנג געווען פֿאַרשקלאַפֿט פֿון מאָסקאַלן, האָבן געגרייט אַן אָנפֿאַל באָלשעוויקעס און אַנדערע פֿאַרדעכטיקע פֿאַרשוינען. דער ציִל פֿון אָנפֿאַל איז געווען: איבערצוגעבן די גאַנצע מעמשאָלע שלעפּער און אויסוורפֿן, קעדיי פֿון דאָסניי צו קענען אונטערדריקן דאס אלטע פוילישע פֿאלק און אוועקרויבן אונדזער האָב און גוטס.

דאָס איז זיי אָבער ניט געלונגען! אַ טייל פֿון די אָנפֿירער, צווישן וועלכע ס׳האָבן זיך אויך געפֿונען (צו אונדזער גרויסער שאַנד!) אייניקע פֿאַרפֿירטע פאָליאַקן-קאַטאָליקן, האָבן, ווי ס׳איז פעסטגעשטעלט געוואָרן פֿון די אָנגעזעענסטע דאָקטוירים, זיך אליין גענומען דאָס לעבן, און דער הויפּטאָנפֿירער מיט זיין כעוורע, דעם זשידיק פייווע, האָבן אונדזערע העלדישע זין געפֿאַנגען אַ לעבעדיקן און גאָר אינגיכן וועט ער שטיין פֿאַר אַ מיליטעריש געריכט, וועלכער וועט שוין זיכער מיט זיין גערעכטן מישפּעט באַפֿרייען, מיט גאָטעס הילף, אונדזער פיל געפּרוּווטע לאַנד פֿון יידישע און מאָסקאַליִשע עקספּעריִמענטן.

בריִדער פאָליאַקן! נעמט זיך צוריק אופשטעלן דאָס אַלטע לעבן צום גליק פֿונם צוקונפֿטיקן דאָר און צום קאָוועד פֿון די אַלטע פוילישע העלדן: קאסטיושקע און אַנדערע.

זאָל לעבן פוילן! זאָל לעבן גראַף פליאַטער, דער הויפּטפֿירער פֿון אונדזערע העלדישע זין, וואָס האָבן אונדז געבראַכט רו און פֿרידן און פֿאַרזיכערט אונדזער האָב און גוטס פֿון יידישע און מאָסקאַלישע הענט!

### .VIII

איבער פֿאָרשטאָט, איבער קרומע צוהויקערטע געסלעך, איבער פֿאַרזשמורעטע הייזלעך, האָט זיך געפּרעסט אַ יעדיע, וואָס האָט אַלעמען צו דער ערד געבויגן:

— טויט.

— טויט.

— טויט!...

פלעגט זיך אַריינכאַפּן אין צענטער שטאָט אַ ווילד צושויבערטע ייִדינע, בִיטער אויסוויינען אַ קלאָלע פֿאַר אַ דערהאַרגעט קינד אָדער צוראַבירטע שטוב און קוים טרעפֿן דעם וועג אַף צוריק ...

עפֿראָיִם זעקלטרעגער, מיט זיינע רויטע ווונדנאויגן, מיט דער שטאַרק אויסגעבויגענער פלייצע, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ לינקע זייט פֿון אַ טיפן, אָפגעריִבענעם מולטער, האָט זיך געשאַרט פֿון קראָם צו קראָם, ווי אַ מאַרקבהיימע באַם פֿרעמדן וואָגן היי, און פֿאָרזיכטיק, קעדיי ניט איבערצוטרעטן דעם אָנזאָג וועגן קאָנספּיראַציע, זיך געקלעפּט:

— הוּ, הוּ, — ס׳איז דאָך געווען אַן עמעסער פּאָגראָם!..

דעם טרעגערס טאַינע האָט ארויסגעפֿירט פֿון גלייכגעוויכט אַזאַ רויִק-באַזאָרגטן מענטשן ווי דאָקטאָר לאַנצמאַן:

— שויטע, וואָס הוהוקעסטו, מער ווי יידן האָבן דען ניט געליטן?...

נאָר לאַנצמאַן האָט זיך ניִט געלאָזט צופֿיִל אַראָפּפירן פֿון גלייכן וועג מיט צופעליקע טאַינעס פֿון עפּעס אַ טרעגער. ער האָט געוווּסט פֿון וואָס זיינע פֿיס זיינען אים ווי געפּענטעט.

— וואָלט ניט בעסער געווען באַשטיין אַף אַ נייטראַלן קארפּוס? האָט ער ניט באַדאַרפֿט דעמאָנסטראַטיוו זיך אָפּזאָגן פֿון צערעמאָניע באַם שטאָטזאַל, ווען אַפֿילע בלויז אַלס דאָקטאר און קלאַלטוער? וועט ניט דער אופֿרוף ברענגען צו נייע עקסצעסן? מיִטלען ווייסט ער, ער וועט דעפּעשירן דער יידישער סיימפֿראַקציע.

... עס וועט נאָך קומען די אַמעריקאַנער קאָמיסיע ... ער וועט נאָך ...

דער גיכער געדאַנקענלויף האָט זיך אים פלוצלונג פֿאַרהאַלטן:

— צו דעם אַלץ — האָט ער זיך געכאַפּט - איז נויטיק: נאָר רויִק, נאָר ניִט רייסן די אויגן... נאָר ניט די „פייוועס“...

### .IX

מיט איינגענורעטן קאָפּ האָט דער זעקלטרעגער געזופּט דאָס ביסל קאָרענע געקעכטס, וואָס ער באַקומט פֿון לאַנצמאַנס שווער פֿאַר זיין טרעגעריי, זיינע ווונדנאויגן האָבן זיך אזוי מע-

שוינעדיק געדרייט. ער האָט, דוכט זיך, געקוקט אין שיסעלע און געזעען האָט ער, ווי דער קלאַלטוער שפּאַנט מיט געאָגראַפישע טריט און באַשטעטיקט, אַז די דערשאָסענע האָבן זיך אַליין גענומען דאָס לעבן. אין די אויערן האָט אים אַלץ געקלונגען לאַנצמאַנס פראַגע: מער ווי יידן האָבן דען ניט געליטן?

ער האָט ניט מערקבאַר פאַר זיך אַליין, פאַרקוועטשט די ליימענע שיסעלע אין די ביינערדיקע פינגער.

— מיט אָט דער גראָבער שטריק פון טאַליע — דערווערגן לאַנצמאַנען!

עפראָים האָט זיך אָבער אַליין באַלד דערשראָקן פאַר זיין אופגעבראַיזטן ווילן. ער האָט זיך דערמאָנט אַף דער אופגאַבע, וואָס די אונטערערדישע טוער האָבן אַף אים אַרופגעלייגט, אַף פּיוועס געוואָרפענעם לאָזונג, וואָס האָט נאָך אַלץ אַזוי העל געשפּילט פאַרן אויג.

X.

וואַטיק האָט זיך קיין אָרט ניט געפונען.

פאַרמאַכט וואַטיק אַ האַלבע אויג, קוקט אָנגעשטרענגט אין אַרומיקער שטובפוסטקייט.

ווערט מאָדנע שטיל. און מיטאמאָל... טריט אַף פארשטויבטע, אייזערנע טרעפּ פון בוידימדירע.

טריט?... אַ הער, ווי דייטשישע זעלנער האָבן קיינמאָל ניט געזוכט קיין וועג אַף צוריק?...

פאַלט אַ בליק אַף אַ ווינקל מיט אָנגעשאָטענעם געווער. ווייס ער ניט וואָס בעסער צו באַנוצן—אַ קויל צו אַ גראַנאַט.

...אַז וואַטיק דערזעט פאר זיך דעם פּויער, האַלט ער זיך קוים איין פון אַ אויסגעשריי:

— אָט איצט, אַ הער?!...

— בלעטלעך זיינען נויטיק. וואָס איז?

ווילט זיך אים אַזוי אָנעמען דעם ביינערדיקן פּויערל מיט זיין טאָרבעלע אפן פּלייצע, מיט דער פארלייגטער אַף פאָרנט, ווי אַ קרייז, שטריק, אָנעמען אים אזוי פאר די לאַצן פון זיין העל-גראָער סערמיאַנקע און געבן אים אַ שטאַרקן טרייסל, עפּעס אזא, וואָס זאָל אויסטרייסלען פון אים זיין דאָרפיש-פּויערישע קאַלטקייט, זיין דאָרפיש-פּויערישע באַזאַכטע נאַיִווקייט.

וואַטיק באַשיט אים מיט אַלץ, וואָס געשעען איז:

— ס'איז דאָך אַלץ צוקלאַפּט.

מיט פּיוועס אַרעסט זיינען פאַרלאָרן אַלע וויכטיקע פאַרבינדונגען...

איז איצט בלעטלעך, איז איצט שפּאַרסטו אַ הער?!..

גלעט דער פּויער מיטן גאַנצן הויפן זיין ברוינביינערדיקן פּאָנים, אַף וועלכן ס'איז פאַרהאַרטעוועט זון, ווינט און שטויב:

— איז ווי, קוקן ווי כאָפּטעס לעגיאָנערן צינדן דערפער, זוכן אַפילע אין די קעשענעס באַלשעוויקעס און נעמען אַלץ צו?..

ווערט מאָדנע ענג פון אַלץ, ענג פון פּויער, וואָס שפּאַרט זיך מיט שטומער איינגעשפּאַרטקייט. פון געווער, וואָס איז אָנגעשאָטן אין ווינקל, ווי אין פּויערישע הייזלעך קאַרטאָפל:

— וווּ טוט מען זיך און דאָס אַלץ אַ הין, ווי שטעלט מען צוריק אוף די פאַרבינדונגען און דער איקער ווי מאַכט מען, קעדיי ס'זאָל זיך ווייטער אָנצינדן דער איבערגעריסענער קנויט: מיר, אָדער—זיי?...

האָבן זיך אזוי געדרייט אין אַ רונד אַרום, ווי טויבן באַם אויסגעשאָטענעם עסן, וואַטיקס פאַרלאַנגען. געדרייט און געפאַלן אַרום איין איינציקן וואָרט:

— פּיווע...

— — — — — — —

שטיל. אונטער צודעק פון נאַכט געשעעט וואָס. מענטשן מאָגערע, פלינקע שטעלן אין נאַכטשטילקייט לאַנגע, לייכטע טריט.

— אַ—אַ—אַ!—עטעמט שווער די נאַכט-שטילקייט.

אָט האָבן מענטשנשאָטנס דערגרייכט די קליינע, אין נאַכט פאַרזונקענע, פאַרזשמורעטע הייזלעך.

אַ לייכטער, אופרודערנדיקער קלאַפּן אין טיר און אַ ניט פאַרשטענדלעכער ברום:

— וואַטיק?!

— קום!

און קיינער ווייס ניט וווּהין און נאָך וואָס.

אין גאַסן און געסלעך האָבן באַלד געשפּילט שאָטנס אַזעלכע אַזוי גיך, און גיכער נאָך ווי אַ פינטל פון אַ אויג. גיך האָט זיך אויסגעליידיקט די בוידימדירע פון געווער און אָט ברומט שוין ווי פון שווערן שלאָף דאָס בייסוילעמוועלדל.

אַ וואָרט איז געפאַלן. אַ וואָרט, וואָס קיינער האָט גוט ניט געהערט, און שוין האָבן זיך בליקן ווילד געמישט מיט צוריסענע טעלעפאָנדראָטן, שטריקלייטער האָבן זיך געשלענגלט אַף גלאַטע שטיינערנע ווענט און פייערקוילן זיינען געפלויגן צו יענעם גרויסן, שטאַרק באַוואַכטן טפיסעמויער, וואָס ליגט ווי צוגאָסן אַף ברייטער זאמדיקער ערד...

— — — — — — —

מיר, אָדער—זיי...

...אַף גאַסן און געסלעך, ווי באַ זונאונטערגאַנג, שפּילט דער בלאַנק פון שווערדן. אָבער פּיווע איז שוין ניט בלויז פּיווע. וואַטיק-ניט וואַטיק, ביידע זיינען לייבלעכע, אייגענע קינדער פון פאַרקאַנספּירירטן אַרבעטערפּויערישן געזינדל...

י. ראַבין.

# אַף טאָטערשע בערג.

י. בראָנשטיינען—מיין כאַווער.

.1

יעדער טאָטערל הייסט דא—אבדול.
און קרים איז אַ טאָטערשע היים,
אַף בערג האָבן העל זיך געטוליעט
כאַטקעלעך ווייסע פון שטיין.

טאָג איז געלעכערט פון רעגנס—
קורצע ווי טאָטערשע קלאַטשעס,
צו בערג מיט געבראכענע וועגן
גייט יאַם—אַ דעמאָנסטראַציע.

.2

פון הארטע בערג פלינק און וואַרים—
ברוינע טאָטערקעס מיט שוואַרצע האָר...
וויסן זיי אַף רוסיש, נאָר „טאָוואַרישטש":
— קויף, „טאָוואַרישטש", פרישע מילך א קוואָרט.

קאָנען טאָטערקעס האַנדלען און פאַרקויפן
און באָרוועס לויפן איבער שטיינערדיקן פלאָנטער...
אינאָוונט וועט מען זיצן שפעטער אין די הויפן,
היינט איז פון „ליקבעז" אין דאָרף אַ יאָנטעוו.

.3

אינדערפרי גליטשט זיך רעגן אין בלאָטע,
שפעטער גליטשט זיך זון אַף אונזער קאַרק.
קליינע ווינטעלעך האָט מאַמע—ווינט צושאָטן,—
שטייט אַ בלוילעכער איצטער דער באַרג.

אַצינד איז זון פאַרוואַלגערט שוין צום שטומען,
אַ שויס אַ מילכיקן האט יאַם אַף גאַנצער געגנט...
דראַפעט זיך אין וועג אַ סטעזשקעלע אַ קרומע,
— עי, אַבדול, ווו פירן דאָ צום דאָרף די וועגן?

איז אַבדול אַ טאָטער, אזעלכענער ווי אלע:
אין וויִנטערהיטל און מיט בלויזער ברוסט,
גייט ער שנעל, מיר גייען נאָך און פאַלן.
נעמען קרימער בערג פון אונדז אַ גרוס.

און אַבדול דערציילט אונדז און דערציילט:
אין דארף צום יאָנטעוו איז נאָך היפשלעך פרי,
ס'וועט די זון באַלד ערגעץ פאלן אַף אַ פעלד,
וועט מען ערשט נאָך מעלקן גיין די קי.

.4

זון איז געפאַלן ווי דאַך אין אַ סרייפע,
צום יאָנטעוו איז גרייט שוין אין דאָרף די מוזיק,
היינט שטייט ניט דער רוף פון מולאַ איבער הויפן...
אין מעטשעט פון פאַרזאמלונג גייט קיינער צוריק.

אוועק זיינען וואָלקנס זיך טרינקען באם ברעג
און לעוואָנע הענגט נאָך, ווי אַ מעשענער גלעקל;
יאם קלייבט מיט פינגער זיין זילבערנעם וועג
און מעטשעט איז אַ ווייסער און איינזאַמער פלעק.

.5

אין אַלע הייזער—אלע טירן אָפן,
און אַלע קריגלעך פולינקע מיט מילך,
אַ טאָטערקע ט'געקרויזטן קאָפ פאַרוואָרפן:
— הארכאדאשא *), הארכאדאשא, גיכער און אַף גיך

מיט פלעשלעך מילך אין קערבל און אַף אקסל,
האָט זי געהאנדלט און פאַרקויפט אין נאסן אינדערפרי,
און איצט איז איר געדאַנק מיט יאָנטעוו דאָ פאַרוואַקסן,
און ס'וואַקסט אַף ברוסט אף וואַרימער—אַ קים!

.6

אין שטאָט איז טאָג א שטרענגער און אַ שטייפער,
באַהאַנגען מיט פאָרטפעלן און פאַרינגלט,
פאַבריקן וויגן זיך אין הייזעריקן פייפן,
קומט פאַרנאַכט—דערפילסטו עס איז פרילינג.

און דאָ טעג אזוינע לייכטע און פאַרטראַכטע
אַזויפיל נאַרישקייטן קריכן אָן און דראפען...
אַ גאנצן טאָג מע קען מיט זון דאָ לאַכן
און פלאַפלען וועגן לידער און וועגן „מאַפפ".

נאכט איז היינט מיט בלויקייט דאָ פאַרצויגן,
און ס'וואַקסט א פרייד באַ אלעמען, באַ יעדן,
מיין מאמע מוז איצט אלע יידענעס דערציילן:
זי האָט א זון, וואָס היילט זיך אין די „קרימער בעדער".

גייט לעוואָנע אום דאָרט מיט א בלאַסן שטערן,
אַי, איז היינט אַ וועלט, א נייע וועלט געוואָרן;
זיצן שכיינים, מינעסטאם, זיצן און זיי הערן:
יאָסל שוסטערס איז קיין קרים געפאָרן.

.9

קוקט גרינגע נאַכט אַריין דורך שמאָלע פענצטער,
לענין שמייכלט פון א צייטונג אַף די וועגט,
אף די קני אין ווינקלען זיצן אלע עלטסטע
און מולען גרויע בערדלעך אין די הענט.

שטייען מאמעס, וויגן אָן די קינדער,
פיאָנערן שלעפן מאמעס בא דער קלייד,
ס'איז שוין פרילינג, ס'איז אוועק דער ווינטער,—
און קיין רויטע טיכלעך אלץ זיי ניט געקויפט.

---

*) הארכאראשא—כאַווירים.

טיפֿער הימל פֿארוואקסן איז מיט שטערן,
דרעמלען אלטע בערג... אָט קולען זיי אין יאם,
זיינען טאָטערן איצט אנגעשפּיצט מיט הערן—
הערן ווי אין שטיבל הייסע ווערטער פֿאַלן.

.10

ריידן טאָטערן פֿאַמעלעך און געלאַסן:
ס'איז שווער באַ זיי אַף שטיינערדיקער ערד,
זיצט דער שעף אין מאָסקווע און האָט אָן זיי פֿאַרגעסן,
בויען זיי א שול—און האָבן ניט קיין געלט.

באַ יונגע טאָטערקעס די אויגן ווערן טיפֿער
און בראָנזע לייב באַ טאטערקעס איז הייס,
זיי קענען פֿריילעכע און הילכיקע שוין שטיפֿן
זיי ווייסן שוין פֿון אַלעף און פֿון בייס.

וועלן זיך באַלד אויגן אָנצינדן באַ פֿידלער
און ווינט וועט וואַרפֿן זיך די טענצער צו די פיס,
ענג אין שטוב... פֿאַלט מען אין די גאַסן מידע
און עס שמעקט מיט ערדזאַפּט און מיט פֿי.

---

ס'האָט נאַכט אַראָפּגעשלעפּט איר לעצטן שטיוול,
טשוכעט זיך א טאָג מיט ווייסן טראָט,
בלוי איז איצט דער יאַם און בלוי איז איצט דער הימל
און זון וואַרפֿט אָדערלעך פֿון ראָזן דראָט.

מענדל ליפּשיץ.

# ד ר יי.

אייניקלעך דריי
פֿון זיידעס פֿון ווילדע,
פֿון זיידעס צויאָגטע,
צוויגטע אף פֿריי...
געלעבט האבן
אייניקלעך דריי
אף וואלגע—
אף מאמעניו—וואלגע.

— — — — — — — — —

און קליין איז דער טאָג, און גרויס איז די נאכט,
און קליין איז דאס שטיבל מיט ברעטערנעם דאך.

און קינדערלעך וואַקסן, און ענג ווערט די ערד,
און הענט זיינען קרעפטיק, און ס'ציט צו א שווערד..

און אַז הענט זיינען קרעפטיק, און הארץ איז פֿאַרשייט,—
איז וואס איז פאר יונגען אין סרייפֿעס די ווייט?

איז וואס זשע איז ציטער פֿאר דרייען אַזוינע?
באַשטימט אַלע דריי האָבן גיין אפֿן סוינע.

גיין אַפֿן סוינע פֿאַר פֿעלד און פֿאַר וואַלד
פֿאַר לאָנקע, פֿאַר פּאַשע, פֿאַר אַלץ און פֿאַר אַלץ...

— — — — — — — — —

און אַז שטיל האָט אַף דערפֿל צוליגט זיך אַ נאַכט,
האָבן דריי זיך געזעגנט מיט ברעטערנעם דאַך.

האָט גראָינקער טאַטע אַף שטויבּיקע וועגן—
האָט אַלטינקער טאַטע מיט דריי זיך געזעגנט:
אָי, אַ שאָד, אַ שאָד, וואָס איך בין איצט אַן אַלטער,
אַ שאָד, אַ שאָד, וואָס גרוי איז איצט מיין טאָג—

איך וואָלט נאָך אויך, איך וואָלט נאָך אויך אַ שאַל טאָן,
איך וואָלט נאָך אויך געגעבן אַזאַ יאָג!...

— — — — — — — — — — — — — — —

און ווען שטיל האָט געדרימלט די וואָלגע באַם ברעג,
זיינען דרייען געגאַנגען אַף זאמדיקן וועג.

און אַז וואַלד האָט געהילט זיך אין טונקעלן שאָטן,
האָבן דרייען נאָך שטרענגער, נאָך האַרטער געטראטן.

נאָר אַז פֿרי האָט מיט קופער צופלאַמט האריזאָנט,
זיינען דרייען געווען שוין אַף פֿלאַמיקן פֿראָנט.

האבן פֿערדישע טלאען פֿאַרהילכט דאָ אַ קנאַלן...
איז דער עלטסטער אוועק, איז דער עלטסטער געפֿאַלן.

האָט שלאַכט זיך צושפּרייט דאָ נאָך ברייטער און ברייטער...
איז אַוועק, איז געפֿאַלן דער ברודער דער צווייטער.

פֿאַרוואָס האָסטו ווינטל צוויינט זיך אין פֿינצטער?
קנאַל האָט פאַרשניטן דעם קאָפּ פֿונם יונגסטן.

קאָפּ פונם יונגסטן מיט פֿלאַקסענע האָר—
דעם יונגסטן, דעם שענסטן, דעם בלויסטן—יעגאָר.

— — — — — — — — — — — — — — —

אייניקלעך דריי
פֿון זיידעס—פֿון ווילדע,
פֿון זיידעס צויאגטע,
צוויגטע אַף פֿריי...
געלעבט האבן
אייניקלעך דריי
אַף וואָלגע—
אַף מאַמעניו-וואָלגע.

צ. דאָלגאָפּאָלסקי.

# באַ געעפּנטע טויערן*).

(קאַפּיטלען פֿון אַ ראָמאַן).

מאָביליזאַציעס.

די לעצטע צוויי טעג זיינען געשטאַנע פֿייכטע און ווינטיקע. דער רעגן און דער ווינט האָט דעם שניי אראָפּגעטריבן. ווי זולאָקעס האָבן זיך ווידער באַוויזן נאַקעטע און גליטשיקע די שטיינער פֿון ברוק.

דער ברודערקייוער האָט זיך צוגעטוליעט צום פֿאַרקאַנדל. די קרענץ און די בענדער האָבן זיך איינגעגראָבן אין דעם פֿייכטן באָדן. די קוואָרימבערגלעך זיינען אַראָפּגעשווומען און פֿאַרלאָזן זייער בייסאַלמענדיקן אויסזעען.

דער מארק און די וועגן, וואָס פירן צו אים, זיינען געשטאַנען פֿאַרטרונקענע און פֿאַרברודיקטע פון דעם צוגאַנגענעם שניי. אָפּגעשניטן איז די שטאָט געווען פֿון דער אַרומיקער וועלט און פֿון דעם אומגעגנט. קיין איין פור האָט זיך ניט באַוויזן, קיין איין נייער פֿאַרשוין.

די פֿאַסאַזשירצוגן פֿאַרשפּעטיקן שוין דעם צווייטן מעסלעס, די פורלייט פֿאָרן אָן אַלע מאָל פון באַנסטאַנציע פֿריילעכע און האָפּערדיקע.

— פֿאַרשפּעטיקט נאָך אף אַכט שאָ, אַלעוואַי קומט ער אָן, דער צוג, פֿאַרטאָג, מען קען גיין שלאָפן.

אין קאָמווירט איז היינט געווען א טאָג אַ שווערער. די פורן, וואָס האָבן געדאַרפֿט ברענגען האָלץ פון דעם דערבאַיקן דאָרף, זיינען אין דערליידיק געקומען.

— דאָס טייכל האָט זיך פֿאַנאַנדערגעגאָסן—ניט אַף שליטן, ניט אַף רעדער. די פערד זיינען געגאַנגען אריבערן בויך אין וואַסער.

— קיין טערעץ ניט, כאַווײרים, איז ייסראָעל אַרויס צו די פורלייט: דער שפּיטאָל איז אָן האָלץ געבליבן, ניטאָ מיט וואָס אַפילע וואַסער אופקאָכן.

— מען רעט מיט דיר, ייסראָעל, קלאָרע רייד, ניטאָ דאָ וואָס צו בייסן דעם פיטעם, מיר וועלן אונדזערע פֿערד ניט פֿאַטערן, מיר האבן אינדערהיים אַ ווייב מיט קינדער,—איז מאָשע דער באַלעגאָלע דער ערשטער אַרויס—כעוורע, אַ היים פֿאָרט.

— איר באקומט פֿאַר יעדער וואָגן האלץ אַ האלבן פוד זאַלץ, האָט ייסראָעל רויק פֿאָרגעלייגט, שוין קערט זיך אום.

די פורלייט האבן זיך איבערגעקוקט.

— דאָס וועט קאָסטן א פוד, האָט מאָשע זיך גענומען פעסטער אַרומגאַרטלען.

— פֿאַר יעדער קוב האָלץ באקומט איר דריי פוד זאלץ. איצט איז—אָדער פֿ אָ ר ט שוין אַ ר וי ס, אדער אַרויס. און איז צו זיך אין קאַבינעט אַריין, האַסטיק פֿאַרמאַכנדיק הינטער זיך די טיר.

— מיר פֿאָרן, האָט מאָשע מיט דעם בייטששטעקל אין טיר אָנגעקלאַפּט.

— כאַווײרים, מאַרודיעט ניט, איז ייִסראָעל אַרויס צו די באַלעגאָלעס. איר מוזט צו דערנאַכט צוריק קומען.

פֿון קאָמווירט האָט זיך יִסראָעל אומגעקערט שוין פֿאַרנאַכטלעך. ער איז געווען אוּפֿגעלייגט, ערשטנס, וואָס האלץ וועט זיין און, צווייטנס, האט ער היינט דעם פּאַיאָק באַקומען—אַ פֿאַראַנטוואָרטלעכן, דאָס ווייב האט אים פון פֿענצטער דערזען און מיט אַ באהאלטענער פֿרייד אים די טיר אָפּגעעפֿנט.

— צוקער אויך? האָט זי געפֿרעגט.

— האָניק, דאכט זיך.

דאָס ווייב האָט צוגעגרייט אַ פרישע און אַ זאַטע וועטשערע, האט מיט מאַטאָנעס איינגעטיילט אויך די באַלעבאָסטע פון שטוב, וועלכע האָט שטיל, פֿאַרבאָרגענערהייט מיט איר אלטינקן געהונגערט.

די באַלעבאָסטע, אַ זעכציקיאָריקע יידענע, אין אַן אטלאַסענעם פּאַס איז אַריין אָפּדאַנקען פֿאַר די גוטע זאַכן.

— א דאַנק אייך, קינדערלעך, ווייסט איר, אף וועמען עס איז איצט אַ צאַרבעלעכאַים, אַף די פֿויגלען, אף די וואָראָנעס. א מענטש קען זיך אַלעמאָל אַן אייצע געבן, אָבער די פֿויגלען, אלע אינדערפֿרי, ווי בא גאָט איז אַ טאָג, וואַרטן זיי אף מיר: ווער פֿון זיי היט מיך אפֿן פלויט, און ווער אפֿן דאך און ווער אַפֿן טויער, אז איך גיי ארויס מיטן צעבער—ווערט א סימכע אַ גאַנצע, מע הויבט אָן צו פּאַטשן מיט די פליגלען. איך גיס אויס דעם צעבער—זיי קלייבן זיך אלע אַרום, זיי זוכן און זוכן... זוך היינט זוך מאָרגן—אַז א שאָלעכץ פון אַ בולבע איז איצט אַ טייערע מעציִע... שאבעס שירע פֿלעג איך די פֿויגלען אַ טאָפּ קאַשע אָנקאָכן...מאלע וואס...

אין טיר האט זיך באַוויזן דער אלטער אליין אין זיין פּייענער היטל און אין זיין שוואַרצן שאבעסדיקן סורדוק, וועלכער האָט זיך שטאַרק אָפּגעטראָגן און האָט אינגאַנצן פֿאַרלאָרן זיין יאָנטעוודיקן אויסזעען.

— דו׳סט פֿאַרגעסן, אז דער וואַקס איז אין אויוון. דער אויוון איז גליט.

— אי, ער איז דאָך געגרעכט, דער אלטער—צייט וועלגערן די כאַנעקעליכטלעך. מאָרגן איז די ערשטע ליכטל.

— זי זאָגט ייסראָעלן, אים ליגט אין קאָפּ די ליכטלעך דיינע, כע-כע...

די אַלטע זיינען בײדע פון צימער אַרויס און האָבן זיך אַפֿן שטול באַגעגנט מיט מאָנדיק וואַפּנע, אַ יונגן אַרבעטער, אַ האלבן אנאַלפֿאַבעטניק, וועלכער איז געוואָרן באַוווּסט מיט

*) זע „שטערן“ נומ. 1 און 2.

זיינע שפּיצלעך אַף די ערשטע ציִעניסטישע גענעראַלאַרויסטרעטונגען, מיט זיינע ווערטלעך.

— איך בין געקומען נאָך אייך. אָנגעקומען אַ טעלעגראַמע—25 כאַווײרים פֿון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען פֿאָדערט מען. מען וועט דאַרפֿן גיין אַפֿן פּראָנט, כאַווער ייִסראָעל.

אין אַ שאָ אַרום האָט ייִסראָעלס ווייב אופגעעפנט אַ טעלעגראַמע פֿון צ.ק. פֿון בונד:

„מאָבּיליזירן אַפֿן רויטן פּראָנט 12 כאַווײרים. אינסטרוקציעס ווערן אַרויסגעשיקט״.

איבערלאָזנדיק דאָס קינד מיט דער באַלעבאָסטע, איז זי אײלנדיק אַוועק מיט דער טעלעגראַמע אין קלוב. דאָרטן האָבּן זיך שוין געפֿונען עטלעכע צענדליק כאַווײרים, וועלכע האָבּן לעבּהאַפֿט געשמועסט וועגן דער מאָבּיליזאַציע. די טעלעגראַמע האָט מען באַגעגנט מיט באַגייסטערונג. עס האָבּן זיך אַרויסגערופֿן באַ אַ צענדליק פֿרייוויליקע, און די שטימונג באַ כעוורע איז געווען אַ צאַפּלדיקע און אַ מונטערע.

— „איך גיי, כאַנקע, פֿון בונד״, האָט מאָנדיק אַ זעץ געטאָן איבּערן פּלייצע די „באַלעבאָסטע״ פֿון קלוב, וועלכע איז דעם אָונט באַזונדער צוטראָגן געווען.

אַפֿן ווּאַנט איז שוין געהאַנגען אַ מעלדונג: מאָרגן 8 אָוונט, אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פֿון „בונד״. טאָגאָרדענונג: אויסטיילן 12 כאַווײרים אַפֿן פּראָנט, באַזאָרגן און אַיינאָרדענען די מאָבּיליזירטע.

אַ היים איז ייִסראָעל געגאַנגען שפּעט באַנאַכט. עס האָט אָנגעהויבּן אונטערפּרירן און אין פּאָנים האָט געשמיסן אַ טרוקענער שניי. אַפֿן ראָג האָט ער באַגעגנט גלאָנצן.

— אונדזער אָרגאַניזאַציע גיט אויך 30 כאַווײרים... מען דאַרף גיין אַפֿן פּראָנט, און איר ייִסראָעל?

דער שניי האָט געשאָטן אַ גאַנצע נאַכט — איז געוואָרן ליכטיקער אין די אויגן. אין שטאָט האָט מען שוין גערעט וועגן די מאָבּיליזאַציעס. באַ דער קאָמיסאַריכע אין שטוב האָבּן זיך געפֿונען יונגע קרעמער און הענדלער און האָבּן געריבּן די הענט פאַר פרייד, שטייענדיק אין וואָליקעס באַם הרובע.

— גלאָנצן האָט מען אויך מאָבּיליזירט.

— מען האָט אַריינגענומען אין דער אַרבּעט אויך די בונדאָווצעס.

— און איך וואָלט זיך פוילן אין אַזא קעלט גיין אַפֿן פּראָנט... קאַלט, עס טרייסלט.

די קאָמיסאַריכע האָט באַוויזן מיטן פֿינגער אַף דער טיר פֿון אַ צימער.

— אַייער שאָכן איז אַוועק... אים מאָבּיליזירט מען אויך?

— ווערט אַנטשוויגן, ספּעקולאַנטן, האָט די קאָמיסאַריכע געזאָגט: איר זייט ניט ווערט, וואָס די ערד טראָגט אייך אום. שטייען אין וואָליקעס אַרומגעוואַקסענע, אָפּגעלאָזענע באַם הרובע, מיִעסער לעבּן אייך.

די פּריזיוושטימונג האָט אַרומגעכאַפּט די גאַנצע שטאָט. פאַרהאָרעוועטע, האַלבּהונגעריקע מאַמעס האָבּן אין דער שטיל, ביִגנייווע פֿון די קינדער, טרערן געגאָסן. מען האָט זיך געשטעלט אין מולטער פֿאַרן זון וועש אויסוואַשן, אַף די אויגן שפּאַקולן אָנגעטאָן, אַריינצויגן אַ פֿאָדים דורכן אויערל פֿון נאָדל און זאָקן, פֿאַרצירעוועט און קאַפּטלעך געלאַטעט...

די מאָבּיליזירטע כעוורע האָבּן געמאַכט פֿריילעכע פּענימער און האָבּן זיך אין דערזעלבּער צייט געקלעפּט צו זייערע קאַלעס.

אין „בונד״ האָט מען זיך דערמאָנט אַף די אַמאָליקע ליאַמעס — האָבּן עלטערע בונדאָווקעס צוזאמען מיט כאַנקען באַם בופֿעט פֿון קלוב אַן אָוונט געפּלאַנעוועט.

אין וואַרשטאַט באַ די שניידער איז געגאַנגען אַ לעבּהאַפּטיקע אַרבּעט. דאָדל האָט אונטערגעאַיילט דעם אוילעם.

— כאַווײרים, צו מאָרגן מוזן פאַרטיק ווערן די פּעלצלעך.

— סיידן אַרבּעטן דורכן נאַכט.

— דורכן נאַכט. מיר, כאַווײרים, זיינען אויך מאָבּיליזירטע, מיר זיינען סאָלדאַטן.

— און קעראָסין?

— מען ברענגט באַלד קעראָסין און לאָמפּן.

אין שטאָט האָבּן זיך געפֿונען כאַווײרים, וואָס האָבּן זיך פֿון די פּראָנטן אומגעקערט נידערגעשלאָגענע און איינגעמאַטערטע, זיי האָבּן דערציילט: טיפֿוס, הונגער, און כאַפּט זיך אַריין אַ ייִד אין געפענגעניש, איז אומפאַרמיידלעכער טויט, נאָר קיינער פֿון די יונגע אַרבּעטער האָבּן ניט געוואָלט טראַכטן וועגן דעם. אַלע האָבּן זיך צו דער צייט אין קאָמיסאַריאַט געמאָלדן. אייניקע כאַווײרים האָבּן באַוויזן צו קומען אַף דער פאַרזאַמלונג מיט א רעוואָלווער אין קעשענע.

מאָנדיק איז געקומען אַף דער פאַרזאַמלונג איינער פֿון די ערשטע. ער האָט אין טיר פֿון קלוב געמאַכט אַ ציל מיט אַ קויל, אָפּגעציילט פֿון טיר צוועלף טריט און אויסגעשריען:

— כעוורע, היט זיך, איך שיס.

די קויל איז געבּליבּן שטעקן אין צענטער פֿון קרייז. אין נאָז האָט געקיצלט אַ פֿעטער פולווערוויעך.

די פֿאַרזאַמלונג האָט געעפנט ייִסראָעל. עס האָט זיך געוואָרפֿן אין די אויגן אַ גרויסע צאָל כאַוועריטעס און גאָר ווייניק כאַווײרים. מאָנדיק האָט ניט אויסגעהאַלטן און פֿון אָרט באַמערקט.

-- כעוורע ליגט אַפֿן אויוון.

די פאַרזאַמלונג האָט זיך פֿאַנאַנדערגעלאַכט, נאָר ייִסראָעל האָט געמאַכט אַן ערנסט פּאָנים און האָט געזאָגט:

— איר האָט פאַרגעסן, כאַווײרים, אַז די שניידער אַרבּעטן, קאָנען זיי אַף דער פֿאַרזאמלונג ניט זיין.

— כאַווער ייִסראָעל, ניטאָ זיך וואָס צו שעמען, כוץ די שניידער זיינען אויך דאָ גענוג כאַווײרים, וואָס זיינען ניט קראַנק צו קומען אַף היינטיקער פאַרזאמלונג.

די שטימונג האָט זיך אָבּער מיט אַ מאָל אופֿגעהויבּן, אַז אייגער נאָכן אַנדערן האָבּן זיך גענומען מעלדן פֿרייוויליקע יונגע אַרבּעטער, וואָס זייער צאָל האָט אַריבּערגעשטיגט 12.

— פֿאַרשרייבּט.

— איך גיי.

— מאָנדיק וואַפנע איז ניט קראַנק צו גיין אַפֿן פּראָנט, פאַרשרייבּט.

— זאָלן לעבן די פרייוויליקע האָט אויסגעשריען דער „זיידע“, דער עלטסטער פון די פאַרזאַמלטע, וועלכער איז אין פרעזידיום געזעסן: איך האָב פון אייך נאַכעס, כעוורע.

— כאַוויירים, האָט יִסראָעל שליסנדיק די פאַרזאַמלונג געזאָגט: די קאָמיסיע, וואָס איר אַליין האָט אויסגעקליבן, וועט באַשטימען ווער פון די פרייוויליקע זאָלן גיין אַפן פראָנט און ווער עס זאָל זאָל בלייבן אַף אַרבעט אין שטאָט... אונדזער אָרגאַניזאַציע איז געוואָרן קלענער, נאָר זי איז דערפאַר געוואָרן קרעפטיקער און ריינער און רעוואָלוציאָנערער, זאָלן לעבן די מאָביליזירטע בונדיסטן און דער נאָענטער זיג אַף אונדזערע פראָנטן.

ווי דאָס איז פארגעקומען.

גלאנק איז געלעגן באַ זיך אין צימער. ער האָט זיך געפילט שטאַרק איינגעמאַטערט און איינזאַם. אין קאָפ האָט געשווינדלט און אים איז געווען שווער פון בעט זיך אופצוהויבן. ער האָט זיך געטוליעט אין דער בייקענער קאָלדרע און געפרווט נאָך איינשלאָפן.

פון די מאָבילירטע קאָמוניסטן זיינען נאָר עטלעכע כאַוויירים אין שטאָט געבליבן. די איבעריקע זיינען זיך צופאָרן איבער די אַרומיקע דערפער, צו די עלטערן אַהיים. גלאָנצס פאַרטייכאַווירים זיינען געווען קינדער פון פויערים, וועלכע זיינען נאָך מיט הונדערטער פעדים פאַרבונדן געווען מיט דעם אייגענעם דאָרף.

אויך פיאָטר איז אַוועקגעפאָרן צו זיך אין דאָרף, אין לעסאָרובאָווקע. ער קומט אין צוויי טעג אַרום צוריק.

גלאנק דערמאָנט זיך אָן לעסאָרובאָווקע. און אַ וואַרעמער געפיל רופט אַרויס באַ אים דאָס דאָרף. ער טאַפּט די ווונד אין קאָפ זי פאַרהיילט זיך שוין.

ווער איז שולדיִק, וואָס ער איז לעבן געבליִבן? פיאָטערס שוועסטער, די דאָרפישע זיבצניאָריקע שורע, זי האָט אים אייגנטלעך פון טויט געראַטעוועט.

מיט אַלע איינצלהייטן דערמאָנט ער זיך, ווי דאָס איז פאָרגעקומען.

די באַנדיטן זיינען אַריין אין דאָרף פאַרטאָג. מען האָט שוין געאַרבעט אין די שייערן. אים, גלאָנצן, האט מען קוים פאַנאַנדערגעטרייסלט. נעבן בעט איז געשטאַנען שורע:

— פלינקער ... באַנדיטן אין דאָרף. דערהאַרגעט דעם פאָרזיצער. וואַרקינען דערהאַרגעט.

מעיאַשעוו זיין זיך לאַנג האָט מען ניט געטאָרט. פיאָטר האָט זיך פלינק פון שטוב ארויסגעמאכט. אים, פיאָטערן, וועלן זיי ניט פאַקן.

און גלאָנק, וואָס טוט מען מיט גלאָנצן? צום שאָכן וועלן די באַנדיטן ניט גיין, נאָר דער שאָכן איז אַליין באַנדיטיש געשטימט. אין שייער — ניט זיכער. אין אַלטן קלויסטערל — אויך ניט.

האָט זיך שורע פון וועבשטול אופגעהויבן און איז צו גלאנצן צוגעגאַנגען:

— צום טאַטן אין שייער טויג ניט. זיי וועלן קומען זוכן... איך האָב אַ גוטן אָרט. קום מיט מיר. פלינקער, דורכן גאָרטן, אין שול, צום לערער. אַהינצו וועלן זיי ניט גיין. די שולטיִר איז פאַרשפאַרט, נאָר איך קען זי עפענען פון דרויסן.

זי האָט גענומען מיט זיך דעם מעסער פון קיִך. אַ שטיק בריט פאַר אולאַנען, דעם לערערס הונט; גלאָנק האָט אָנגעטאַפּט אין קעשענע דעם נאַגאַן — אוןביידע זיינען זיי פון שטוב אַרויס, זוכנדיק און טאַפנדיק אין דער געדיכטער, פאַרטאָגיִקער פינצטערניש דאָס וועגעלע צום לערער.

—וויז די האַנט, דו וועסט דאָ אין פוניע ניט דורכגיין אָן מיר ... איך וועל דיך אַריינלאָזן אין שול און דו פאַרשפאַר זיך. און טאָמער וועלן זיי קומען זוכן צום לערער, וועלן זיי גיין צו אים אַהיים, זאָלסטו זיך פון טיר ארויסמאכן און מיט דעמזעלבן וועג צו אונדז.

דער הונט האָט זיך בייז און הילכיק צובילט.

— אולאַן, אולאַן, האָט שטיל באַרויִקט שורע דעם הונט, און האָט אים דעם שטיק ברויט דערלאַנגט.

זי האָט מיטן מעסער שנעל די שולטיר געעפנט, אריינגעשטופּט גלאָנצן אין שול און האָט זיך צוריק מיטן גאָרטן אַהיים אומגעקערט.

גלאָנק איז ניט לאַנג געשטאַנען באַם פענצטער פון שול. ער האָט דערהערט טריט פון רייטער. זיי דערנעענטערן זיך. אָפּגעשטעלט זיך נעבן שול. צוויי רייטער מיט ביקסן איבער די פלייצעס. איין פערד מיט אַ ווייסער לאַטע אַפן האַלדז. דאָס איז וואַרקינס פערד. איז וואַרקין טאַקע דערהארגעט ...

גלאָנק האָט אַרויסגענומען פון קעשענע דעם רעוואָלווער און איז צום טיר צוגעגאַנגען. אולאַן האָט בייז גענומען בילן. ערגעץ האָט א טיר אַ סקריפּע געטאָן.

— איך זאָג דיר, אז דאָ איז פאַראַנען ווער, האָט גלאָנק דערהערט.

ביידע זיינען זיי אראָפּ פון די פערד. איין רייטער איז צוגעגאַנגען צום שולטיר און האָט שטאַרק איר אַ צי געטאָן—פאַרשפּאַרט.

– שטעל זיִך דאָ לעבן טיר, האָט ער געזאָגט, און איך וועל איבערן סאָד צום לערער גיין. היט דעם ארויסגאנג—דאָ מוז ווער זיין. דער הונט בילט ניט אומזיִסט.

נאָר גלאנק האָט שוין באשלאָסן וואָס צו טאָן. אריינגענומען אין דער רעכטער האַנט זיין נאַגאַן, איז ער אַף די שפּיץ פינגער צום טיִר צוגעגאַנגען. פאַרזיכטיק די קליאמקע אופגעהויבן, האַסטיק די טיר אַן עפן געטאָן, דריי מאָל אויסגעשאָסן.

דער מענטש אין גראָען אָנגעטאָן איז געפאַלן אַן אונטערגעשניטענער. גלאנק האָט זיִך שנעל אַפן זאָטל אַרופגעכאַפּט דעם צווייטן פערד פארן צוים פאַרכאפּט און האָט זיִך האַסטיִק פון שולהויף געלאָזן.

– איוואַנטשענקאָ, איוואַנטשענקאָ, האָט גלאָנק דערהערט פון סאָד. באלד האָט עפעס גלאנצן אַ פייער געטאָן הינטערן אויער. ער האָט געכאַפּט זיִך פאַרן אָרט מיטן האַנט—פייכט, נאָר גלאָנק האָט נאָך שטאַרקער זיין פערד געטריבן. די קוילן, וואָס האָבן אים

באַגלייט, זיינען אַלץ ווייטער געוואָרן. „דערקלייבן זיך ביזן הוטע״, האָט געבליצט אים אין מויעך.

צווישן לעסאָרובאָווקע און דער הוטע האָט זיך פוןביידע זייטן וועג געצויגן אַן אַלטער וואַלד. דער וועג איז ניט קיין לאַנגער, פינף וויאָרסט אינגאנצן, נאָר אַ געפּערלעכער, וואָס אַ קוסט-דאָס אַ באַנדיט, וואָס אַ בוים-דאָס אַ סוינע. האָט ער נאָך שטאַרקער, נאָך אַקשאָנעסדיקער די פּערד געטריבן... עס האָבן זיך שוין דערזעען פון ווייטן פייערלעך פון ארבעטערשטעטל.

ער איז צום פּאבריק צוגעפאָרן, אַראָפּגעשפרונגען פון פערד אין קאָפּ האָט אָנגעהויבן שווינדלען, אין די אויגן-געוואָרן פינצטער.

אַז ער איז צו זיך געקומען, האָט ער נעבן זיך דערזעען אַ גרופּע ארבעטער און דעם פאַבריקדאָקטער.

— דער שאַרבן איז גאַנץ. אַ ווונד אַ גרינגע. אַ גליטש געטאָן זיך האָט די קויל און האָט האָר און הויט פאַרכאַפּט—האָט דער דאקטער דערקלערט.

אַז גלאָנץ איז מיט אַ גרופּע גוט באַוואָפנטע אַרבעטער צוריק אין לעסאָרובאָווקע געקומען, איז שוין געווען גרויסער טאָג. דאָס דאָרף האָט זיך גיך אָריענטירט אין דער געשאַפענער לאַגע. גלאָנצן האָבן זיי באגעגנט, ווי אַ העלד. דעם דערהאַרגעטן באַנדיט האָט שוין גלאָנץ אין דאָרף ניט געטראָפן. די באַנדיטן האָבן אים מיט זיך צוגענומען.

וואַרקינס פערד האָט גאַיוועדיק געשאָקלט מיטן קאָפּ און געהירזשעט. לעבן אים איז געשטאַנען דאָס פערד פון דעם דערהאַרגעטן באַנדיט. די פויערים—לעבן די פּערד אַנציקטע, האָבן מיט גרויס דערעכערעץ באַגריסט זיך מיט גלאָנצן, וועלכער האָט זיך אויסגעטיילט מיט זיין פּריש פאַרבינטעוועטן קאָפּ.

עס איז אין דאָרף אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ מיטינג. פויערים האָבן זיך לאַנגזאַם און שטיל געקליבן צום אָרט, ווו די דערהאַרגעטע זיינען געלעגן. באַלד האָט מען צוגעפירט שליטנס דריי. אין זיי האָט מען אַוועקגעלייגט די דערהאַרגעטע.

פאַרן אַוועקפאָר איז גלאָנץ אריין צו פּיאָטערן אַ היים, ער האָט געטראָפן דאָרט שורען. דערזעענדיק גלאָנצן, האָט זי די אויגן אראָפּגעלאָזן און איז שטאַרק רויט געוואָרן.

— זיי געזונט, כאַוועך, איז גלאָנץ צו שורען צוגעגאַנגען.

— זיי האָבן געוואָלט שיסן דעם לערער. זיי האָבן געמיינט, אַז ער האָט דיך אין שול אריינגעלאָזן. נאָר איין באַנדיט האָט זיך איינגעשטעלט פאַר אים—זיינער אַ טאַלמיד.

— איינער פון אונדז האָט געמוזט דערהאַרגעט ווערן, האָט גלאָנץ געזאָגט.

עס איז אריין מאַריע. שורעס מוטער, דערזעענדיק גלאָנצן, האָט זי זיך איבערגעציילעמט און איז אַ בייזע און אַ דערשראָקענע פון צימער אַרויס. גלאָנץ האָט זיך דערפילט ניט באַקוועם, נאָר שורע האָט פלוצלונג געמאָלדן:

— איכ'ל גיין מיט דיר צו דער לעוואיע, דאָרט, ווו די דערהאַרגעטע...

זיי זיינען ביידע פון שטוב ארויס. אין פירהויז האָט גלאָנץ נאָכאַמאָל באַגעגנט מאַריען.

— אַ גוטן טאָג, האָט ער מאריען די האַנט דערלאַנגט.

מאריע האָט שווייגנדיק און איילנדיק מיטן פאַרטעך די האַנט אויסגעווישט און האָט גלאָנצן איר האַנט געגעבן.

אַז די פּראָצעסיע האָט זיך פון אָרט גערירט, האָבן זיך ווייבער און פויערים ציילעמען גענומען. אַן אַלטע גאָיע האָט זיך צויאָמערט. די גאַנצע פויערשע מאַסע איז געשטאַנען ווי צוגעשמיטע און געוואַרט ביז די פורן וועלן פון דאָרף ארויס.

גלאָנץ איז געזעסן די פּיס אַראָפּגעהאַנגען מיטן רוקן צום פערד און מיטן פּאָנים צום דאָרף. אָט שטייט זי, שורע, צווישן די פויערים און לאָזט פון אים דאָס אויג ניט אַראָפּ, און וואַרט און וואַרט, ביז די שליטן וועלן הינטערן וועלדל פאַרשווינדן.

די לעצטע ליאמע.

מען האָט האַסטיק אָנגעקלאַפּט אין טיר.

— ארײַן, האָט גלאָנץ געענטפערט.

אין צימער איז אריינגעגאַנגען כאַנקע. אַ צוהיצטע פון גיכן גאַנג און פון פּראָסט, אין אַ וואָלוועלער באַראשקענער היטל אפן קאָפּ און אין אַ קורצן פויערשן פעלצל. וועלכער איז ענג און קינדיש געלעגן אַף איר.

גלאָנץ האָט פעסט אין זיין האַנט איר קאַלטע האַנט אַריינגענומען.

— איך בין געקומען-איר ווייסט נאָך וואָס?

— באַ אונדז כאַווירים דוצן זיך.

— באַ אונדז אויך.

— און איך מעג?

— קיינער פאַרווערט אייך ניט... באַ אונדז איז אַן אָוונט.

— אַ ליאַמע?

— אייך פאסט ניט?

— מיט כאַנקען, פאַרוואָס ניט.

— נאָר אָן איראַניעס.

— מען מעג ברענגען מיט זיך גאָים?

— מאַכט זיך ניט נאַריש.

— מען מעג קומען מיט גאָים?

— איך בעט אָן איראָניעס...

— אָט איז אַ פאַרברענטע בונדאָווקע.

— מיר שטייט אָן... זאָלט איר קומען.

— ווען קומען?

— מאָרגן 9 אָוונט.

— מיט כאַווירים?

— קומט מיט כאַווירים, גלאָנץ, דאָס זיינען באַ אייך פאַראַנען אַנטיסעמיטן, אין „בונד״ זיינען קיין אַנטיסעמיטן ניטאָ.

— גוט געזאָגט, כאַנקע... ווו האָט איר אַזאַ פיינעם פעלצל גענומען?

— נו-נו... איך האָב דאָס פיינט... איר זייט שוין גרייט צום פאָרן?

— קיין וועש ניטאָ נאָך.

— און לייוונט האָט איר?

— פאַראַן.

— ווייזט אַ הער. איר דאַרפט העמדער און אונטערהויזנס? מיר נייען פאר אונדזערע אויך... האָט קיין מוירע ניט, אייערע וועש וועלן מיר נייען באַזונדער.

— נאָר אָן איראָניעס.

— אַהאַ! איר ווילט אויך ניט ליידן. נו, און פאר אַוועקגאַנג, ווייזט, גלאָנק, וועל איך דעם הענגער פון פעלץ צונייען... וואַלגערט זיך. אין העמדל אויך קיין קנעפלעך ניטאָ. גיט אַ קנעפל... איך האָב דאָס פיינט, האָב איך אייך געזאָגט, גלאָנק!

ביידע האָבן זיך צולאַכט. כאַנקע האָט מיט די ווייסע, שאַרפע ציינדלעך אַ פאָדים אָפּגעביסן און האָט אף גלאָנצן אַ קנעפל איינגענייט.

— אַ דאַנק. אונדזער אָרגאַניזאַציע, כאַנקע, דאַרף האָבן כאָטש 5–6 כאַנקעס.

— אַ גוטן טאָג.

— איילט ניט. איך מיין ערנסט. אין אונדזער אָרגאַניזאַציע זיינען דאָ אינגאַנצן 5 פרויען, איז איינע פון זיי אַ טשעקיסטקע און איז אָנגעטאָן אין מאַנסבילשע קליידער... ערנסט, כאנקע, קומט צו גיין און פילט אויס אַן אַנקעטע.

כאנקע האָט ניט געענטפערט. זי האָט פאַרנומען דעם פעקל וועשצייג און, האַלטנדיק זיך פאַרן הענטל פון ט״ר, האָט זי נאָכאַמאָל דערמאָנט:

— איר קענט קומען מיט 5—6 כאַווירים. זיי וועלן זיין גוטע געסט.

אין גאַס האָט כאַנקע באַגעגנט ייִסראָעלן. ער האָט געהאלטן אין האַנט אַן אופגעעפנטן בריוו און אַ מעוווּלוועלער אים געלייענט. כאנקע האָט זיך באַגריסט די ערשטע. ייִסראָעל האָט אַף זיין פאָנים אַ קאַרגן שמייכל ארויסגערופן. מיטן קאָפּ פריינטלעך געענטפערט און, ניט אָפּשטעלנדיק זיך, איז ער פאַרבייגעגאַנגען מיטן אָפענעם בריוו אין די הענט.

ער האָט באַקומען אַ בריוו פון מיכקען, פון מאָסקווע. די ערשטע פראַזע איז געווען אזאַ. כאַווער ייִסראָעל, איך בין אַרויס פון „בונד"... איך רוף דיך „כאַווער", ווייל איך ווייס, אַז דו וועסט גאָר אינגיכן טאָן דאָסזעלבע. אָדער מיר אַרבעטן פאַר דער רעוואָלוציע, דאַרפן מיר דאַן אויך אין דער פארטיי אריין, אָדער מיר זיינען קאָנטררעוואָלוציאָנערן, אָדער מיר ווערן פאָליטישע מייסים...

ייִסראָעל האָט ניט געגלויבט די אייגענע אויגן זיינע. אַוועקגעפאָרן פון שטאָט אינגאַנצן מיט 2 כאַדאָשים צוריק אַן אַקטיווער בונדיסט, זאָל פאַר אַזאַ קורצער צייט פאָרקומען מיט אים אַזאַ איבערקערעניש. ער האָט איין מאָל און אַ צווייטן מאָל און אַ דריטן מאָל איבערגעלייענט דאָסזעלבע. יע, דאָס איז אזוי, דאָס שרייבט מיכקע.

„דער יידישער קאָמיסאריאַט אַנטוויקלט אַ מוירעדיקע אַרבעט. לעגאַבע אָט דער אַרבעט איז אייער בונדישע קולטורעלע נאַציאָנאַלע אַווטאָנאָמיע ווערט אַ גראָשן".

ייִסראָעל האָט זיך געכאַפּט פאַרן קאָפּ. מיכקע שרייבט אים „אייער". ער איז אריין אין שטוב אַ בייזער און אַ שווייגנדיקער. דאָס ווייב האָט געמיינט, אַז אָט די שלעכטע שטימונג נעמט זיך דערפון, וואָס גלאָנק האָט באַ אים נעכטן געפרעגט: און איר, ייִסראָעל? האָט זי געזאָגט:

— אָבער ווייסטו וואָס, מאָבילייזיר זיך. איך וועל דאָ מיטן ייִנגל גאַנץ זיין.

דו גייסט אום פון נעכטן אָן, ווי א מעשוגענער.

ייסראָעל האָט זיך עטוואָס באַרויִקט און האָט געזאָגט:

— מיִכקע איז פון „בונד" אַרויס.

— איך האָב פריער געוווּסט, אַז דאָס וועט זיין, האָט ייִסראעל אומדערוואַרטעט באַקומען אַן ענטפער. ער האָט מיר אַליין איינמאָל אַזוי געזאָגט: דער „בונד" האָט ניט אונטער זיך קיין באָדן.

ייִסראָעל האָט זיך דערפילט אַף צען יאָר עלטער.

— איך הויב אָן אָפּצושטיין פון מיינע כאַווירים, האָט אים געשניטן אין מויעך: „דאָס, וואָס מיך האָט אופגעטרייסלט, באַגעגענען מיינע כאַווירים אזוי רויִק.

ייִסראָעל האָט זיך גערעכנט ניט אין אַן ערעך העכער פאַר זיין ווייב „אין דער ווירקלעכקייט אָבער איז זי דער קאָפּמענטש, און ער איז אַ שטעטלדיִקער בונדאווּעץ, מיט אַלטע נייגונגען און טראַדיציעס", האָט ער זיך געיאַדעט.

ער האָט זיך צוגעוועצט נאָענט לעבן זיין פרוי. זי האָט איִם ליב געהאַט, און ער האָט דאָס געפילט.

— מיר פאַרדריסט, האָט ער געזאָגט, וואָס אין האַרצן טראָג איך ניט קיין סינע צו מיכקען. איך פיל, אַז צווישן אונדז איז אַן אָפּגרונט, און אין דערזעלבער צייט...

עס האָט זיך אַריינגעריסן אין שטוב דאָדל. אַ פאַרסאָפּעטער.

— איך האָב באַקומען אַ בריוו פון מיכקען, ער איז געוואָרן אַ באָלשעוויק. אָט איז דער בריוו.

מיכקע האָט געשריבן:

„פאַקטיש האָט א יי ע ר אָרגאַניזאַציע, אין וועלכער איך האָב ערנטלעך מיִט אייך געאַרבעט אין פאַרלויף פון יאָרן — די שטאָטישע אָרגאַניזאַציע א יי ע ר ע, האָט נאָך מיִט אָנדערהאַלבן יאָר צוריק איינגעריסן מיטן צ. ק. די קעהילע האָבן מיר דערשטיקט אין דער מאַמעס בויך. און דאָס, דאָדל, דאַרף מען איצט גוט געדענקען. איך האָב ייסראָעלן אויך געשריבן. איך האלט דאָדעלע, אַז א יי ע ר גאַנצער קאָמיטעט צוזאַמען מיט דער אָרגאַניזאַציע דאַרפן אָנגעבן אַ מעלדונג און ארויס פון „בונד" און אַריין אין אונדזער פאַרטיי. געדענק מיינע ווערטער, דאָדל, בעסער פריער איידער שפעטער.

— ער קלייבט פון פייער, איז ייסראָעל אופגעשפרונגען. עס שטיקט אים דער געוויסן. נישקאָשע... אונדזער אָרגאַניזאַציע גיט 12 כאַווירים אַפּן פראָנט, און וואס עפעס 12? און פון די פאַריינען, און די ערשטע 3 פרייווילִיקע, און כאַנקעס ברודער?.. מיר אַרבעטן ניט פאַר דער רעוואָלוציע? מיר שטייען מיט צונויפגעלייגטע הענט? דו, דאָדל, מיט דיינע שניידער ארבעטן ניט פאַרן פראָנט? און איִך? און מיר אַלע?.. איך וועל אים אָנשרייבן היינט, וועט אים ווערן פינצטער אין די אויגן... אייער פאַרטיי, אונדזער פאַרטיי. ער קען זיך קיין אָרט ניט געפינען. ער ווערט דערשטיקט...

דאָס צימער איז געוואָרן געפּאַקט מיט כאַווירים, מאָנדיק, כאַנקע מיט דער גאַנצער ליאַמעקאָמיסיע.

— כאַווער ייִסראָעל, אונדז פעלט צוקער און ווייצענע מעל, האָט איינער געמאלדן.

— שרייבט אָן אַף אונדזערן אַ בלאַנק, איך וועל אונטערשרייבן, איר וועט באַקומען. אָרגאַניזירט, כאַווערטעס, א גוטן אָוונט. אונדזערע כאַווירים האָבן דאָס פאַרדינט.

איִן אָוונט איז פאָרגעקומען די אלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון דער אָרטיקער אָרגאַניזאַציע באָלשעוויקעס. קימאט אַלע צופאָרענע כאַווירים זיינען אין שטאָט צוריקגעקומען, עס האָבן נאָר געפעלט אייניקע מאָביליזירטע מיטגלידער, וועלכע האָבן זיך פאַרהאלטן אף אן איבעריקן טאָג בא זיך אין דארף.

די לעצטע מאָביליזאַציע, ווי די פריערדיקע מאָביליזאַציעס, האָט אף די אָרטיקע באָלשעוויקעס קיין באזונדערן רושעם ניט געמאַכט. דער גרעסטער טייל באלשעוויקעס האָט זיך שוין איינגעלעבט מיט די אַלערליי פראנטן און האָט געקוקט אף זייער סאוועטישער אַרבעט אין שטאָט, ווי אַף אַ צייטווייליקער אַרבעט, פון וועלכער מען וועט זיי ניט היינט — מאָרגן אראפּנעמען.

אַף דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג האט אַ סאַך א גרעסערן אינטערעס אַרויסגערופן די פראגע וועגן דער באַציִונג פון דער אָרגאַניזאַציע צום „בונד” און אין וואס פאַר אַ מאס צולאזן אים צו פאַראַנטוואָרטלעכער אַרבעט.

דער פאַרוואַלטער פונם ארטיקן טשעקא, דער כאַווער גיִריושקין, האט זיך ארויסגעזאגט שארף קעגן צוציען די בונדיסטן צו פאַראַנטווארטלעכער אַרבעט.

— מיר דארפן ניט האבן אין אונדזערע רייען קיין פשארעמאכער, מיר וועלן אן זיי אויסקומען.

— די בונדיסטן אַרבעטן עפּשער שלעכט ? מיר האבן דאך שוין א דערפאַרונג, האבן זיך שטימען געהערט.

עס איז אויך אַרויסגעטראטן אַ פארשטייער פון גובקאם. ער האט געזאגט:

— דער „בונד”, כאַווירים, ווערט אלץ לינקער און לינקער. מען טאר, כאַווירים, ניט פאַרגעסן, אז אין דיִ בונדישע ארגאניזאַציעס איִז דא אַ באדייטנדיקע צאָל אלטע און איבערגעגעבענע פאַרטייטוער און רעוואלוציאנערן. מיר מוזן איצטער אונטערשטרייכן אונדזער כאַווערישע באַציִונג סאַי צו דיִ, וואָס פאַרבלייבן איִן שטאָט אַף סאָוועטישער אַרבעט, און סאַי צו דיִ מאָביִליִזיִרטע בונדיִסטן, באַזונדערס צו דיִ לעצטע.

— איינצלנע קען מען דערלאָזן, נאָר איינצלנע, האָט גיִריושקיִן זיִך אונטערגעגעבן.

נאָר דיִ פאַרזאַמלונג האָט באַשטעטיִקט אַ ריי אַלטע בונדיִסטן אַף פאַראַנטוואָרטלעכע שטעלעס.

גייענדיִק פון דער פאַרזאַמלונג מיִט אַ גרופּע כאַוויריִם, צווישן וועלכע עס איִז אויך געווען איִ פיאָטר איִ גיִריושקיִן, האָט גלאָנץ געמאָלדן :

— ווער וואָלט געווען אַ באַלן צוגיין צו דיִ בונדאָווצעס. באַ זיי איִז היינט אַ ליאַמע.

— וואָס איִז דאָס אַ ליאַמע, האָט פּיאָטר געפרעגט ?

אַן אָוונט. באַ זיי איִז פריילעך, האָט גלאָנץ דערקלערט, מען נעמט צו ביִסלעך.

— וואָס זאָגסטו ? האָט גיִריושקיִן איִבערגעפרעגט.

— איִך זאָג, ניִט וויִ איִן אונדזער אָרגאַניִזאַציע. גייסט אַפן פראָנט — ברעך דעם קאָפּ. וועסט קומען אַ גאַנצער צוריִק — איִז דיין מאַזל, וועסט פייגערן אונטער אַ קוסט — וועט זיין מיט איינעם ווייניִקער. אָט זיי מאַכן אַ יאָנטעוו.

— ווייל מיִר זיינען ניִט קיין קליינבירגער. מיִר זיינען רעוואָלוציאָנערן, האָט גיִריושקיִן געזאָגט: איִן אַן אַנדער צייט, וואָלט איִך אָנגעקלונגען איִן אָפּטיילונג און וואָלט אַרויסגעשיִקט צו זיי דיינע בונדיִסטן אַ גוט באַוואָפנטע וואַך. איִך האָב ביִכלאַל ניִט האָלט קיין מענשעוויִקעס.

— און טאקע דערפאַר, כאווער גירישקין, קומט מיט אונדז. איר קענט האבן א גלענצנדיקע געלעגנהייט קאנען אין פאנים אלע סאָנים פון די ארבעטער און פויערים — האט די גרופּע דערהערט הינטער זיך.

דאס האט געזאָגט ייִסראָעל, וועלכער איז געגאַנגען מיט זיין ווייב אף דער ליאַמע:

אַלע האבן זיך אָפּגעשטעלט און פריינטלעך באגריסט זיך מיט ביידן.

— איר הערט גאָר אונטער, כאַווער, האָט גיִריושקין געזאָגט.

— אז איר שרייט אזוי הויך... קומט מיט אונדז, איר וועט אַייער דראָשע איבערכאַזערן אין געגנוואַרט פון די כאַווירים, וואָס גייען אוועק מאָרגן אַפן פראָנט.

— ניט א צייט צו קריגן זיך. מיר גייען אויך אַפן פראָנט, האָט גלאָנץ געזאָגט. וואָס עפּעס אזוי שפעט גייט איר?

— איך בין שוין געווען דאָרט. דאָס בין איך נאָך איר צוגעגאַנגען. דאָס קינד האָט ניט געלאָזן.

— אלנפאלס, אייך קען איך פערזענלעך, איר און אייער פרוי זיינען גוטע כאַווירים. עס זיינען דאָ צווישן אייך נאָך גוטע כאַווירים.

און האָט אַליין אָפּגעקערט אין אַ געסל.

איז מען אַוועק אף דער ליאמע אָן גיריושקינען.

כאנקע האָט קיינעם ניט דערציילט, אז זי איז געווען באַ גלאָנצן, און קיינער האָט ניט געוווּסט, אז גלאָנץ האָט צוגעזאגט קומען אף דער ליאמע מיט רוסישע כאַווירים. געוווּסט וועגן דעם און געהאלטן עס בעסאָד האבן נאָר כאַנקעס כאַווערטעס, וועלכע האָבן די ליאַמע אַיינגעאָרדנט. ס'איז שוין געווען נאָך צען דער זייגער, און די מיידלעך האָבן גערעכנט, אז גלאָנץ מיט זיינע כאַווירים וועלן שוין אפן אָוונט ניט קומען.

אַז עס האָט זיך אבער אָפּגעעפנט די טיר און עס האָבן זיך איינער נאָכן צווייטן באוויזן פינף כאַווירים מיט גלאָנצן בעראָש, האָט זייער קומען ארויסגערופן אן איבעראשונג און אן אויסניכטערונג בא דעם גאנצן אוילעם, וועלכער האט זיך שוין, אַגעוו, גאָר פריילעך געפילט.

דאָדל, אליין ניט ווי‌סנדיק פאַרוואָס, האָט אראָפּגעכאפּט פון טיש א פלעשל ספירט און צו זיך אין קעשענע אַריינגעלייגט.

— איך האָב ניט געוווּסט, אז איר זייט צו אונדז צו גאסט געקומען. מיט אייערע ברידער דארף מען זיין פארזיכטיק, האט ער האלב ערנסט, האלב לאַכנדיק געזאגט. איך האָב געמיינט, אז איר זייט געקומען מיט אן ארדער פון גירױשקינען.

— גירױשקין וועט אויך אַהערצו באלד קומען. גירױשקין איז א גוטער כאַווער, האָט גלאָנק געזאָגט.

— זאָל ער בעסער זיצן אינדערהיים, כאַווער גלאָנק, מיר וועלן אָן אים זיך פילן היימלעכער.

אַרום די טישן זיינען געזעסן איבער אַ האַלבע מייע כאַווירים. כאַנקע איז ווי א קוועקזילבער אומגעלאָפן פון טיש צו טיש, פון כאַווער צו כאַווער און גאָר אָפט צוגעגאַנגען צו דער „באָלשעוויסטישער פראַקציע”.

עס האבן זיך אָנגעהויבן א סעדרע אַלטע בונדישע לידער. האָבן אלע געזונגען, זיצנדיק ארום די טישן, און יִסראָעל האָט דערציילט די געסט וועגן די ערשטע יאָרן פון קאמף.

— אַן זיצט אן אלטער בונדיסט. ער איז אַריין אין דער באַוועגונג אין אָנהויב פון די ניינציקער יאָרן. געוועזן אין סיביר, אַ גוטער רעוואָלוציאָנער, און מיר אלע רופן אים זיידע. ער איז אויך ניט קיין שלעכטער רעדנער, אין יידיש, פאַרשטייט זיך.

די „פראַקציע” האָט זיך נאָך קיינמאָל ניט געפונען אין אַזאַ ענגער כאַווערישער סוויווע. דאָס זיינען אלץ געווען יונגע באָלשעוויקעס, קינדער פון דאָרף.

„בעסטער פריינד, אז איך וועל שטאַרבן,
טראָג צו צום קייווער די פרייע פאָן”,

האָט דאָדל אָנגעהויבן און דער גאַנצער אוילעם מיט אים.

אַ יונג ווייבל, א כאַווערטע, האָט זיך פאַנאַנדערגערעוועטיר מאַנדל גייט אויך אַוועק מאָרגן—אַפן פראָנט. דאָס איז פאָרגעקומען גאָר אומגעריכט. מען האָט זיך געשעמט פאַר די געסט.

— פאמפיק, דו פאַטערסט די מארקע, האָט מאָנדיק געשריען פון צווייטן עק טיש.

דער זיידע האָט זיך אופגעהויבן פון אָרט, איז צוגעגאַנגען צו דער וויינענדיקער כאַווערטע און האָט איר איינגערוימט אין אויער א סאָד. די בונדיסטקע האָט זיך פאַנאַנדערגעלאַכט.

— כאַווירים, האָט דער זיידע זיך געקלאָגט: זי וויל נאָך ניט. אָט איז א הולטייקע.

אַרום די טישן איז געוואָרן לעבעדיק. די רוסישע כאַווירים האבן אָנגעקוואָלן פון דעם אלטן.

— אלטער כאַוער, האָט פיאָטר אָנגעגאָסן אַ גלעזל און דערלאַנגט דעם זיידן:

— כעוורע, האָט דער אלטער געזאָגט, דער יאַט, דער אָרל, מאַכט פאָ בונדאָווסקאָמו.

— אַ טאָסט, אַ טאָסט. דער זיידע אַ טאָסט.

— כאַווירים, האָט אָנגעהויבן דער זיידע ניכטער און דייטלעך. מיר, בונדיסטן, האבן זיך מיט רוסישע רעוואָלוציאָנערן באגעגנט אָדער אין טפּיסע, אָדער אין סיביר. אין קאמף האבן מיר זיך זייער זעלטן באגעגנט מיט רוסישע קעמפער. ערשט נאָך אָקטיאַבר זיינען מיר אַרויס פון די ענגע בונדיסטישע גרעניצן. עס האָט זיך פאַר אונדז אָפגעעפנט אַ ברייטע וועלט. דער עמעסער אכדוס פון דעם אלוועלטלעכן פראָלעטאַריאַט האָט זיך ערשט אָנגעהויבן איצט נאָך אָקטיאבר. איז אָט פאַר דעם אַכדוס טרינק איך. לאָזט מיך, כעוורע, צוגיין צו דער באָלשעוויסטישער פראַקציע.

ער האָט זיך מיט אלע געסט צוקושט.

— און דו, כאַנקע, רייבסט זיך מיר עפּעס אַרום די שקאָצים... מיט דיר אויך צוקושן זיך?... פאַר וואָס ניט, אַדערבע.

די ליאַמע איז דערגאַנגען ביזן העכסטן גראַד. דעם אלטן האָט מען געהויבן. עס האָט שוין געהאלטן ביז אַ „שערעלע”, ביז א „לאָמיר אלע אינאיינעם, אינאיינעם”, מען האָט דאָס לעצטע מאָל אויסגעזונגען די שוווע און פאַרביסן מיטן אינטערנאַציאָנאַל און דערנאָך ווידער פאַרביסן מיט דער שוווע.

— כאַווירים! מיר זאָגט דאָס האַרץ, אַז דאָס איז די לעצטע בונדישע ליאַמע. כאַווירים, לאָמיר זיך שטעלן און אויסזינגען נאָכאַמאָל די שוווע, האָט דער אלטער געמאָלדן.

אַ ציטער איז דורכגעגאַנגען איבערן זאַל. אלע האבן זיך געשטעלט און האבן אָנגעהויבן:

ברידער און שוועסטער פון ארבעט און נויט,
אַלע, וואָס זיינען צוזייט און צושפּרייט...

— — — — — — — —
— — — — — — — —
— — — — — — — —

אין דרויסן האָט אָנגעהויבן טאָגן.

## איציק פעפער.

* * *

די גאַנצע וועלט איז מיר געפעלן,
געווען בין איך שוין אומעטום,
ווו כ׳זאָל מיין יונגן טראָט ניט שטעלן,
איז דאָ פאַר מיר אַ ביסל זון.

נו, וואָס-זשע טרויערסטו, מיין ברודער,
אַף פרישער הויך פון העכסטן באַרג,
אָ, וויפל זון און וויפל לידער
טראָג איך פריילעך אַף מיין קאַרק.

אין שטילן סאַמעטענעם אָוונט
פאַרגייט אין בערג די זון געהיים.
נאָר יעדער פעלז איז מיר דאָ נאָוונט
און יעדער סטעזשקע איז אַ היים.

פאַרגעס אָן טרויעריקע שוועלן,
ס׳איז גראוּוער טאָג ווי ניט געווען,
ווו כ׳זאָל מיין יונגן טראָט ניט שטעלן,
איז דאָ פאַר מיר אַ ביסל זון.

* * *

צווישן בערג דריי שטומע בוימער,
יעדער בוים איז ווי אַ שוימער,
מ׳האָט באַשטעלט זיי דאָ אינמיטן
הויכע בערג אין נעכט באַהיטן.

זאָל די אַלטע זון ניט בראָטן,
פאַר אַ מענטש זאָל זיין אַ שאָטן,
שטיקער זון אַף אַלטע צווייגן,
שטייען בוימער דריי און שווייגן.

מ׳האָט אַ מאַכנע דאָ געטריבן,
זיינען ביינער נאָר געבליבן,
וואַשט דער רעגן יענע ביינער,
וועמעס בוינער ווייס ניט קיינער

און וואָס קענען ביימער זאָגן,
זעלטן פאָרט דאָ דורך אַ וואָגן,
זעלטן קומט אַ ווינט פון צאָפן,
קימט אַ ווינט און ווערט אַנטשלאָפן.

שטייען שטיל דריי שטומע בוימער,
יעדער בוים איז ווי אַ שוימער.

## מ. שאפּירא.

# וו י ג.

I.

פאַרנאַכטן באָרוויסע, וואָס שלייכן
צו בלויע טויערן פון קינדהייט,
ווען עלנט האָט געשיפט זיך אַף מיין טייכל
און קלויסטער האָט אַף אים זיין קלונג געצונדן...

דאַן האָט מיין ווען נישט געוווּסט נאָך,
ווי ברייט מען זיך מיט ווינט פון וועגן,
ווי נייט מען אויס אַף צייג פון ברוסטן
דעם אָדלערפלי פון יונגע רעגעס...

נאָר גראָזן האָבן שוין באַהאַלטן
די ערשטע כוואַליע פון מיין ווילן,
ווען כ׳פלעג מיך טאָן אַף זיי אַ וואַלגער
און טריט פאַרבאָרגענע דערשפּירן...

אזוי, אין ווינקל פון פאַרנאַכטן
כ׳האָב אויסגעבויט מיין שטאָט פון ווונדער,
ווען עלנט האָט געשיפט זיך אַף מיין טייכל
און קלויסטער האָט אַף אים זיין קלונג געצונדן...

II.

אין ענגן שטיבל אַ פאַרשמידטער,
באַ שווארצע ווענט מיט קרומע טעג,
אין רויכיק שטעטעלע פון ליטע
מיט עלנט, עלנט אָן אַ ברעג...

שפרייזט אום מיין טאטע דאָרט א גרויער
און וואַרט נאָך אַלץ אין פוסט און פאַס
אַף ווייסן שאַבעסדיקן טויער,
אַף אופנעמען אַ גרויסן גאַסט...

ער זופט דעם ויין פון שיר האַשירים
און גייט נאָך שאָטנס מידע טריט
און שרייבט מיר, אַז איך בין פאַרפירט דאָ
און כ׳וועל נאָך זיין אַ פרומער ייד...

נישט אזוי מיין אַלטער טאטע,
ווי גאָלדן בענקשאַפט נאָך מיין וויג—
אונדז האָט צושיידט אַ וועג אַ ווייטער
און כ׳קום שוין קיינמאָל נישט צוריק...

כאַים גילדין.

# כ אַ נ ע.

דערציילונג.

I.

אַפן שניי-געפלעקטן קאַרק פון שטאָט איז געלעגן די טפּיסע, ווי אַ רויטער, פינפגאָרנדיקער טורעם, און מיט טויזנט פאַרגראַטעטע אויגן אַזוי לאַנג אַרויסגעקוקט אַף יענע פינף אַרעס-טאַנטן, וואָס האָבן שוין פון לאַנג באַדאַרפט זיך אומקערן פון מיליטערישן פעלדגעריכט. ביז ערגעץ ווייט, אין רעכטן מיט פון שטיינערנעם טורמישן האַרץ האָט אַן אַלטער פאַרזשאַווערטער גלאָק מיט קאַלטן, שטרענגן, טפּיסישן ערנסט אויסגעפּלאַפּלט:

— פּא-ווער-קא !...

די טפּיסע, האָט איר שווערן אַרבעטטאָג געענדיקט, איבער-געציילט די אַרעסטאַנטן אַ לעצטן מאָל, פאַרשלאָסן די קאַזאַרמעס, אַראָפּגעלאָזט דעם אומעט פון דער קייט, געהייסן אים קריכן פּראַנק און פריי אין אַלע גראַטעס, פאַרקלעמען ווען ער וויל דעם גאָרגל מיט די קאַלטע שטעכיקע נעגל, איינטרינקען זיך ביז טרערן אין בליק און זאָלן אַרעסטאַנטן ניט פארגעסן, אַז טפּיסע איז טפּיסע.

נאָר די אַרעסטאַנטן זיינען דאווקע קופּקעסווייז געשטאַנען בא די גראַטעס, געפּלאַפּלט, געקריגט זיך, געבויט פאַרשיידענע האַשאָרעס און געוואַרט.

געוואַרט, און פעסט געוווסט, אַז די פראַנצויזישע אָקופּאַנטן און דאָס ווייס נוואַרדעישע געריכט, וועט שוינען אַ באַנדיט, אַ גאַזלען, אָבער ניט די פינף קאָמוניסטן.

און דאָך האָט זיך געוואָלט טרוימען, האָפן און קוקן מיט גאַליקער סינע אַפן שוואַרצן יאַם, וואָס האַלט אַף זיינע שוימיקע פּלייצעס צענדליקער קריגשיפן מיט פאַרשיידענע פאָנען, מיט צועפּנטע הונגעריקע שטאָלענע מיילער פון האַרמאַטן, וואָס זיינען געווענדעט אַף שטאָט...

און כאַנע איז געלעגן אַף דער נאַרע אַ פאַרטראַכטע, און צו נאַטאַלקען נישט אויסגערעט קיין וואָרט. וואָס, אייגנטלעך, קאָן כאַנע זאָגן אָט דער יונגער אוקראַינקע, וואָס האָט איר פּיל-באַר האַרץ באַהאַלטן אונטער אַ זארגלאַז-האָזעדיק שמייכל?

זאָגן איר, אַז דאָרטן פאַר די שוואַרצע ריכטער שטייט אויך סאַמויל, זאָגן איר, אַז זי וויל ניט, זי גלויבט ניט און קאָן זיך ניט צוזאַמענלעבן מיטן געדאַנק, אַז מע וועט אים שיסן?

איז זי אַ פאַרטראָגענע געלעגן אַף דער נאַרע מיט אויגן, איינגעבויערטע אין ברודיקן סופיט, און ניט באַמערקט אַפילע, ווי דער ערעוופּרילינגטאָג האָט, ווי אַהאָן מיט רויטע שיינענדיקע פליגל, אַפּלאַטער געטאָן אין שויב, דערנאָך מיט אַ שטראַליקע דלאָניע אַ גלעט געטאָן די גרויע קאַמערוואַנט און אַ פאַרטרוימטער, אַ פאַרבענקטער אויסגעגאַנגען בא דער גראַטע.

מיט שטילע, דומפּיקע טריט, גלייך ניט כאַנע, נאָר אין קאַמער וואָלט געלעגן אַ מעס,—איז נאַטאַלקע צום גראַטע צוגע-גאַנגען, אופגעעפנט דאָס לופטל און לאַנג—לאַנג זיך צוגעהערט ווי דער ווינטער אַ צויאַכענער גייט אָפּ מיט טראָפּן בלוט...

כאַנעס אנגעשטרענגטער שווייגן, די אָנגעלאָדענע שטילקייט פון דער גאַנצער טפּיסע, האָט זי אָנגעהויבן רעגן. און ס'האָט זיך נאָך מער איר פאַרוואָלט דערהערן שוין דעם פינצטערן פּסאַק און אַ סאָף... וועט זי איין מאָל פאַר אַלע מאָל וויסן, אַז איידער די ווייסע זיינען אַוועק פון שטאָט, האָבן זיי אומגעבראַכט נאָך פינף מוטיקע כאַווירים...

פאַר וואָס זשע דויערט אַזוי לאַנג דער מישפּעט, וואָס קערן זיי זיך אַזוי שפּעט ניט אום?...

— דיר, כאַנע, איז דאָס ניט פאַרדעכטיק?... כאַנע!

— האַ?

— דיר איז ניט פאַרדעכטיק, וואָס זיי קערן זיך ניט אום אַזוי שפּעט?

— פאַרדעכטיק? אַ ביסל איז עס פאַרדעכטיק, נאָר איך פאַרזיכער דיך, אַז זיי זיינען אנטלאָפן, אויב ניט אַלע, איז סאַמויל באַשטימט.

נאַטאַלקע האָט אָבער פעסט געפילט, אַז פונם אָפיצערישן קאָנוואָי איז זיי אַנטלויפן ניט געלונגען, נאָך אַ רעגע, נאָך אַ רעגע, נאָר דער טויער וועט דאָך פאָרט הייזעריק אַרויסקריפּן די פינצטערע יעדיע, און כאַנען, כאַנען דאַרף מען צוגרייטן צו דעם.

אייגנטלעך וואָלט זי געדאַרפט אַליין פאַרשטיין, אַז גראָד אין דער לעצטער רעגע וועלן זיך די ווייסע מערער נוקעם זיין, און איז דען אימעץ זיכער צו זיי וועלן טאַקע היינט בא נאַכט ניט איבערשיסן אַלע פּאָליטישע? מען דאַרף דאָך ניט זיין גענאַרט. נאָר בענויגייע די פינף, וואָס זיינען אין געריכט, וואָלט זי דאַווקע אַ באַלן זיין צו ווערן אַף אַ רעגע נאַריש, אַבערגלויביק, און אָט די מאַטבייע אַ וואָרף טאָן:

צורקע אָדער אָדלער?... האַ, ווי זאָגסטו, כאַנע?

— וואָס?

טרעפן, צו וואָס אַן ערעך וועט מען זיי פאַרמישפּעטן: צו טפּיסע, אָדער צו טויט?...

עטלעכע סעקונדן האָט כאַנע מיט צומישטע אויגן אַלץ געקוקט, געוואָלט באַנעמען, וואָס נאַטאַלקע האָט געזאָגט. לעסאָף האָט זי אופגעציטערט, און צושראָקן אַ מאַך געטאָן מיט האַנט.

— אוי ניין, ניין, אַף דעם בין איך ניט קיין באַלן.

און צו פון שוואַכקייט, צו פון רעגונג, נאָר נעמענדיק די גלאָז מיט וואַסער, איז זי פּלוצלונג פון איר האַנט אַרויסגעפאַלן, און מיט אַגרילצנדיקן קוויטש צושאָטן אירע גלידער אַפן צעמענ-טענעם דיל.

און ווידער זיך צונויפגעקנוילט אַף דער נאַרע, צוּוויקלט אַ נייע נעץ כאַלוימעס, ווי אזוי מע פירט זיי ארויס פוּן געריכט, און פלוצלונג גיט זיך סאַמויל אַ ריס פון קאָנוואָי, נאָך אים די איבעריקע, אַ געשריי, אַ שיסעריי, אַ ווילד געיעג, נאָר סאַמויל, ווי פייל פון בויגן גאס איין, גאס אויס, גאס איין, גאַס אויס...

איז דער טפיסע סאַפּקאָלסאָף נימעס געוואָרן צו וואַרטן, און מיט געזאַנג האָט זי אַ פרווו געטאָן פאָטער ווערן פון דער שווערער שטימונג.

לעכאַטכילע איינזאַם, דערנאָך איז שוין אַ קאמער נאָך א קאַמער צוגעשטאַנען; העכער, שטאַרקער, גלייך איינער וויל דעם צווייטן איבערשרייען און זיך אַליין דערמיט פארטויבן.

נאָר פונקט אין רעכטן ברען, ווען פון גראטעס זיינען געפלויגן גאליקע טענער, איז מיט אַמאָל אַ קאָרפוס נאָך אַ קאָרפוס דערוואָרגן געוואָרן מיט אַ הייזעריקן אויסגעשריי.

געב-ראַ-אַכט!...

און

— פארשטומט. מיט אָטעם מיט פאַרכאַפּטן איז נאַטאַלקע צום לופטל צוגעשפרונגען, און קוים אַרויסגעכאָרכלט —

—נ-נו!

כאנע האָט זיך אויך אַ ריס געטאָן פון נארע, נאָר דערזעענדיק, אַז נאַטאַלקע, אַ בלייכע, איז פלוצלונג צוגעפאַלן מיטן קאָפּ צום גראַטע, האָט זי נאָר אַרויסגעשלוקערצט אַ פארשטיקטן אָפּגעהאַקטן

— הא?

און, ווי אן אונטערגעשאָסענע, אַ זעץ געטאָן זיך צוריק אַף דער נארע.

אַ שוואַרצע, שטומע נאַכט אַראָפּגענידערט האָט אין ענגן טפיסעהויף. קאַלט אַ קוק געטאָן אין קאַמער, ווו מען האָט אריינגעזעצט די פינף צוגעמישפעטע צום טויט. און באַ די גראַטעס אויסגעבעט איר פראָסטיקן געלעגער.

·II

צוזאַמען מיט דער פאיקע ברויט, האָט אין דערפרי אַן אַרעסטאַנט אריינגעטראָגן אויך אַ בריוועלע פון סאַמוילן.

אַ קליין צונויפגעוויקלט פאפירעלע, מיט לעצטע האַרציקע ווערטער.

כאנע האָט זיך איינגעטרונקען אין די געדיכטע קליינע אויסיעלעך, בלויז דורכגעלעזן דריי איינפאכע ווערטער:

— כאנע, כאַוועך מיינער.

און הייסע פינקלענדיקע טרערן האָבן טייקעף זיי אראָפּגעשווענקט פון אויג.

אַ צארטע, אַ פאַרקלעמטע האט זי נאטאלקע ארומגענומען, אַוועקגעזעצט אַף דער נארע, און איר אָנגעהויבן גלעטן די האָר.

— גיב, כאנעלע, איך וועל דיר דורכלעזן.

דאָס פאַרקלעמט פּאָנים האָט זיך אַף אַ רעגע פאראקשנט, געפרווט זיך ווידער איינטרינקען אין די געדיכטע אויסיעלעך און לעסאָף זיך אונטערגעגעבן.

— כאנע, כאַוועך מיינער, איך, סורענקאָ, אלעקסאנדראָוו, גאיאַנע, און דער זואַוו זיינען פארמישפעט צום טויט.

„מיר זיצן צוזאַמען... מיר וויצלען זיך, מיר פלוידערן און פארנעמען זיך מיט בויען פלענער, ווי צו מאַכן די פלייטע... וויל... אויב ניט קיין פלייטע... גראד איצט, ווען דאס ראטנמיליטער איז אזוי נאָענט, ווילט זיך אזוי ניט שטאַרבן... עס הערן זיך דאך קלעפ אין די טויערן פון אַ נייעם, פרייען לעבן...

„נאָר שרעק זיך ניט, שטאַרבן וועל איך פונקט אזוי, ווי איך האָב געלעבט...

זיי זשע, טייערע, געזונט און מוטיק, און אויב דער טויט וועט איצט דיך אויסמיידן, טאָ קעמף, קעמף מיט דאָפּלטער קראַפט.

איך קוש דיך הייס, איך קוש דיך האַרציק, עס גריסן אויך און קושן דיך סורענקאָ, גאַיאַנע, דער זואוו און אלעקסאַנדראָוו, באַ אים האָבן זיך צובראָכן די ברילן, און ער דראָט אונדז, אַז אויב מע גיט אים ניט קיין נייע ברילן, גייט ער ניט צום עשאַפּאָט. און דער זואוו האָט זיך אויסגעלערנט נאָך אַ פאָר רוסישע ווערטער, און זאָגט אונדז צו, אַז אַף יענער וועלט וועט ער אלעזואוון אויסלערנען די רוסישע שפראַך.

בלייב זשע דרייסט און מונטער, און געדענק, אז פון דיינע אָרעמס האָט די אלטע וועלט ארויסגעריסן דיין, דיין, סאַמוילן.

פאר גרויסע פינקלדיקע טרערן איז דער וועג געוואָרן ענג, און עס האָט אַרויסגעכליופעט אַ שטיקנדיקע כליפעריי, אַ שווערס, אַ ביטערס, גלייך יעדער כליפ האָט אַרויסגעריסן אַ שטיק צופייניקט האַרץ, ברומיק אויסגעשפיגן עס, ווי שווערן פרעסנדיקן לייכעץ, און מיט קלעם, מיט קאַלטן ווערגנדיקן קלעם געבליבן שטעקן אין נאַטאַלקעס גארגל... אָט אָט, צוכליפעט זי זיך אויך.

— כ'לעבן, כאנע.

ווערטער אף צורייצטע וווּנדן פאַלן, ווי טראָפּן אַף צוגליטן אייזן, זידן אוף קנוילן פארשלאָפענע ווייַ, האָט זי לאַנג, לאַנג געכליפעט ביז זי האָט אויסגעוויינט דאָס ביטערע האַרץ, און געבליבן מיט אַ ברוסט אַ קאַלטער, אַ פוסטער, ווי אַן אויסגעפרעסענער נוס...

אַ הויכער נאַדזיראַטעל מיט אַ שטרענג פארביטערט פּאָנים, איז אַריין אין קאמער און בייזערדיק אַ זאָג געטאָן:

— וויכאדי נא פראגולקו!..

נאָר דערזעענדיק, אַז כאנע זיצט אַ פאַרקלעמטע, האָט ער זי אָפּגעמאָסטן מיט אַ ביטלדיק-פאַרניכטנדיקן בליק און אויסגעשפּיגן.

— איך מיר פּאָליטיקע, פריער מישט מען זיך, און נאָכדעם...

כאנע איז געבליבן זיצן אַ טויבע, אַ פאַרטיפטע אין איר צאַר, און די אויסגעוויינטע אויגן איינגעשטאָכן אינם שימלענדיקן ווינקל, גלייך דאָרטן וויקלען זיך פאנאַנדער די זיכרוינעס פון אירע קינדעריאָרן באַם טאַטן דעם קירזשנער, וואָס פלעגט אַ גאַנץ ווינטער אויסגיין פאַר אַ שטיקל ברויט און פיפקען געטריקנטע בלעטער.

דערנאָך די באלעבאָסטע, דער האַרטער געלעגער אַפן אַרבעטערטיש מיט דער פרעסקלאָץ צוקאָפּן, און שפעטער, שפעטער—אַ פארצוויגטער שמאָלער וועג דורך ראנגל און טפיסע.

עמעס, געווען איין טאָג אַ גליקלעכער, ווען אַלע טרוימען זיינען מיט אמאָל פארוואָרט געוואָרן...

געווען אַזאַ טאָג...

דאָס רעדל האָט זיך אָבער אין גיכן איבערגעדרייט, די ראַטנמאַכט האָט פארלאָזן די שטעט פון אוקראַינע, און ווידער —אַ וועג, ווי מיט קוילן צוגליטע... און אָט אַף דעם סאַקאָנעדיקן וועג, האָט זי באגעגנט אים—סאמויִלן.

אַ צופלאמטע, א פאַרסאָפּעטע איז אַריינגעפלויגן נאַטאַלקע אין קאמער און האסטיק זי ארומגעכאפּט.

– דאָס ראַטנמיליטער איז צוואַנציק וויאָרסט פון שטאָט. מע וועט זיי ניט צושיסן...

צוויי רויטע אויסגעוויינטע אויגן האבן זיך איינגעשטאָכן אין איר געזיכט, און ליפּן זיינען מיט אמאָל געוואָרן ווייס.

— פון וואַנען נעמסטו דאָס.

— אַ פאַקט, אַ פאַקט. און צעוויקלט איר אַ פּלאַן, ווי אַזוי די פויערים האבן פאַרנומען שוין די באנליניע, אף די אויסלענדישע שיפן בוּנטעווען מאטראָסן. אין שטאָט האבן די גאַנאַווים געשאפן אַן ארמיי פון צוואנציק טויזנט מאן, מע שלאָגט די ווייסע אף די פראָנטן, מע קוילעט אָפיצערן אף די גאַסן...

און פון סימכע איינגעבריט אין כאַנעס באק אַ הייסן קוש.

– אז וויבאלד ניט מער ווי צוואַנציק וויאָרסט, קאָן מען דאָך א שיק געבן די רויטע קאוואַלעריע...

און, אז א ווייטע קאמער האָט געגעבן אָנצוהערן, אז די קאַוואַלעריע וועט עפּשער ביז פאַרנאַכט נאָך אָנקומען צו געסט און נעמען די ווייסע אפן צימבל, איז פאַר נאַטאַלקען קלאָר געוואָרן, אַז כאַנע, כאַנע האָט ניט וואָס צו זאָרגן...

דער נידעריקער נאַדזיראַטעל מיטן אָפּגעוועלקט געלן בערדל, האָט זיך גוטמוטיק צושמייכלט, און פאַראַקשנט אָנגעהויבן קראַצן די פאטילניצע.

– ס'וועט נאָך אפּקאָסטן א היבש ביסל בלוט. מאַכט נאָר, כעוורע, פלייטע פון די גראַטעס...

דער טאָג האָט זיך דערווײַלע אָנגעכמורעט און מיט פאַרלאָפענע אויגן נאָך לאנג, לאנג אַרויסגעקוקט, צי עס ווייזט זיך ניט די רויטע קאַוואַלעריע.

די גלעזערנע אַפּל פון שטאָט האבן אַף א רעגע אופגעלויכטן, נאָר דערהערנדיק אַ לאַנגן דראָענדיקן פייף פון איין פאַבריק, פון אַ צווייטער, און א דריטער, האָבן זיי זיך טייקעף אויסגעלאָשן, און קלינגענדיקע טריט פון ביקסן האָבן ערגעץ ווייט, ווייט אָנגעהויבן מעסטן די שטיינערנע גאַסן פון שטאָט. לעכאַטכילע צוזייט, דערנאָך אלץ אָפּטער, שטאַרקער און צושפּרייטער, גלייך יעדע סעקונדע צעוויקלט זיך ברייטער די שלאכט און גאַרטלט פאַראַקשנט די גאַנצע שטאָט.

א בלייכע, אן אופגעציטערטע איז כאַנע צוגעלאָפן צו נאַטאַלקען און מיט אַ קרענקלעכן שמייכעלע א בליק געטאָן אַף איר.

ס'האָט זיך אָנגעהויבן...

און פון די גראַטעס האבן הונדערטער אויגן ארויסגעקוקט צו דער בלינדער שטאָט, נאָכגעשפּירט דעם וועכטער, לויט זיינע גיכע טריט, לויט זיין אַראָפּגעלאָזטער קאָפּ געפּרוּווט זיך פאַרשטעלן, ווי די לאַגע איז. און קלאָר איז אַלעמען געוואָרן, אַז די שלאכט קומט פאָר אין שטאָט, אָבער ניט מיט דער אַרמיי, אז גראד היינט באנאכט קאָן מען אויסשעכטן די גאַנצע טפיסע, און אלע מוזן זיין דעריבער וואַך, וואַך ביז גרויסן טאָג. און טאָמער וועט מען ערגעץ אופשליִסן א קאַמער, זאָל מען טייקעף אופהויבן אַ גוואַלד.

פאַרפרוירענע פינגער האָט א נעם געטאָן די יעדיע אלעמען באם גאָרגל, פאַרוואָרגן דעם געשפרעך, און אין שטומער נאַכט האָבן זיך נאָר געהערט, ווי עס גרילצן קייטן, גרילצן בייז און אופגערעגט, גלייך פאַראַקשנט רייצן זיי זיך מיט דער שטילקייט, און דראָען איר, ניט, יוערן שטום ביזן גרויסן טאָג.

פלוצלונג האָט אופגעקלונגען דער אינטערנאַציאָנאַל, נאָר הייזעריק, פאַרציטערט, גלייך ניט פון יונגע הייסע ברוסטן, נאָר, פון פאַרזשאווערטע צוואַנגען רייסן זיך ארויס די שטאָלצע וועקנדיקע טענער, און ווייסן ווייסט מען ניט פון וואָסער קאמער, ווייסן ווייסט מען ניט פון וואָסער שטאָק, נאָר קלאָר איז אלעמען, אז

— זיי...

זיי, די פינף צוגעמישפּעטע צום טויט הילכן אין דער נאַכט אריין א שטאָלצן רוף פון ברידערלעכער איינהייט...

אַף א רעגע זיינען גראַטעס באוואַקסן געוואָרן מיט קעפּ, נאָר טייקעף אָפּגעשפרונגען ווי פאַרוווּנדעטע, און פאַרהאַקט נאָך זיך א לופטל נאָך א לופטל, גלייך יעדע־ער האָט געוואָלט זיך דערמיט פאַרמויערן און ניט הערן, ווי דער טויט מיטן אינטערנאַציאָנאַל אף די ליפּן וועקט דאס לעבן, מאָנט גיכע, דרייסטע הילף...

נאָר איין כאַנע ווי א צוגעקאָוועטע צום גראַטע, האָט מיט פלאַמיקע אויגן נאָכגעזוּנגען יעדן וואָרט, און נאָכדעם לאנג נאָך, לאַנג געוואַרט, צי וועט זי ווידער נישט דערהערן זייער שטים. נאָר דער וועכטער איז בייז געוואָרן, און געוואָרנט:

— ברענג נישט צו קיין אומגליק, בעסער קריך אראָפּ פון פענצטער.

איז כאַנע א צוּבראָכענע ווידער ארוף אף דער נאַרע, לאַנג געכעשבנט וויפיל בא דער רויטער ארמיי קאָן געדויערן אַ מאַרש פון צוואַנציק וויאָרסט, געראַנגלט זיך, געראַנגלט זיך, און פאָרט איינגעשלאָפן.

נאָר באלד אין שלאָף האָט זי דערהערט, ווי א קאָרפּוס באַ אַ קאָרפּוס פרעגט:

— סמערטניקי זדיעס?

— זדיעס, זדיעס.

— סמערטניקי זדיעס?

— זדיעס, זדיעס.

און כמורנע גיט זיך אָפּ דער ווידערקלאַנג, גלייך די רעגנדיקע ווייט פירט אויך א אומרויִקן איבערוף.

אַ פאַרציטערטע איז כאַנע אופגעשפּרונגען מיט א ווילדן אויסגעשריי:

— נאַ-טאל-קע!

יענע האט שוין אירע דאַרע פינגער איינגעקלאמערט אין דער גראַטע, אלץ געוואָלט זי אויסרייסן. און הילפלאָז געשריִען:

— טי-ראַ-נען, טי-ראַ-נען!...

פֿון פֿענצטער צו פענצטער איז דער וועכטער אומגעלאָפֿן ווי מעשוגע און געדראָט.

— אַוועק פֿון גראַטע, באַ גאָט, איך וועל דערשיסן, ווי אַ הונט, אַוועק.

נאָר געוויין און געשרייען פֿון מענער און פרויען, גרילצנדיקער קלאנג פֿון צובראָכענע שויבן און קלעפּ אין די טירן האָט פֿאַרשטיקט זיין הייזעריק געשריי.

— פלוצלונג—אַ נאָענטער שאָס, נאָך אים אַ צווייטער, אַ דריטער... א פֿינפֿטער, און די פֿאַרגליווערטע טפיסע האָט דערוואָרגן זיך מיט איין גרוילעכן וואָרט:

— צו-שאָ-סן.

כאַנע האָט זיך ראַש אַ וויג געטאָן, ווילד אַ פיר געטאָן מיט די פֿאַרגלאָצטע ווייסלעך, צועפֿנט דאָס מויל. עפּעס אויסצושרייען, און א פראל געטאָן אפן דיל...

צוטומלט, צושראָקן, איז נאַטאַלקע אַראָפּגעשפרונגען מיט אַ ווילדן גרילצנדיקן קוויטש, אַ כאַפּ געטאָן דעם באק מיט וואַסער און פליוך...

כאַנע האט אבער נאָר א טויטן בליק געטאָן אף איר און ווידער די אויגן געשלאָסן.

פֿאַרוואָרגן, דערשלאָגן האָט דיִ טפּיִסע אָנגעהויבן זינגען דעם טרויערמאַרש.

לעכאַטכילע ציטערדיק, שפּעטער אַלץ העכער, העכער גלייך אַלע הערצער פלאַטערן אין איין צוקלעמטער ברוסט, און קיינער, קיינער וועט די איינהייט ניט צוררייסן און ניט אויסלעשן אין זיי דיִ זיכערקייט...

און אַז די שטילקייט איז ווידער שוין געלעגן באַ די גראַטעס, ווי אַ שווערער קאַלטער פייגער, און געשראָקן און געפרעסט, האָט פלוצלונג אַ פֿאַרזשאַווערט האַרץ ניט אויסגעהאַלטן און הויך און יאָמערלעך צוגרוילט איר וויי.

ער, דער וועכטער מיטן געל-אָפּגעוועלקט-בערדל, אָנגעלענט אַפֿן ביקס, איז געשטאַנען אין רעכטן מיטן הויף אַ צוגעפרעסטער צום לאַמטערן, און שווער און ייִעשדיק געכליפעט.

### III.

צוויי מעסלעס איז כאַנע אַ פֿאַרטראָגענע געלעגן, גערעט, געשריִען און געוויינט פֿון היץ.

אין אָונט האָבן זיך צוגראַגערט פולעמיאָטן. און אַ שטיִק אין דער נאַכט האָבן זיִך צודאַרשנט האַרמאַטן, שווער, לאַנגזאַם און באַדענקט, ווי שויפטים ערנסטע, וואָס קלייבן זיך אַרויסטראָגן אַ שווערן וויכטיקן פסאַקדין.

— זיי גייען, זיי גייען דיִ רויטע.

און זייערע אומזעבאַרע טריט שלאָגן אפ מיט פריידנציטער באַ יעדן אַרעסטאַנט אין האַרצן, און עס ווילט זיך צוואַרפן די ווענט און איילנדיק מיט ליד און פאָן אַרויסגיין זיי אַנטקעגן.

אַפילע כאַנע איז געוואָרן אומרויִק, אַרוף אַפֿן פענצטער, און צו דער גראַטע צוגעפרעסט דעם הייסן שטערן.

געפרווט האָט איר נאַטאַלקע דערקלערן, אַז מיר מוזן שטאַרקער זיין, שטאַרקער אַפילע פֿון דיִ צאָרעס גופע, ווייל אין גרונט גענומען, נעמט אַ סאָף צו אַלע צאָרעס.

— הערסט דאָך, ווי נאָענט עס קנאַלט.

נאר גרויסע פינקלדיקע טרערן ווערן ניִט ניספּאָעל פֿון אַזוינע ראַיעס און האָט מען זיי אַ ריר געטאָן פֿונם געלעגערפליסן זיי, און גראָד נאָך יעדן שאָס אַלץ שנעלער, שטאַרקער, גלייך יעדער שאָס ער רודערט אויף אַ שטיק צופייניקט האַרץ, און טרייבט פֿון איִם אַרויס די פֿינקלדיקע טרערן.

עס האָט גענומען טאָגן.

אָפגעצערטע געלע פענימער זיינען געשטאַנען באַ די גראַטעס, נייגעריק געקנייפט די ווייט מיט רויטע פיבערדיקע אויגן, שאענוויִז געאַמפערט זיך איבער סטראַטעגיע, און יעדן זשומענדן סנאַריאַד אַזוי באַגריִסט, אזוי געוועזן שטאָלץ אף אים, גלייך ניִט פונם האַרמאַט, נאָר טאַקע פֿון זייער אויסגעפייניקט האַרץ האָט זיך דאָס ארויסגעריסן מיט גרויליקן געָרויש, און נעמט פאַר זיי נעקאָמע.

אַפיִלע דער נאַדזיראַטעל מיטן געל בערדל האט אַ צוטראָגענער געשפרייזט איבערן הויף, בעטלעריש געקוקט אַף יעדן אַרעסטאַנט און כניִפעדיק געשמייכלט.

— אַי, דערלאַנגען זיי אַביסל פאַרע, מאַמעש פאָ סאָוועטסקיִ...

באַראַנאָוו, אַן אַרעסטאַנט מיט אַרויסגעשטאַרצטע בולקעוואַטע אויגן און מיט געלע זעקלעך אונטער זיי, האט געסאָפּעט באַ דער גראטע, ווי אַ גאַנדז, גוטמוטיק געראַטן אים באצייטנס אפגעבן דעם רעוואָלווער, און דערפֿאַר וועט ער ניט דערלאָזן די באָלשעוויִקעס זאָלן אים הענגען אַפן לאַמטערן.

איִז ער אַ צושמייכלטער צו זיין גראטע צוגעגאַנגען און איִם איינגערוימט א סאָד.

— מיינס אַ טאַכשיטל שפּאַנט אויך מיט זיי, זיין זאָל איך אַזוי אַ טאַטע צו מיינע קינדער, ווי ער שפּאַנט מיט די באָלשעוויקעס.

עפּעס איז די קאַנאַנאַדע געוואָרן שיטערער, שטילער, און צו מיטאָגצייט אינגאַנצן פֿאַרשטומט.

אַ שווערער אומעט האָט זיך ווידער אויסגעבעט באַ יעדער גראַטע, שמערצלעכע צושראָקענע בליקן פרעגן איינס באַם צווייטן, וואָס באַדייט די שטילקייט, און ווער האָט סאָפּקאָלסאָף געזיגט. קיינער האָט ניִשט געענטפערט, נאָר אַלע האָבן מיט אַמאל דערפילט, אַז זי, די טפיסע, איז אַזוי פייכט, אַזוי קאַלט, אַז נאָר אַ רעכטע סרייפע וועט איר העלפן.

פלוצלונג האָט זיך פֿון פֿאָדערשטן פֿאסאד, דערהערט אַ טומלדיקער גערויש, און דער וועכטער איז נעלאָם געוואָרן.

אַ קנאל אין שכיינעסדיקן קארידאָר, גיכע אומרויִקע טריט, אָט-אָט אַלץ נעענטער און נעענטער, אָט האָט שוין אימיצער באַם שלאָס אַרויסגעקניפּט אַן אָפּגעהאַקטן שלוקערץ, אַ גראגער געטאָן מיטן ריגל, און ווי פֿון אַ האַרמאט א קנאל געטאָן אין קאַמער אַריין.

— כאַווײרים, אַף דער פריי.

ווילד פֿון סימכע האָט נאַטאלקע אַ טאנץ געטאָן, אַריינגעבריט אַ קלינגנדיקן קוש אין כאַנעס באַק, און פֿאַרטערטע

האָבן זיי אַ כאַפּ געטאָן די קלומקעלעך, און זיך געלאָזט לויפֿן, נאָר אין ערשטן קאָרידאָר האָט כאַנע אויסגעגליטשט זיך אינם בלוט פֿונם געהאַרגעטן וועכטער, ווילד א קוויטש געטאָן, און אַ צושראָקענע אַראָפּגעלאָפֿן פֿון די שטיגן מיטן פֿאַרבלוטיקטן קלומיקל.

הונדערטער אַרעסטאַנטן זיינען אומגעלאָפֿן, ווי געררירטע, געקושט זיך, אנטוואָפֿנט די וואַך, געשלעפּט מאַטראַצן, נאַרעס און דערמיט אונטערגעצונדן די קאַנצעלאַריע פֿון טפּיסע.

האַרט באַ איר אַריינגאַנג איז געלעגן אַ צובלוטיקטער וועכטער, און אַ הויקערדיק נפֿעשל האָט אַלץ געהאַקט אים אין געזיכט מיט די אָפּצאַסן, געהאַקט און שטרענג פֿאַרזאָגט.

— נאַ דיר, נאַ דיר, קרעציקע צויג, און זאָלסט געדענקען מישקע מאַראָוויכער.

האַס און דרייסט האָבן אופגעפֿלאַמט באַ אַלעמען די אויגן, און די געזיכטער צוגעגעבן אַזא האַרטע פֿאַרביטערטע בייז-קייט, גלייך, זי די טפּיסע, איז דער אָנהויב און דער סאָף פֿון אַלע צאָרעס, און טייקעף דאַרף מען זיך מיט איר צורעכענען פֿאַר אַלע פֿאַרפייניקטע דוירעס.

איין באַראנאָוו, אַ בלייכער, אַ פֿאַרסאָפּעטער, איז ער יעדע רעגע צוגעקומען מיט אַ נארע, אָדער שטרויענעם מאַטראַץ, און פֿריילעך געוואָרפֿן עס אין פֿייער.

כאַנע האָט איר קלומיקל אַריינגעשליידערט אין פֿייער און אַרויס פֿון טפּיסעהויף.

אַ רוישיקע מאַכנע האָט פֿאַרפֿלייצט די גאַס.

— פֿלינק ווי אַ קאַץ, האָט נאַטאַלקע אַרופֿגעדראַפּעט זיך אַף אַ בוים, מיט דער רעכטער האַנט אַרומגענומען דעם שטאַם און מיט דער לינקער אַ פֿאָך געטאָן צום טויזנטקעפּיקן אוילעם.

— כאַוויירים, אַרבעטער, כאַ-וויי-רים !..

אַלפּיטאָעס האָט כאַנע פֿון אימעצן געכאַפּט אַ קוש, צו-טומלט אופֿגעשמייכלט, און געלאָזט זיך צום צענטער שטאָט, נאָר אַפֿן ערשטן ראָג זיך אָנגעשטויסן אַף אַ געשאָסענעם אַרבעטער.

אופגעציטערט, פּלוצלונג זיך פֿאָרגעשטעלט, אַז ערגעץ דאָ ניט ווייט, וועט זי זיך אנשטויסן אַף סאמויִלן. זי דאַרף נאָר איבערגיין אַף יענער זייט צום פוסטן פּלאַץ, וועט זי באַ-שטימט אים געפֿינען. נאָר אָפּגעגאַנגען איז זי גאָר אַ קורצע שטרעקע און אָנגעשטויסן זיך אַף צוויי טויטע פרויען.

עטלעכע סעקונדן איז זי שטיין געבליבן אַ פּאַרלאָרענע, אַ צוטומלטע, גלייך היינט דעם ערשטן מאָל דערוויסט זי זיך, אַז דער וועג צו פריהייט און גיצאָכן איז אויסגעפּלאַסטערט פֿון מענטשלעכן געביין, אַלץ געקוקט אַף די טויטע פֿרויען און אַ געהויקערטע, אַ פֿאַרטיפּטע, אַוועקגעשפּאַנט לאַנגזאַמער און מידער.

— כאַוועֶר, גייט נאָר איבער אַף דער צווייטער זייט.

כאַנע האָט אופגעציטערט, און דערזעענדיק, אַז ארום אַ לאַנגן זאַוואָדישן קאָרפּוס שפּרייזט אַרום אַ באַוואָפֿנטע וואַך פֿון אַרבעטער, האָט זי זיך פּלוצלונג צווויינט פֿון פֿרייד, און מיט דרייסטע האַרטע טריט אַריבער אַף דער צווייטער זייט.

דאָ און דאָרטן זיינען געלעגן צובראָכענע אַווטאָמאָבילן, אָבאזנע ווענעלעך און רעדער, טיילן פֿון געלאזענע האַרמאַטן, און מאַכנעס קינדער האָבן זיך געפּאָרעט אַרום זיי, געפּאָרעט און ניט געשראָקן זיך פֿאַר די געשאָסענע פערד, פֿאַר די געהאַרגעטע מענטשן, וואָס ליגן אַף די טראָטואַרן צוגעדעקט מיט שמוציקע ראָגזשעס, אויסגעדאַרטע הינט שטייען מיט אויסגעשטרעקטע צינגער און וואַרטן, די מענטשן זאָלן אַוועקגיין פֿון די מייסים.

כאַנע האָט זיך איינגעטרונקען אין די טויטע צופּרעסענע פּענימער, געקוקט, געקוקט ביז ס'האָט זי אָנגעכאַפּט אַ שווערער פֿיזישער עקל.

ניין, ס'איז איינפֿאַך נאַריש זוכן סאַמויִלן אַזוי ווייט פֿון טפּיסע, דאָ וועט זי זיין קערפּער ניט געפֿינען, באַשטימט ניט געפינען, איז וואָס זשע פֿאַר אַ זינען האָט צופייניקן דאָס האַרץ?

אַ פֿאַרטיפּטע, אַ פאַרומערטע איז כאַנע דערגאַנגען ביזן צענטער שטאָט און סטאָפּ.

מענטשן, זאַמד און שטערן.

מענטשן אַף די פֿענצטער, מענטשן אַף די באַלקאָנען, אַף די דעכער. יעדער טראָטואַר—אַ געדיכט צונויפֿגעפּרעסטער לאַגער, און כעוורע קליינוואַרג, האָט ווי יאַמשנעקלעך אַרומגעקלעפּט יעדער בוים, יעדער לאַמטערן, און יעדער טעלעגראַפֿנסלופּ. גלייך א מענשלעכע גירלאַנדע האָט אַרומגעוויקלט דעם צענטער שטאָט.

און גאַסן רוישן, גאַסן האָבן זיך פֿאַרכלינעט מיט פרייד, אופגעפלאַמט די בליקן, אופגעשפּיצט דאָס נייגעריקן געהער, מיט צופלאטערטע הערצער הערן זיי, ווי ס'קייקלען זיך פֿון ווייטן קלינגענדיקע טענער פֿונם אינטערנאַציאָנאַל, אַ פעסט, אַ ריט-מישעס געשפּריַיז, אַ דונעריק „אוראַ" אַלץ נעענטער, הילכיקער, נעענטער, שטורמישער.

אַ מידע, ווי אַ פֿארשיקערטע פֿון רעגונג, האָט כאַנע אַף אַ רעגע צוגעמאַכט די אויגן, ווידער אַ קוק געטאָן אַף ענדלאָזיקן יאַם מענטשן מיט די רויטע באַנטן אין די לאַצן, אַף די רויט באַפֿלאַטערטע באַנגעטן, און ס'האָט זיך איר פֿאַרדרייט דער קאָפּ פֿון פֿרייד. פֿאַרדרייט און מיט אַמאָל אַרויסגעקערט פֿונם זיקאָרן אַלץ, וואָס ס'האָט מיט איר פּאַסירט.

אין בלויער הויך, וווּ טויט האָט ערשט ניט לאַנג געשפּיגן מיט גרויל און מיט פולווער, האָט אַ שטאָלענער אָדלער אַרויס-געלאָזט אַ מאַבל ווייסע טויבן.

הענט כאַפּן די פֿלאַטערדיקע טויבן. אויגן בליצן, אויסגע-שמאַכטע, איינגעפֿאַלענע פּענימער צובליִען זיך מיט אופֿגעשטראַל-טער יוגנט. און, ווי אַ קוש, ווי אַ קלינגענדיקער צאַרטער קוש, קייקלט זיך אַרויס פֿון מויל דאָס איינפֿאַכע פּראָסטע וואָרט.

— כאַווער.

אויס ליידן, אויס טרערן, אויס סינע און פֿלוך:

— כאַ-ווער.

אופֿגעפֿלאַטערט האָבן טיכלעך, הענט און היטלען, און מיט ליד אַף די ליפּן, און מיט סימכע אין האַרצן, האָט דער מענטשנ-יאַם אַ כוואַליע געטאָן נאָך דער אַרמיי, און מיטגעצויגן כאַנען אויך מיט זיך.

IV.

פֿון קעלערשטיבלעך, הונדערטער געוועקשטאַטן, און צענדליקער פֿאַבריקן האָבן אַ גאַנץ פֿרימאָרגן מאַכנעס אַרבעטער געצויגן מיט פֿאָנען און מיט קרענץ, און די גרויסע שטאָט האָט אַראָפּגעלאָזן די אייזערנע ווייעס איבער די פֿאַרשייטע אויגן פֿון אירע טויזנטער געשעפֿטן און נייגעריק געוואַרט אַף דער פּראָצעסיע מיט די אויסגעגראָבענע קאָרבאָנעס, וואָס די ווייסע האָבן אומגעבראַכט.

געוואַרט, געשפּאַנט אַן אויסגעפּוצטע, און געפּלאַפּלט לוסטיק און געמיטלעך, גלייך ניט קיין לעוואַיע, נאָר אַ פֿריילעכע פּראָצעסיע איז אָנגעקומען פֿון הינטער דער שטאָט.

און כאַנע, כאַנע טראָגט אַהין דעם לעצטן שווערן קנוילן פֿון איר אָנגעווייטיקט האַרץ, אַהין ווו סאַמויל ליגט צושאָסן. אַהין שפּאַנט זי איצט מיט אַ צוגליטן פֿאַרלאַנג. צוצופֿאַלן צו זיין צולעכערטער ברוסט, פֿאַרגיין זיך אין אַ לאַנגן ביטערן געוויין, און זאָל צוזאַמען מיט די טרערן אויספֿליסן דאָס האַרץ, דער ווייי, דאָס שטומע שווערע נאגן, און אַ סאָף.

אויס בענקשאַפֿט, אויס טרויער, אויס פּיין.

כאָטש פֿילן פֿילט זי, אַז ווי נאָר זי וועט אים דערזען, רירט זי זיך פֿון זינען, אָדער עס וועט באַ איר פּלאַצן דאָס האַרץ.

נאָר מיט אַמאָל האָט עפּעס באַ כאַנען שטאַרקער, שטאַרקער אָנגעהויבן פֿלאַטערן דאָס האַרץ, אַף אַ רעגע פֿאַרשלאָגן דעם אָטעם, און, ווי דערשראָקן האָט זי מיט אַמאָל פֿאַרשטומט.

צענדליקער כאַווייריִם גריסן. אַזוי פֿיל אומבאַקאַנטע אויגן שענקען איר אַזאַ האַרציקן, וואַרימען מיטגעפֿיל, גלייך יעדנס בליק וויל דורכדרינגען צו איר אין האַרץ און אויסקושן די ווונדן.

און וואַרעם, היימלעכער איז איר געוואָרן.

— הייסט עס זי, כאַנע, איז ניט עלנט אין איר צאַר. איר ווייי און טרויער האָט אָפּגעקלונגען אין טויזנט הערצער.

האַרט לעבן כאַנען האָבן צוויי אַרבעטער דורכגעטראָגן אַפּולע מיטע אויסגעגראָבענע שאַרבן און ביינער און מיט אַ קאַלטן גרוילנדיקן הילך זיי אויסגעשאָטן אין אַ הילצערנעם אָרן.

אַ שוידער איז אַדורך איבער איר לייב. פֿאַרהאַקט דעם אָטעם, רעדער פֿינצטערע האָבן זיך צושווינדלט אין די אויגן, און אַף אַ צייט זי צוגעקאָוועט צו די ביינער פֿון די נאָמענלאָזע העלדן.

באַ אַ ברייטער גרוב געלעגן איז אַ צענדליק צושאָסענע מענער, טייל מיט אַ פֿאַרגליווערטן קרומען שמייכל אַף די ליפּן, און באַ אַ טייל — די הענט פֿאַרדרייט אַף הינטן.

לעבן זיי — קופּקעס מענער ווערגן זיך מיט שטומע הייסע טרערן און וויגן נאָר הילפֿלאָז די קעפּ.

אַ לאַנגע צייט איז כאַנע פֿון דער ווייט געשטאַנען, געקוקט אַף די פֿאַרגאַפּטע פּרויען, און טרערן האָבן געפֿלאָסן פֿון אירע אויגן.

באַ אַ צווייטער גרוב האָט כאַנע דערקענט אין אַלע מייסים אירע געוועזענע כאַווייריִם. נעבן זיי איז געשטאַנען אַן אַלטעטשקע און יאָמערלעך געצויגן:

— קינדערלעך מיינע, פֿויגעלעך יונגע.

— פֿויגעלעך יונגע, קאַדיישימלעך מיינע.

אַ ייִנגעלע אַ יאָר צען, האָט זיך איינגעקלאַמערט אין איר אַלטער אויסגעטריקנטער האַנט, און טופּענדיק מיט די פֿיסלעך, איינגעלייגט די וועלט.

— טאַ—טע, טאַ—טע.

געוואָלט האָט כאַנע דערגיין, ווער זיין טאַטע איז און וועמען פֿון די אומגעקומענע באַווײנט די אַלטעטשקע. נאָר פֿון ביידן האָט זי באַקומען איין און דעמזעלבן יאָמערלעכן ענטפֿער.

— טאַ—טע, טאַ—טע.

באַקוקט האָט כאַנע נאָך אַ פּאָר גריבער, איר קאָפּ איז שוין, ווי בליי, און סאַמוילן זעט זי ניט.

— וועט זי אַפֿילע זיין קערפּער ניט געפֿינען?

און אַ פֿאַרציטערטע האָט זי זיך געלאָזט שפּאַנען צו אַ נאָענטסטער גרוב.

אקאָרשט האָט די ווייכע ערד געשלונגען אירע טריט. אַ בלויע זונעדיקע ראַכוועס האָט אַריינגעקוקט אין אָפֿענע גריבער און געלע טויטע פּענימער, און מיט אַמאָל האָט אַלץ צושווינדלט זיך, פֿאַרדרייט אין אַ ווילדן קאַראַהאָד און נעלעם געוואָרן.

ערשט נאָך דעם, ווי זי האָט די אויגן שוין צועפֿנט, האָט זי דערפֿילט, אַז אימעץ האַלט זי אין די אָרעמס און אַ גרוילעך בערדל ציטערט איבער איר פּאָנים, ציטערט און רעט זי איין.

— מע טאָר ניט, מע טאָר ניט באַרישניע...

נאַקעט, איינער לעבן אַנדערן איז געלעגן סורענקאָ, גאַיאַנע, אַלעקסאַנדראָוו, סאַמויל און דער זואַוו, באַ אַלעמען די הענט געבונדן, די ברוסטן צוהאָגלט, און ברייט צועפֿנט די אויגן, גלייך דרייסט, און שרעקלאָז האָבן זיי דעם טויט באַגעגנט.

עטלעכע סעקונדן האָט זי אַלץ געקייט איין און דעמזעלבן געדאַנק, מיט אַ צוזייטן צוווייטאָקטן בליק אַ קוק געטאָן אַף די אָפֿענע גריבער, איינגעבויגן זיך, אַלע פֿינף אַ קוש געטאָן אין שטערן, און מיט איילנדיקע טריט פֿאַרלאָזן דעם פּלאַץ.

די פּראָצעסיע האָט זיך אָנגעהויבן אָרדענען, פֿאָרויס אַ קאָלאָניע מיט קרענץ, פֿאַרשיידענע מיליטערטיילן, אַ לאַנגע, לאַנגע שורע אורנעס, און נאָך זיי — אַ וואַלד אַ געדיכטער מיט פֿאָנעס און קעפּ.

איז כאַנע צוגעגאַנגען צו איינעם פֿון די פֿאָנענטרעגער און געווענדעט זיך ער זאָל איבערגעבן די פֿאָן.

— זי איז שווער, דער ווינט וועט אייך אומוואַרפֿן.

— ניין, מער וועט מיך דער ווינט ניט אומוואַרפֿן.

און מיט האַרטע באַרויקטע טריט, איז זי אַרויס פֿאָרויס מיט דער פֿאָן, און נאָך איר — הונדערט טויזנט אַקסל געוויגט האָבן אַ לאַנגע, לאַנגע מיטע, און פֿענער רויטע האָבן מיטן ווינט געפֿירט אַ בייזן ערנסטן וויקועך.

# סערגיי יעסענין.

סערגיי יעסענין איז געשטאָרבן.

אזאַ יונגער, אַזא בליִענדיקער, אזא רייפער.

אַ יערושע פון אַן אַלטער באַזיגטער און אונטערגייענדיקער אָרדענונג האָט ער געטראָגן אין זיך. און ער האָט ניט געקאָנט אַריבערטראָגן די שווערקייט פון אונטערגאַנג.

וואָס האָט ניט געטאָן די סאָוועטנמאכט. קעדיי אויסצעכאווען אַט דירעקטע זעלטן פראכטפולע בליִונג?

אַ ל ץ! אַבסאלוט אלץ, פיל מער, ווי עס איז געווען אין אירע קויכעס.

און—

ניט איינגעהיט.

יעסענין איז געשטאָרבן.

* * *

יעסענין איז געבוירן געוואָרן דעם 4-טן אָקטיאַבער פון 1895 יאָר, אין דאָרף קאָנסטאַנטינאָווע ריאַזאַנער קרייז, ריאזאנער גובערניע. געוואָקסן אין אַן אָרעמער פויעריִשער מישפאָכע. צוליבן טויט און צוליב דער אָרימקייט פון זיינע עלטערן, גיט מען אים אַוועק צו אַ פארמעגלעכן זיידן, בא וועלכן ער פאַרברענגט זיין קינדהייט און זיין יוגנט.

דער זיידע זיינער וויל מאַכן פון יעסענינען א שטאָלצן, געזונטן דאָרפישן באָכער. פרי, נאָך גאָר אַ קינד, זעצט ער אַוועק דעם קליינעם סערגיי אַף אַ היציקן פערד און צויאָגט אים מיטן גאַנצן קויעך. דער קליינער סערגיי האַלט זיך בא דער גריווע, האַלט זיך, קעדיי ניט צוריבן ווערן אונטער די טלאַען פון דעם צווילדע-ווען פערד.

אָט אַזוי איז געוואקסן יעסענין.

פרי האָט יעסענין אָנגעהויבן שרייבן לידער. צו 19 יאָר פאַלט ער פלוציִם אַראָפ קיין פעטראגראד, באַקאָנט זיך מיט בלאָקן. און יענער פירט אים אריין אין דער ליטעראַרישער וועלט.

יעסענין איז געווען דער דיכטער פון דעם שטרויענעם רוסלאנד. און מיט זיין גאנצער ליבע און טריישאפט, מיט זיינע אלע זינגענדיקע פיברען פון זיין האַרץ האָט ער עס באזונגען, דערום האָט יעסענין זיך ניט געקאָנט געפינען קיין אָרט אין דעם נייעם פראָלעטאַרישן רוסלאנד, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין פלאָם און אין פייער פון די אָקטיאַברטעג. יעסענין האָט ניט פיינט אָט דעם פייער און פלאָם פון די אָקטיאַברטעג, ווייל אין זיי האָט ער געזוכט די סטיכישע אופרייס-טעג פון פוגאַטשאָוון און ראַזינען. און דעריבער זאָגט יעסענין: „די בעסטע טעג מיינע, זיינען די טעג פון 19-טן יאָר. ווען אין שטוב איז קיין שייטל האָלץ ניט געווען..." נאָר ווען די רעוואָלוציע גייט איבער פון איר אופגעכוואַלעטן, אופגע-ברויזטן צושטאַנד צו א פעריאָד פון פלאַנמעסיקער „וואכעדיקער" בויונג, קעדיי אַף די כורוועס פון דער אלטער, פון דער שטרויענער ר א ס י י א, בויען דעם אינדוס-טריעלן ס א וו ע ט נ פ אַ ר ב אַ נ ד, דעמאָלט גייט ער פאַרטרינקען זיין צאַר אין דער „מאָסקווא-קאַבאַצקאַיאַ" און ווייל דער דיכטער פון דעם אָפגייענדיקער שטרויענער רוסלאַנד האָט זיך קיין אָרט ניט געפונען אַף אונדזער סאָוועטישער ערד, האָט ער געקאָנט פאַרענדיקן זיין לעבנוועג בלויז מיט די ווערטער:

„На этом свете умереть не ново
Но жить, конечно, не новей."

אין איינעם פון די בלאָע אָוונטן האָט זיך יעסענין אופגעהאַנגען אין איינער פון די לענינגראַדער האָטעלן.

---

### מיישע טייף.

# סערגיי יעסענינען.

...Что юность светлую мою
В борьбе других я не увидел.
— — — — — — — —
Скоро, скоро часы деревянные
Прохрипят мой двенадцатый час.

Сергей Есенин.

---

I.

היי, ניט וויין, מיין גרינגע פידל,
ווי עס וויינט א ווינט אין שנייען...
מער ניט קליִנגען וועלן לידער,
בלאָנדע לידער פון סערגייען.

ווען און ווו וועט איִצטער לויערן
לידער רויכיִקע פון שענקען,—
ניט אַף דעם וועל איך באַדויערן,—
און נאָך דעם וועל איך ניט בענקען.

קאָפ דיין בלאָנדע, קאָפ דיין הייסע,
וואַרט דיין מאַמע פון ריאַזאַן,
היינט וועט אויסקליִנגען אַ קלויסטער
לעצטע ליד פון דיין ריאַזאַן.

היי, ניט וויין, מיין גריִנגע פידל,
נאָך דיין בלאָנדע קאָפ, סערגיי,
האָט שוין אָפגעזאָגט זיין ווידוי
פאָפוגאַיעל און דער שניי.

II.

Я вынул кольцо у попугая
И сгораю розовым огнем
— — — — — — — —
Мир тебе, отшумевшая жизнь,
Мир тебе, голубая прохлада.

Сергей Есенин.

---

וואָס זשע וויינסטו פאָפוגאַיעל,
איז דיר קאַלט אין ווייסן שניי?
אַוועק, אַוועק אין בלויען פייער
מיט אַ געלן רונג סערגיי.

ערגעץ ווו אַף שניי און שליטן
איז אַ גלעקעלע געפאַלן...
אַז אַ ווינט האָט קאָפ צושניטן,—
וויין ניט ייִנגעלע: פאַרפאַלן!...

װען ס'באַפאַלט מיר שטיל מיין אומעט,
האָב איך ערד און פיס אַף שטיין,
אָט פאַרװאָס װעט מיר ניט אויסקומען
קאָפּ צוזעצן אַף אַ שטיין.

אויב אַ הארץ איז פול מיט קנאָספּן
און מיט זאַפט פון ברויט
איז פאַרװאָס זשע, זאָג מיר, האָסטו
ליב געהאַט דעם טויט.

* * *

ניט אַף שילטן, ניט אַף װאָגל,
װייל אין האַרצן פייפט אַ האַק,
בעסער שנייט מיין יונגן גאָרגל
איידער לידער פון קאַבאַק.

ש. העלמאנד.

* * *

זינג ניט, ניט זינג אַזוי שװאַרץ,
זינג ניט אין אָװנט אַ צינדער,
װען עס שטילט און עס קלאפּט ניט דאָס האַרץ,
דאָס האַרץ פון די רוסישע װינטן.

————

װייל אף ברייטן, אף פעלדער אַף שנעיקע,
קוקט אַרויס דורך א שייבל אַ מאַמע.
װייל אַװעק איז אַװעק איר סערגעיושקע,
פון סערגעיושקעס ברייטן ריאַזאַנער.

————

נאָר דורך נאַכט און דורך װינט, און דורך פראָסט
װעט ניט קערן צו היימען צו שטרויענע,
װייל א שטאָט האָט פאַרשלונגען איר שטאָלץ
אַ שטאָט מיט צוּעפּנטע מויערן.

## הירשל קאמענעצקי.

# יעסענינען.

שטילער, װיינט ניט... שטילער װיינט ניט, װינטן...
מיר איז היינט געננוג אָן אַייער װיינען.
עפּעס אין די אויגן טוט אַ פינקל,
עפּעס בין איך שװערער היינט פון שטיינער...
שטילער, װיינט ניט, שטילער װיינט ניט װינטן.

————

אוי צװויג זיך, אוי צעװויג זיך גלאָק אין רוימען,
אין לאַנד אַ קלינגער איז פאַרלאָרן.
איך װיל, איך מוז זיך היינט צוזינגען שוימיק,
װען דיין קלינגער ליגט שוין שטיל אין אָרן...
איז צװויג זיך, איז צװויג זיך גלאָק אין רוימען.

————

ניין, ניט צאַפּלט שטערנדלעך, אין הימל דאָרט,
סאַיװיסאַי האָט ער אונדז פרעמד געזונגען...
עך, צושיט זיך שטערנדלעך אין קימל
ער האָט פאָרט געזונגען לידער יונגע...
ניין, ניט צאַפּלט שטערנדלעך אין הימל.

————

איז צװויינט זיך און צופייפט װינטן,
שטויבט און רייסט און בויגט זיך היינט אין הויקערס.
װאָס זשע זילבערט זיך ריאַזאַן אין װינטער,
אַז פאַרלאָרן איז איר יינגסטער זון, סערגייקע
עך, צושרייט זיך און צופייפט זיך װינטן.

# צום 100-טן יאָרטאָג פונם דעקאַבריסטן-אופשטאנד (1825—1925).

— „יונגע שטורמאַנעס פונם צוקונפטיקן שטורם“ האָט זיי אָנגערופן גערצען.
אָבער דאָס איז נאָך ניט געווען דער שטורם גופע.
שטורם—דאָס איז באַוועגונג פון די מאסן.

לענין.

ה. אלעקסאַנדראָוו.

## מיט הונדערט יאָר צוריק.

(צו דער פראַגע וועגן די סאָציאַלע יעסוידעס פונם דעקאברִיסטן-אופשטאַנד).

אין די ערשטע צענדליקער יאָרן פון נייַנצנטן יאָרהונדערט (אין דער צייט פון אַלעקסאַנדער דעם ערשטן) האָבן עקזיסטירט אין רוסלאנד צווישן דער מיליטערישער און אריסטאָקראטישער יוגנט פון אַדלשטאַנד אייניקע געהיימע געזעלשאַפטן, וועלכע האָבן פאַר זיך געשטעלט דעם ציל—איינפירן אַ נייע פאָליטישע אָרדענונג אין רוסלאַנד. די געזעלשאַפטן האָבן געטראָגן פאַרשיידענע נעמען („רעטונגספאַרבאנד“, „וואָילשטאנדפאַרבאנד“) און זיינען ניט געווען איינהייטלעך אין זין פון פאָליטישע צילן, וואָס זיי האָבן פאַר זיך געשטעלט. אונטער דער ווירקונג פון פעסטעלן, איינעם פון די גלענצנדיקסטע רוסישע פאָליטישע דענקער און טוער פון יענער צייט, האָט זיך דער רעכטער „וואָילשטאַנדפאַרבאַנד“ (וועלכער האָט גערעכנט אַריינגיין אין דירעקטע באַציִונגען מיט אַלעקסאַנדער דעם ערשטן, קעדיי דערשלאָגן זיך רעפאָרמען), פאַרוואַנדלט אין אַ רעוואָלוציאָנערע געהיימע געזעלשאַפט, וועלכע האָט אָף זיך גענומען די אופגאַבע—אופהייבן אין 1826 יאָר אָפן דאָרעם בייס די צאַרישע מאַנעווערס אַ מיליטערישן אופשטאַנד, דערמאָרדן אַלעקסאַנדער דעם ערשטן, דערנאָך גיין מיט דער אַרמיי אָף פעטערבורג און מאָסקווע און דאָרט צווינגען די העכערע רעגירונגאַנשטאַלטן אנערקענען די צייטווייליקע רעוואָלוציאָנערע רעגירונג, וועלכע איז שוין געווען אָנגעמערקט און וועלכע האָט געדאַרפט איינפירן אַ נייע אָרדענונג. דער פלאַן האָט זיך ניט איינגעגעבן.

אין נאָיאַבר 1825 יאָר איז אומדערוואַרטעט געשטאָרבן אַלעקסאַנדער דער ערשטער, ניט לאָזנדיק נאָך זיך קיין קינדער. דער טראָן האָט געדאַרפט אריבערגיין צו זיין ברודער, קאָנסטאַנטין, נאָר יענער האָט זיך נאָך פריער אָפגעזאָגט פון רעכט אָפן קעניגלעכן שטול, און דעם לעצטן האָט נעדאַרפט פאַרנעמען דער צווייטער ברודער, ניקאלאי (ניקאלאי I).

וועגן קאָנסטאַנטינס אָפזאָג האָט מען געוווּסט נאָר אין די נאָענטסטע קייזערלעכע ספערן. די אַרמיי האָט גערעכנט, אַז נאָך אַלעקסאַנדערס טויט דאַרף זי שווערן קאָנסטאַנטינען, (אַגעוו, האָט ניקאָלאַיען די מיליטערישע יוגנט זייער ניט ליב געהאַט). דעם איבערגאַנגמאָמענט האָבן גערעכנט אויסנוצן די אָנפירער פון דער רעוואָלוציאָנערער געזעלשאַפט. זיי האָבן אַרויסגעלאָזן אַ קלאַנג, אַז קאָנסטאַנטין האָט צוגעזאָגט אַ קאָנסטיטוציע און דערפאַר האָט מען אים באַזייטיקט. אַז אַלעקסאַנדער דער ערשטער האָט אין זיין צוואָע אָנגעזאָגט באַפרייען די פויערים און פאַרקלענערן דעם טערמין פון מיליטערדינסט, נאָר ניקאָלאַי האָט די צוואָע באַהאַלטן. דעם 14 דעקאַבר 1825 יאָר, אין דעם טאָג, אָף וועלכן ס׳איז באַשטימט געוואָרן, אַז די אַרמיי דאַרף שווערן טרייהייט דעם נייעם קייסער, האָבן די „פאַרשווערער“ אַרויסגעפירט אָפן סענאַטפּלאַץ אין פעטערבורג די רעוואָלוציאָנערגעשטימטע סאָלדאַטן. די פאַרשווערער האָבן געמיינט, אַז צו זיי וועלן צושטיין די איבעריקע פאָלקן. צו די פאַרשווערער איז צוגעשטאַנען דער פעטערבורגער „האַמוין“, צווישן זיי—די אַרבעטער, וואָס האָבן געבויט דעם איסאַקיִווער קלויסטער. די אַרבעטער האָבן פאַרוואָרפן מיט שטיינער ניקאָלאַיען און זיין סוויטע.

די פריצישע „פאַרשווערער“ האָבן זיך ניט גערעכנט אָף אַ מיטגעפיל פון דעם „זייטיקן“ עולם. זיי האָבן דאָס ניט זייער שטאַרק געוואָלט אויך. דערצענדיק פאַר זיך אַ „בונט“ פון אַ גרויסער מאסע, האָבן זיי זיך פאַרלאָרן. אַ טייל פון די, וואָס האָבן אָנטיילגענומען אין דער פאַרשווערונג, זיינען, אַגעוו, אָפן פלאַץ אינגאַנצן ניט געקומען.

עס האָט זיך אויך פאַרלאָרן ניקאָלאַי, נאָר ניט אָף לאַנג. באַלד האָבן זיך באַוויזן זיינע גענעראַלן מיט אַרטילעריע און קאַוואַלעריע, און דער אופשטאַנד איז געוואָרן ליקווידירט.

אונטער דער אָנפירונג פון מוראַוויאָוו-אַפּאָסטאָל האָט זיך אופגעהויבן אַ מיליטערישער אופשטאַנד אָפן דאָרעם, נאָר ער איז אויך דערשטיקט געוואָרן.

נאָכדעם, ווי ס׳איז דערשטיקט געוואָרן דער דעקאַבריסטן-אופשטאַנד, האָט זיך אָנגעהויבן דער מישפּעט איבער די דעקאַבריסטן. דעם אַקטיוויסטן אַנטייל אין אויספאָרשונג האָט גענומען ניקאָלאַי אַליין. אין רעזולטאַט פון מישפּעט זיינען די פינף הויפּטאָנפירער פונם דעקאַבריסטן-אופשטאַנד: פעסטעל (ער איז אַרעסטירט געוואָרן נאָך פאַרן אופשטאַנד, אַ דאַנק אַ פאַראַט), רילעיעוו, בעסטוזשעוו-ריומען, מוראַוויאָוו-אַפּאָסטאָל און קאַכאָווסקי אופגעהאַנגען געוואָרן, איבער הונדערט מענטשן פאַרשיקט אין סיביר און אָף קאַטאָרגע, די איבעריקע פאַרמישפּעט צו קלענערע שטראָפן.

אַזוי האָט זיך פאַרענדיקט דער ערשטער רעוואָלוציאָנערער אופשטאַנד, וועלכער איז אין זיין צייט געווען דער ערשטער אַנגריף קעגן דער רוסישער זעלבסטהערשונג.

---

צווישן די פאַרשיידענע רעוואָלוציאָנערע שטרעמונגען, מיט וועלכע עס איז אַזוי רייך די געשיכטע פונם רוסישן געזעלשאַפטלעכן געדאַנק אין XIX יאָרהונדערט, האָבן די דעקאַבריסטן געהאַט אַ באַזונדער מאַזל: היסטאָריקער און פובליציסטן האָבן זיך פאַרנומען מיט זיי ניט אין אַ ערעך מער, איידער מיט אַנדערע פאָרשטייער פון העכערער אַריסטאָקראַטיע, וואָס זיינען געווען דורכגעדרונגען מיט די פאָרגעשריטנסטע רעוואָלוציאָנערסטע אידייען פון זייער צייט.

פאַר אָפיציעלע און אָפיציעזע היסטאָריקער האָבן געדינט די דעקאַבריסטן אַלס אַ מוסערהאַסקל: אָט זעט צו וואָס עס ברענגט אַ פרווו איבערזעצן אָפן רוסישן באָדן דעם מאַיירעוואַייראָפעישן פרייען געדאַנק. פאַר דער אַזוי גערופענער ליבעראַלער געזעלשאַפט, וועלכע איז געווען געשטימט אָפאָזיציאָנעל און דורכגעפירט איר אָפאָזיציע נאָר אין לעגאַלע פאָרמען, האָבן די דעקאַבריסטן געדינט ווי אַ סימוואָל פון „זייער“ רעוואָלוציאָנערן אוועק, ווי אַ באַווייז, אַז ווען ס׳האָט זיך געפאָדערט, זיינען „זיי“ אויך געווען גרייט אַף קאָרבאָנעס—און די דעקאַבריסטן זיינען קימאַט ווי קאַנאָניזירט געוואָרן אַלס פאַטערס פון רוסישן ליבעראַליזם. אויספאָרשנדיק די פאַרשיידענע קאָנסטיטוציעס, וועלכע

זיינען געשאַפֿן געוואָרן דורך די דעקאַבריסטן, האָט מען זיי באַטראַכט אויסשליסלעך פֿון היסטאָריש-יורידישן שטאַנדפּונקט, פֿאַרגלייכט זיי מיט די מאַירעוואייראָפּעישע קוועלן, אַף וועלכע זיי האָבן זיך געשטיצט, און דערביי אינגאַנצן פֿאַרגעסן אָן די סאָציאַלע און עקאָנאָמישע יעסוידעס אין רוסלאַנד גופֿע, וועלכע האָבן די פּראָיעקטן פֿון די קאָנסטיטוציעס אַרויסגערופֿן.

אין די לעצטע פּאָר צענדליק יאָר האָט מען די דעקאַבריסטן ענג פֿאַרבונדן מיט די רוסישע מאסאנען. באַטראַכטנדיק די לעצטע ווי, לעמאָשל, מערעזשקאָווסקי אין זיין באַוווּסטן ראָמאַן „אַלעקסאַנדער דער ערשטער", „14 דעקאַבער" א. אַנד. און צוזאַמען מיט זיי אויך די דעקאַבריסטן—ניט אַלס געזעלשאַפֿטלעכע טוער און פּאָליטישע דענקער, נאָר אַלס „רוסישע גאָטזוכער", וועלכע האָבן געזוכט „עכט רוסישע" וועגן פֿאַר דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פֿון רוסלאַנד.

וויניקער ווי אַנדערע—דאָס מוז מען קאָנסטאַטירן—האָבן זיך מיט די דעקאַבריסטן פֿאַרנומען די פֿאָרשטייער פֿון מאַרקסיסטישן געדאַנק. עפּשער האָט דאָ אויך אומבאַוווּסטזיניק געשפּילט אַ ראָל די אַזוי גערופֿענע וויסנשאַפֿטלעכע טראַדיציע, אַ דאַנק וועלכער די דעקאַבריסטן זיינען געווען פֿאָרגעשטעלט ווי אַ בליצבאַוועגונג פֿון פּ ע ר ז אָ נ ע ן, און דאָס האָט פֿאַרשטעלט איר אונטערשטן סאָציאַלן און עקאָנאָמישן אינהאַלט, וועלכער האָט זיך דאָ אויבנויף ניט אַזוי בולעט אַרויסגעוויזן. אין זיין באַוווּסטער רעדע וועגן די דעקאַבריסטן צום 75-טן יאָרצייט (14/27 דעקאַבער 1900) האָט פּלעכאַנאָוו געזאָגט: „צום קאָוועד פֿון אונדזער לאַנד האָבן זיך באַוויזן אין דער סוויווע (פֿון אַדלשטאַנד), וועלכע איז געווען טויט פֿאַר יעדן לעבעדיקן געדאַנק און יעדער איידעלער שטרעבונג, מ ע נ ט ש ן, וואָס האָבן פֿאַרשטאַנען די גאַנצע גרויזאַמקייט פֿון דער דעמאָלטיקער לאַגע פֿון רוסלאַנד און זיינען געווען גרייט דינען מיט אַלע קויכעס דער באַפֿרייונג פֿון רוסישן פֿאָלק". און ווייטער: „באַטראַכטנדיק דעם 14-טן דעקאַבער ווי אַ שלאַכט צווישן די אָנהענגער פֿון זעלבסטהערשונג און די אָנהענגער פֿון פּאָליטישע פֿרייהייט, קאָנען מיר ניט ניט באַמערקן אַן אומקאָנסעקווענטקייט און אומצוועקמעסיקייט אין די מאַיסים פֿון די פֿאַרשווערער. „זיי זיינען באַוווּסטזיניק געגאַנגען אַף מאַרטירערטום און האָבן ווינציק געגלויבט אין דירעקטן דערפֿאָלג פֿון זייער אַרבעט".

די סאָציאַלעקאָנאָמישע וואָרצלען פֿונם דעקאַבריזם פֿאַרשוויגט פּלעכאַנאָוו אין זיין דאָזיקער רעדע.

אָט אַזוי האָט דער פּערזענלעכער שיין פֿון די דעקאַבריסטן פֿאַרשטעלט אַפֿילע פֿון פּלעכאַנאָוון זייער סאָציאַלן וועזן.

גאַנץ אַנדערש זיינען צוגעגאַנגען צו די דעקאַבריסטן די פֿאָרשטייער פֿונם רעוואָלוציאָנער מאַרקסיסטישן געדאַנק. דער באַוווּסטער היסטאָריקער פּראָפֿ. פּאָקראָווסקי (זע זיין רוסישע געשיכטע „לעקציעס איבער די געשיכטע פֿון די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען אין רוסלאַנד" און אַנדערע אַרטיקלען), האָט דער ערשטער פֿאַרינטערעסירט זיך און אויסגעפֿאָרשט קודעמקאָל די סאָציאַל-עקאָנאָמישע אומשטענדן, באַ וועלכע ס'האָט זיך געקאָנט שאַפֿן די געהעריקע רעוואָלוציאָנערע סיטואַציע. ווי עס האָט שוין אָנגעוויזן, לעמאָשל, א. שעבונין אין זיין אַרטיקל „פֿון דער געשיכטע פֿון די אדלשטימונגען אין די 20-ער יאָרן פֿון XIX יאָרהונדערט" (אויסגאַבע פֿון צענטראַרכיוו „קלאַסנקאַמף" לענינגראַד 1924 ז. 55, באַמערקונג) האָט פּראָפֿ. פּאָקראָווסקי דער ערשטער אָנגעוויזן די באַדייטונג פֿון די ברויטמעקאָכים און זייער פֿאַלן פֿאַר דער סאָציאַלער געשיכטע פֿון רוסלאַנד אין די 20-ער און 30-ער יאָרן.

דער סאָף פֿון XVIII און אָנהויב פֿון XIX יאָרהונדערט—דאָס איז די צייט, ווען דער גוטבאַזיצער הויבט אָן צו ווערן אַן אונטערנעמער און „פּראָדוצירט" ברויט. נאָך נאַפּאָלעאָנס מילכאָמעס איז געוואַלטיק געוואַקסן דער אַרויספֿיר פֿון רוסישן ברויט אַפֿן אויסלענדישן מאַרק, איבערהויפּט אין ענגלאַנד. אין די יאָרן 1812—15 האָט דער ברויטעקספּאָרט פֿאַרנומען 10,5% פֿון גאַנצן רוסישן עקספּאָרט, אין די יאָרן 1816—20 האָט ער זיך אופֿגעהויבן ביז 31,2%—ד. ה. אויסגעוואַקסן אַף 300% אין מעשעך פֿון 9—8 יאָר. דער אַרויספֿיר פֿון ווייץ איז אין מעשעך פֿון 4 יאָר אויסגעוואַקסן אין 5 מאָל (5 מיליאָן פּוד אין 1813 יאָר 20 מיליאָן פּוד—אין 1817).

נאָך די 20-ער יאָרן הויבט אָן דער ברויטעקספּאָרט קאַטאַסטראָפֿיש פֿאַלן (אַ דאַנק דעם „ברויטגעזעץ" אין ענגלאַנד און פֿאַרמאַכן די אויסגוסן באַם שוואַרצן יאַם), און אין די יאָרן 1825—1829 פֿאַרנעמט ער שוין ניט מער ווי 8,4 פּראָצ. פֿון גאַנצן עקספּאָרט; דאָס האָט, פֿאַרשטייט זיך, געשאַפֿן נידעריקע פּרייזן אַף ברויט אַפֿן אינעווייניקסטן מאַרק. ווי עס האָט אָנגעוויזן דער באַוווּסטער היסטאָריקער פֿון אַגראַרער עוואָלוציע אין רוסלאַנד, פּ. ליאַשטשענקאָ, האָבן די גוטבאַזיצער געהאַט יערלעך ביז 80 מיליאָן רובל העזעק אַף ברויט. אָט אין די פּאָשעטע ציפֿערן ליגט דער שליסל פֿון דער רעוואָלוציאָנערער סיטואַציע אין צייט פֿון די דעקאַבריסטן.

די אָנגעוויזענע ענדערונגען אין וויכטיקסטן נערוו פֿון רוסישער ווירטשאַפֿט אין יענער צייט האָבן ניט געקאָנט ניט ברענגען צו נייע סאָציאַלע דיפֿערענצירונגען, קודעמקאָל אין די רייען פֿון הערשנדן שטאַנד—דעם אַדל. צווישן די לעצטע בילדעט זיך אויס אַ גרופּע פֿון גרויסע מאַגנאַטן, וועלכע האָבן אין די יאָרן פֿון אופֿשרויפֿונג פֿון די ברויטמעקאָכים, איינגעפֿירט באַ זיך עמעסע „ברויטפֿאַבריקן", וועלכע זיינען געווען ענלעך צו די אַמעריקאַנישע פּלאַנטאַציעס. פֿון דער אַנדערער זייט האָבן די נידעריקע ברויטפּרייזן פֿאַראָרעמט דעם קליינעם גוטבאַזיצער און געפֿירט אים צום גרונט. אין 1822-טן יאָר שרייבט אַלעקסאַנדער דער ערשטער צום פּרייסישן קעניג: „לאַנדווירטשאַפֿט אָן אָפּזאַץ און אינדוסטריע, אָן מעלוכעהיסקאַרוועס קאָן מער ניט עקזיסטירן, דאָס געלט גייט אַוועק, די סאָלידע פֿירמען האָבן זיך אַ טרייסל געטאָן, און די פֿאָלקווירטשאַפֿט וועט באַלד פֿילן די פֿאָלגן פֿון דער ווירטשאַפֿטלעכער רויִנירונג פֿון פּריוואַטע פּערזאָנען". די רעגירונג איז געשטאַנען אַפֿן שיידוועג: ראַציאָנאַליזירן די לאַנדווירטשאַפֿט באַ אַזעלכע אומשטענדן האָט ניט געהאַט קיין זין; אַסאַך גלייכער איז שוין געווען אַריבערגיין צו גרינדן פֿאַבריקן און זאַוואָדן. נאָר צו דעם איז נויטיק געווען אָפּזאָגן זיך פֿון סאָציאַלן יעסאָד פֿון זעלבסטהערשונג—לייבאייגנטום,

קעדיי צו באַפרייען אַרבעטערהענט. קעגן דעם, פאַרשטייט זיך, זיינען קוידעמקאָל אַרויסגעטראָטן די העכערע רעגירונגבאַאַמטע, וועלכע זיינען אין דערזעלבער צייט געווען די גרעסטע גוטבאַזיצער. דער קאַנצלער, גראַף רומיאַנצעוו, ווייזט אָן, אַז „דעם מיילעכס סצעפטער איז ניט קיין אַרשין און זיין מעלוכעשטול איז ניט קיין פאַקסכוירע".

אין דערזעלבער פאַרלעגנהייט האָבן זיך געפונען די דעקאַבריסטן. „פלייש פון פלייש, ביין פון ביין" פון אַדלשטאַנד, האָבן זיי געזען זיין צופאַלן און דיפערענצירונג; פאַר זיי איז נאָך אָבער ניט אינגאַנצן געווען קלאָר, צו וואָס ווערט און דאַרף עס ברענגען.

קאַכאָווסקי, איינער פון די פינף געהאַנגענע דעקאַבריסטן, אַ קליינער גוטבאַזיצער, ווייזט אָן אין זיינע בריוו צו ניקאָלאַי דעם ערשטן און גענ. לעוואַשאָוו: „ווו זאָל זיך אַהינטאָן, ווו קאָן געפינען שוץ דער אָרימער אַדלמאַן, וועלכער האָט ניט קיין פאַרבינדונגען און קיין מיטלען"? „דער קורס פון אונדזערע געלט איז געפאַלן און אַ רובל האַלט 25 קאָפּיקעס, אין דערזעלבער צייט וואַקסן די מעלוכעהויצאָעס, ד. ה. עס וואַקסן די שטייערן. פון וואַנען-זשע קאָן מען די שטייערן איינצאָלן? ווען איך באַקום פון מיין קאַפּיטאַל 10 פראָצ., איז פאַר מיר ניט שווער איינצאָלן אין קאַזנאַ כאָטש 4 פראָצ.; אָבער ווען מיין קאַפּיטאַל איז טויט, איז אַפילע אַ שטייער פון אַ האַלבע פראָצ. פאַר מיר געהאַרגעט, ער רויִנירט מיין וואָילשטאַנד". דערזעלבער קאַכאָווסקי ווייזט אָן, אַז „די מאַיאָנטקעס באַ די גרויסע פריצים האָבן גענוג פרייהייטן".

אַנאַליזירנדיק די באַוווסטע קאָנסטיטוציע פון אידעישן און פראַקטישן אָנפירער פון די דעקאַבריסטן, פעסטעל, ווייזט אָן פראָפעסאָר דאָוונאַר זאַפאָלסקי (ז. 379), אַז פעסטעל האָט געשטרעבט צו גלייכהייט פון שטאַנדן און האָט פיינט געהאַט יעדע אַריסטאָקראַטיע, סאַי פעאָדאַלע, סאַי קאַפּיטאַליסטישע, נאָר די לעצטע האָט ער פיינט געהאַט מער פאַר דער ערשטער. „באַ אַ פּריווילעגירטן פעאָדאַל קאָן מען צונעמען זיינע הערבן און טיטולן אַפן געזעצגעבערישן אויפן; אַפן זעלבן אויפן קאָן מען צונעמען זיינע גיטער און אָפּגעבן זיי דער מעלוכע. קעמפן מיט דער קאַפּיטאַליסטישער אַריסטאָקראַטיע איז אָבער פיל שווערער, אויב מע זאָל ניט אָנרירן דערביי די עלעמענטאַרע גערעכטיקייט, און די ווירקונג פון דער אַריסטאָקראַטיע קאָן זיך אַרויסווייזן מיט מער פאַרשפּיצטע וועגן". ס'איז גרינג אָנצושטויסן זיך, אַז פעסטעל איז דאָ געווען פאַרבונדן מיט דיזעלבע פענטעס, וועלכע האָבן געהאַלטן אין קלעם זיינע טעאָרעטישע פאָרגייער—די יאַקאָבינער אין דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע—די פראַגע וועגן אייגנטום. און פעסטעל שטרעבט דעריבער צו דעם, אַז „אַלע רוסישע מענטשן זאָלן ווערן גוטבאַזיצער". אָט די ייִכעססינע פון אַריסטאָקראַט צום אויפגעקומענעם קאַפּיטאַליסט איז געלעגן אין יעסאָד פון דעם, פאַרוואָס די דעקאַבריסטן האָבן פאָרגעשטעלט דעם קינפטיקן פאָליטישן צענטער פון רוסלאַנד ניט אין פעטערבורג, נאָר אין ניזשני־נאָווגאָראָד, מאַכמעס פעטערבורג איז שוין אין יענע צייטן געווען אַ סאָכרישע שטאָט.

די סאָציאַלע דיפערענצירונג פון אַדל האָט אין יענער צייט אויך באַטייט אַ דיפערענצירונג אין די רייען פון די אַרמיי־אָנפירער. ניט אַלע דעקאַבריסטן—אָפיצערן האָבן געהאַט איינע און דיזעלבע מיינונג וועגן דער קינפטיקער מעלוכע־אָרדענונג. אויסער דער באַוווסטער פאַנאַנדערטיילונג אַף „דאָרעמרעפובליקאַנער" (אָנהענגער פון פעסטעלן) און „צאָפנקאָנסטיטוציאָנאַליסטן" (אָנהענגער פון מוראַוויאָוון), האָט נאָך עקזיסטירט אַ דריטע עקסטרעמע שטרעמונג „געזעלשאַפט פון פאַראייניקטע סלאַוויאַנער", וועלכע די בורזשואַזע היסטאָריקער האָבן צוליב איר עקסטרעמקייט קימאַט אינגאַנצן פאַרשוויגן. צו דער שטרעמונג האָבן געהערט די מיליטערלייט, וועלכע האָבן אין עקאָנאָמישן זין קימאַט ווי ניט געהערט שוין צום אַדלשטאַנד—גוטבאַזיצער יורדים, וועלכע האָבן פאַרלאָרן זייערע ערדוואָרצלען און די נייע ניט דערגרייכט. מיט פאַראַכטונג שרייבט איינער פון זייערע געוועזענע פאָרשטייער, גאַרבאַטשעווסקי, וועגן די לינקע דאָרעמדעקאַבריסטן. „זיי (ד. ה. די דאָרעמדעקאַבריסטן), האָבן געטראַכט מאַכן די איבערקערעניש נאָר מיט דער קראַפט פון מיליטער, אָן אַנטייל פון פאָלק, ניט אויסזאָגנדיק אַפילע דעם סאָד ניט די אָפיצערן, ניט די סאָלדאַטן; די ערשטע האָבן זיי גערעכנט צוציִען מיט צוזאָגענישן און ענטוזיאַזם, די צווייטע—אָדער מיט דיזעלבע מיטלען, אָדער מיט געלט און אָנשרעקן".

און דאָ ליגט די וויכטיקסטע סיבע פון דורכפאַל פון די דעקאַבריסטן. ווי האָבן זיי זיך באַצויגן צום פאָלק, צו דער מאַסע?

דער דעקאַבריסט שטענגעל זאָגט דילעיעון: „אין רוסלאַנד קאָן ניט עקזיסטירן קיין רעפובליק, און אויב די רעוואָלוציע וועט פאַר זיך שטעלן אַזעלכע צילן, וועט זי ברענגען מוירעדיקן שאָדן. אין איין מאָסקווע געפינען זיך נייִנציק טויזנט הויפבאַדינער, (дворовые), וועלכע זיינען גרייט נעמען זיך פאַרן מעסער, און די ערשטע קאָרבאָנעס וועלן זיין אונדזערע באָבעס, מומעס און שוועסטער". און קאַכהאָווע: ווען עס האָבן זיך באַוויזן די רעוואָלוציאָנערע מיליטערטיילן אַפן סענאַטפלאַץ, זיינען גלייך צו זיי צוגעשטאַנען די פעטערבורגער אַרבעטער און „מאַסטעראָוויע" און האָבן ניקאָלאַיען מיט שטיינער פאַרוואָרפן.

די מוירע פאַר דער מאַסע האָט געהאַט, פאַרשטייט זיך, אונטער זיך אַ פּסיכאָלאָגיש היסטאָרישן באָדן.

די צוויי טעטיקע קלאַסן פון דער רוסישער געזעלשאַפט ביז די דעקאַבריסטן—די פויערים און דער אַדל—האָבן אויסגעאַרבעט צוויי וועגן, אַף וועלכע זיי האָבן גערעכנט דערשלאָגן זיך צו יענע סאָציאַלע און פאָליטישע ענדערונגען, וועלכע האָבן געדאַרפט אנטשפרעכן זייער עקאָנאָמישן ווען. פון איין זייט—דער וועג פון סטיכישע בונטן (ראַזין און פוגאַטשאָוו), אָן אַ בריטן פאָליטישן אינהאַלט, נאָר מיט אַ בולעטן סאָציאַלן אינסטינקט, וועלכער האָט געשטרעבט צו סאָציאַלע ענדערונגען, ניט באַרירנדיק דערביי די פאָליטישע סיסטעם; פון דער אַנדער זייט—דער וועג פון הויפאיבערקערענישן, מיט וועלכע עס איז אַזוי רייך די רוסישע געשיכטע פון 18-טן יאָרהונדערט און וועלכע האָבן אין געוויסע פאַלן געפרוווט באַרירן די פאָליטישע סיסטעם, ניט אָנרירנדיק די סאָציאַלע יעסוידעס פון דער עקזיסטירנדיקער אָרדע-

נינג. ]ביידע מעטאָדן האָבן געהונקען און ניט געבראַכט צו די געווונטשענע רעזולטאַטן. דער מיטעלער אַדל איז סאָפּקאָלסאָף געוואָרן פאַרקנעכטעט דורך דער זעלבסטהערשונג, דאָס פויער-טום —דורכן אַדלשטאַנד.

די דעקאַבריסטן האָבן געשטעלט פאַר זיך אַ ציל — דערגרייכן דורך די קאַמפּמעטאָדן פון אַדלשטאַנד די צילן, וועלכע האָבן געקענט דערגרייכט ווערן, נאָר מיטן אַנטייל פון דער מאַסע; אַף וויפל די לעצטע האָט ניט גענומען קיין אַנטייל, האָט, פאַר-שטייט זיך, דער אופשטאַנד געמוזט דורכפאַלן.

קלאָר: נאָך הונדערט יאָר געשיכטע פון די דעקאַבריסטן, נאָך צענדליקער יאָרן דעטאַלע אויספאָרשונגען איבער זיי, דאַרף זיך ערשט אָנהייבן די מאַרקסיסטישע אויספאָרשונג פון די באַ-דינגונגען, בא וועלכע דער אופשטאַנד האָט זיך אָרגאַניזירט. נאָר אַזאַ אויספאָרשונג וועט אַוועקשטעלן די דעקאַבריסטן אַפן ריכטיקן אָרט, אָן קיין שום אידעאַליזירנדיקע פאַרבן.

און דערווייל קאָנען מיר בענויגייע צו די דעקאַבריסטן אויסנוצן די באַמערקונג פון אַלטן העגל, וועלכער האָט אין זיין „פילאָסאָפיע פון דער געשיכטע", איבערגייענדיק פון אַלטן מיזרעך צו גריכנלאַנד, באַמערקט, „דאָ הויבן מיר זיך שוין אָן פילן, ווי בא זיך אין דערהיים".

יא, בלעטערנדיק די אַלטע געשיכטע פון רוסלאַנד, הויבן מיר אָן בא דעם דעקאַבריסטנבלאַט פילן דעם שטורעם פון דער צייט, און אין דעם ליגט דער סאָד פון דער צוציִונגקראַפט, וואָס דידאָזיקע עפּאָכע האָט נאָך ביז איצט ניט פאַרלאָרן.

---

י. בראָנשטיין.

# פּאָעט און בירגער.

(צום הונדערטיאָריקן יובילײ פון דער דעקאַבריסטנפּאָעזיע).

I.

אין אונדזער יידישער ליטעראַטורקריטיק איז ערשט גאָר ניט לאַנג געווען אין דער מאָדע צושרעקן יונגע דיכטער מיטן בייזן געשפענסט פון „טענדענציעזקייט" „פלאַקאַטישקייט" „פּראָזאַישקייט" א. א. וו.

בירגערמאָטיון, רעאַליסטישער לעבנשטייגער, קאָנקרעטער סוזשעט — ס'איז געווען אַ מין „מעשומעד אין דער מישפּאָכע", אין דער קונסטמישפּאָכע, הייסט עס.

דאָ ניט לאַנג האָט זיך פאַר מיר מודיע געווען דער פּאָעט כאַריק, אַז אַלענגערע צייט האָט ער ניט געוואַגט ארויסצוגיין מיט זיינע „מינסקער בלאָטעס" — עפּעס צו „פלאַקאַטיש" און „פּראָזאַיש" און ניט „עפּיש-רויִק" וואָלט עס געקלונגען אַפן פאָן פון „סאַמעט" „זונענשלייפן" א. א. וו.

מיילע, זיינען אָבער שוין פאָריבער יענע צייטן. דעם קאָנ-קרעט פריידיקן איצט שוין אַלע, ווו מע דאַרף און ווו מ'דאַרף ניט. דאָך אַדהאַיאָםריידן נאָך „עסטעטן" מיט ביטלטאָן וועגן „שרייבן לויט אַ קאָמוניסטישער באַשטעלונג" וועגן „פּאָליטגראַ-מאָטעפּאָעטן", וועגן דעם, אַז דער רעוואָלוציאָנערער „פלאַ-קאַט" לויערט אַף אונדזער דיכטונג א. א. וו.

אַוואַדע, קיינער וועט ניט שטעלן זיך פאַרטיידיקן אין אונדזערע, איצטיקע, קאָנקרעטרעוואָלוציאָנערע בויונגטעג, דעם סכעמאַטיש-ראַציאָנאַליסטישן רעוואָלוציאָנערן פלאַקאַט. אונדזער רעוואָלוציע איז דאָך די קאָנקרעטסטע פון אַלע רעוואָלוציעס, און דעריבער האָט זי פיינט אַלגעמיינע „פריידמעליצעס".

מיר האַלטן אָבער פאַר אונדזער כיוו אונטערצושטרייכן, אַז די הויפּטגעפאַר פאַר דער יונגער יידישער ליטעראַטור ליגט ניט אינם פלאַקאַט, אינם געשריי, נאָר פאַרקערט אין דער קליינ-שטעטלדיקער קאַריקאַטור אַף „אָלימפּישער רויִקייט".

די געפאַר שטעקט אין דער טעמפּעראַמענטלאָזיקייט פון אונדזער ליטעראַטור, אין איר פּראָבלעמלאָזיקייט.

עס פעלן אונדז אויס די הערשע טראַדיציעס פון דער פלאַמיקער רעוואָלוציאָנערער בירגערפּאָעזיע.

אָט פאַרוואָס מיין אַרטיקל צום הונדערטיאָריקן יובילײ פון דער ערשטער בירגערפּאָעזיע אין רוסלאַנד איז ניט בלויז אויסן אָפּצוקומען אַ יובילײמינהעג.

די עסטעטישע פּראָבלעמען, וואָס זיינען אופגעהויבן גע-וואָרן דורך דער ערשטער רוסישער בירגערפּאָעזיע — דער דע-קאַבריסטנפּאָעזיע — שטייען נאָך אַדהאַיאָם לעבעדיקע פאַר אונדז.

און ניט נאָר פאַר אונדז איצט.

ס'איז דאָך בעעמעס אינטערעסאַנט, וואָס אין די סאַמע שטורמישע פּעריאָדן פון דער רוסישער געשיכטע: אינם אָנהויב פון 19-טן יאָרהונדערט (דעקאַבריסטנעפּאָכע) אין די 60-ער יאָרן פונם זעלבן יאָרהונדערט (פאָלקיסטנעפּאָכע), ווי אין אונדזערע איצטיקע רעוואָלוציאָנערע טעג, ווערט ליידנשאַפטלעך דעבאַטירט, אַלס צענטראַלע ליטעראַרישע פּראָבלעם, די אַלטנייע פּראָבלעם פון קונסט און געזעלשאַפטלעכקייט, פון „שווערד און האַרפע" (אַנטשולדיקט פאַר אַ מעליצע) פון פּאָעט און בירגער!

נאָר מער מערקווירדיק איז דאָס, וואָס אין די דריי אויבנ-דערמאָנטע שטורעמעפּאָכן ווערט דער אַלטער גרויסער דינטוירע צווישן „ריינעם" עסטעטיזם און בירגערעסטעטיק געלייזט קימאַט אַף איין און דעמזעלבן אויפן, האַגאַם די פּרינציפּיעלע גרונטהאַנאָכעס זיינען פאַרשיידן.

אַן אַלגעמיינער איבערבליק איבער דעם, ווי די פּראָבלעם פון פּאָעט און בירגער איז געשטאַנען אין די 60-ער יאָרן און ווי זי איז באַרירט געוואָרן אין אונדזער איצטיקער מאַרקסיסטישער קריטיק, רעכן איך, וועט ניט זיין קיין גרויסער אָפּנויג אָן אַ זייט,

און ס׳וועט שאַפֿן אַן אינטערעסאַנטן היסטאָרישן פֿאָן פֿאַר אונדזער געניוערער אָפּהאַנדלונג וועגן די עסטעטישע אידעאַלן פֿון דער דעקאַבריסטנפּאָעזיע.

אין וואָס זשע איז באַשטאַנען דער אויבנדערמאָנטער גרויסער דינטוירע אין דער רוסישער ליטעראַטור?

II

אַף דער לעוואַיע פֿונם רוסישן פֿאָלקיסטישן דיכטער — נעקראַסאָוו — האָט איינער פֿון די פֿילצאָליקע רעדנער אין זיין העספּעדוואָרט דערעכאַגעוו פֿאַרגלייכט נעקראַסאָוון מיט פּושקינען.

דאַן האָט זיך אופֿגעהויבן פֿונם אוילעם אַ יונגער סטודענט און באַגייסטערט אויסגעשריען: ס׳אַ ליגן! נעקראַסאָוו איז גרעסער פֿון פּושקינען. פּושקין איז געווען ניט מער ווי אַ באַיראָניסט, און נעקראַסאָוו איז געווען אַ פּאָעט און אַ בירגער!

אַזוי האָט ער געזאָגט — דער יונגער אומבאַקאַנטער סטודענט אין דער פֿאָלקיסטישער, רוסישער קאָסאָוואָראָטקע.

מע האָט אים הילכיק און היציק אַפּלאָדירט.

ניט קיין צופֿעליקע אַפּלאָדיסמענטן זיינען דאָס געווען — דאָס האָט אים אַפּלאָדירט אַ גאַנצער דאָר — יענער העראָישער דאָר פֿון די רומפֿולע 60-ער יאָרן, אַזוינע אָנגעזאַפּטע מיט יוגנטבערן, מיט אומבאַגרייפֿלעכער מעסירעסנעפעש און פֿאַנאַטישער אַקשאָנעס פֿאָרט צו דערגיין דעם סאָד פֿון Что делать?

ס׳האָט אים אַפּלאָדירט אַ שטיק יונגרוסלאַנד, וואָס פֿון „ראַזנאָטשינער“ *) נידער — פֿון בורסע, פֿון דאָרף, פֿון אוניווערסיטעט — האָט אַ שפּאַר געטאָן מיט פֿאַרשוירענעם ניהיליסטישן קאָפּ!

דער גרויסער דאָר פֿון „שעסטידעסיאַטניקעס“!

פֿאַרן דאָזיקן דאָר איז די פּראָבלעם פֿון פּאָעט-בירגער ניט געווען קיין צופֿעליקע, און דער דינטוירע צווישן פּושקינען און נעקראַסאָוון—ניט קיין איניען פֿאַר ליטעראַרישע סאַלאָנשמועסן.

פֿאַר די שטורמישע 60-ער יאָרן, ווען די רוסישע רעוואָלוציאָנערע קליינבירגערלעכע דעמאָקראַטיע האָט געשטעלט אירע ערשטע קינדערטריט אונטער אַ ליטעראַרישן פּסעוודאָנים, איז די דאָזיקע ליטעראַרישע דיסקוסיע געווען איינע פֿון די וויכטיקסטע געזעלשאַפֿטלעכע פּראָבלעמען.

אומעטום און שטענדיק, אַף ליטעראַרישע אָוונטן, אין ליידנשאַפֿטלעך—פּאָלעמישע קריטיקאַרטיקלען פֿון אַ פּיסאַרעוו, אַ דאָבראָליובאָוו, אַ טשערנישעווסקי פֿלעגט פֿאַרשפּיצט ווערן די דאָזיקע פּראָבלעם פֿון פּאָעט און בירגער, פֿון קונסט און געזעלשאַפֿטלעכקייט.

פּיסאַרעוו איז געווען מאָלערעציכע אַף פּושקינען פֿאַר זיין אַנטיגעזעלשאַפֿטלעכן עסטעטיזם. פּיסאַרעוו האָט פּושקינען קיינמאָל ניט געקאָנט מויכל זיין די שורעס;

Не для житейского волнения,
Не для корысти, не для битв –
Мы рождены для вдохновения
Для звуков сладких и молитв.

און ער האָט פּושקינען, און עסטעטיק ביכלאַל, אין כײרעם אַריינגעוואָרפֿן.

אַוואַדע, פּיסאַרעוו, וועלכער האָט זיך קיינמאָל ניט געקאָנט אופֿהויבן צו דיאַלעקטיש-מאַטעריאַליסטישער אָפּשאַצונג פֿון אַ קונסטווערק, האָט מיטן גאַנצן ברען פֿון זיין שטורמישן דאָר דערפֿירט טשערנישעווסקיס רעוואָלוציאָנערע „עסטעטיק פֿון לעבן“ ביז צו דער פּאַראַדאָקסאַלער פֿולשטענדיקער צושמעטערונג פֿון אַלץ, וואָס דינט ניט די רעאַליסטיש-פֿאָלקיסטישע אידעאַלן. אַף דעם וועג וועלן מיר ניט גיין, פֿאַרשטייט זיך. פּיסאַרעווס פֿלאַמענדיקע אַרטיקלען אָבער קעגן דער אידעאַליסטישער פּריצישער עסטעטיק האָבן אַדהאַיאָם ניט פֿאַרלוירן נאָך זייער רעוואָלוציאָנערע אַקטועלקייט אין קאַמף קעגן דער „ריינער קונסט“.

קעגן ענלעכן אַריסטאָקראַטיזם פֿון „פּריצים און גראַמענטינטלער“ (אַזוי איז אַלנפֿאַלס אופֿגענומען געוואָרן דענסטמאָל פּושקינס באַרימטע ליד „Чернь“), איז שאַרף אַרויסגעטראָטן אויך דער צווייטער רוסישער קריטיקער בעלינסקי, וועלכער האָט געשריבן: „ווער עס זינגט פֿאַר זיך און אין זיך, פֿאַראַכטנדיק דעם האַמוין, דער שטייט פֿאַר אַ סאַקאָנע, ער זאָל ניט פֿאַרבלייבן דער איינציקער לייענער פֿון זיינע ווערק“.

אַזאַ איז געווען די באַציִונג צום „ריינעם עסטעטיזם“.

פֿאַרקערט, דער פּאָעט—בירגער, נעקראַסאָוו, האָט אַפֿן אַוואַנגאַרד פֿון זיין דאָר געמאַכט אַ גוואַלטיקן רוישעם.

טשערנישעווסקי האָט מיט באַגייסטערונג געשריבן פֿון קאַטאָרגע, אַז נעקראַסאָוו איז דער גרעסטער רוסישער פּאָעט. טשערנישעווסקי, וועלכער האָט געגעבן די פֿאָרמול: „די ספֿערע פֿון קונסט איז אַ סאַך ברייטער איידער די ספֿערע פֿון שיינקייט“, האָט ניט געזוכט באַ נעקראַסאָוון בלויז דעם אויסערלעכן גלאַנץ פֿונם בילד, דעם קלאַנג און ריטם, די אַרכיטעקטור און פּלאַסטיק פֿון ליד — ער האָט געזוכט די דיכטערישע נעשאָמע, דעם פּאָעטישן פּאַטאָס פֿון צאַר און צאָרן. ער האָט עס געפֿונען עפּשער גראָד אין די שורעס:

От ликующих, празднобалтающих, обагряющих руки в крови...

וואָס אַפילע פּלעכאַנאָוו אַנערקענט, אַז זיי זיינען ניט „מוזיקאַליש“.

טשערנישעווסקי האָט מוזיק (די מוזיק פֿון בלוט) יאָ געפֿונען באַ נעקראַסאָוון און געקרוינט אים אַלס גרעסטן רוסישן פּאָעט.

מיכאַילאָווסקי — דער פֿאָרשטייער פֿון אַ שפּעטערדיקן דאָר רעוואָלוציאָנערער אינטעליגענץ דערציילט, אַז ער פֿלעגט ביז טרערן זיך אָנזופּן מיט נעקראַסאָוון. פּלעכאַנאָוו דערציילט וועגן דעמזעלבן קאָלאָסאַלן רוישעם, וואָס נעקראַסאָווס לידער האָבן געמאַכט אַף אים און אַף זיין כאַווער פֿון דער יונקערשול. זיין כאַווער איז אַזוי באַגייסטערט געוואָרן פֿון נעקראַסאָווס לידער, אַז ער האָט אַ כאַפּ געטאָן די ביקס און אַ זאָג געטאָן שטיל: „עך, וואָלט איך גענומען אָט די ביקס און געגאַנגען אין שטרייט פֿאַרן רוסישן פֿאָלק“.

און בעלינסקי—מיט דער גרעסטער באַגייסטערונג האָט ער אָפּגערופֿן זיך וועגן נעקראַסאָוון, און אויסגעשריען: ס׳אַראַ טאַלאַנט באַם דאָזיקן מענטשן און ס׳אַרא האַק זיין טאַלאַנט איז“!

*) „ראַזנאָטשינעץ“ — אַ זון פֿונם מיטלשטאַנד.

פאַר דערדאָזיקער האמעטניקייט אָבער, פאַר דער „האַק" האָט נעקראַסאָוון ניט געקאָנט מויכל זיין די פּריציש-עסטעטישע קריטיק. טאָלסטאָי—דער פּאָריץ—האָט גאַנץ שאַרף דערקלערט, אַז נעקראַסאָוו פאַרמאָגט ניט קיין פּאָעטישן טאַלאַנט. די דאמאָלסדיקע אָנהענגער פון קונסט לעשיים קונסט האבן ניט געקאָנט מויכל זיין נעקראַסאָווס „מוזע פון צאַר און צאָרן", אירע ערדישע בירגערמאָטיוון און דאָס, וואָס זי „זינגט" ניט לויט אַלע קלאָלים פון גראַמענקונסט, און דאָס, וואָס זי „קלינגט" ניט, ווי ס'דאַרף צו זיין, און איז ערטערווייז א ביסל „פּראזאַיש".

און נעקראַסאָוו אליין, וועלכער האָט, ווי פּערעצעס יויכאָנען דער וואסערטרעגער, געארבעט מיט דער „האַק" אַ סאַך פלינקער איידער אַן אנדערער מיט דער „הארפּע"—נעקראסאָוו האָט ניט פּרעטענדירט אַף עסטעטיזם. ער האָט וועגן זיין מוזע געשריבן, אז „א געשמיסענע איז מיין מוזע און זי גייט אָפּ מיט בלוט".

מיט דערדאָזיקער זיינער „געשמיסענער מוזע" איז ער געגאַנגען פון שטאָט צו שטאָט, פון דאָרף צו דאָרף און געצאָרנט און געהאסט און געשמעטערט. זיין אידעאַל איז געווען זיין אַ פּאָעט—בירגער.

און זיין אַ פּאָעט—אַ בירגער, האָט געהייסן פאַרוואַנדלען די פּאָעזיע אין אַ „לערנבוך פון לעבן"; ניט בלויז זיך מעכאַיע זיין מיט „קלאַנגען זיסע און געבעט", נאָר אַרויסטראָגן אַן „אורטייל איבערן לעבן", פירן דעם לייענער, דערציען אים אלס בירגער און „קריטישדענקנדיקע פּערזענלעכקייט", באַגלייטן אים אינם טאָגטעגלעכן קאמף.

דער דינטוירע צווישן נעקראַסאָוון און פּושקינען איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א היסטאָרישן דינטוירע צווישן 2 דוירעס—צווישן טאַטעס און קינדער, און וויט, ווייט אַריבער איבער די ברעגעס פון אַ געוויינטלעכער ליטעראַרישער פּראָבלעם.

טאָ וואָס זשע איז דער ווונדער, אז אויך אין אונדזערע רעוואָלוציעטעג, ווען אזוי פיל ווערטן ווערן איבערגעשאצט, איז ווידער אופגעלעבט געוואָרן אויך יענער גרויסער ליטעראַרישער דינטוירע.

באַ דערזעלבער אָנגעגליטער רעוואָלוציאָנערער אַטמאָספער, האגאמבא גאַנץ אַנדערע בירגערמאָטיון, ווערט ווידער געשטעלט די פּראָבלעם פונם פּאָעט און בירגער אין אונדזערע רעוואָלוציעטעג.

צוויי רוסישע מארקסיסטישע קריטיקער—לונאטשארסקי און טשוזשאק זיינען דאָ ניט לאנג אַרויסגעטראָטן צו רעאביליטירן די בירגערמוזע פון „ריינעסטעטישע" אָנפאַלן קעגן איר, און ביידע גראד זיינען אַרויסגעטראָטן קעגן... פּלעכאנאָון ביקווידע אובעאַצמוי, קעגן פּלעכאַנאָווס עסטעטישע פאַרורטיילן אין דער אָפּשאצונג פון נעקראַסאָוון.

אַלס ענטפער אף פּלעכאַנאָווס באשולדיקונג, אז נעקראַסאָווס באַרימטע ליד „Размышления у парадного под'езда" איז „ריטאָרישע פּראָזע", אז אין אים איז ניטאָ די „רייכע מוזיק", אַז עס איז, ניט נאָר אויסערלעך, נאָר אפילע „אינערלעך ניט קינסטלעריש", ענטפערט טשוזשאק:

„שיין זיינען די אזוי גערופענע נעקראַסאָווס פּראָזאַיזמען, ווייל זיי זיינען דערוואַרעמט, זיי זיינען פּאָעטיזירט דורכן געפיל, מאכמעס באַ זיי איז פאַראַן דער אומגעדולד פון א הייסן הארץ, וואָס שליידערט די ערשטע בעסטע ווערטער, וועלכע זיינען אימשטאַנד אָנצינדן מיט צאַר און צאָרן".

יאָ, ווייל קיין אייביקע געזעצן פון ריטמיק און פּלאַסטיק זיינען ניט פאַראַן, ווייל סאָפקאָלסאָף איז „די ספערע פון קונסט אַ סאַך ברייטער איידער די ספערע פון שיינקייט", ווייל גראד נעקראַסאָווס „פּראזאַיזמען" (איצט זאָגט מען „פּלאַקאַטן") זיינען פּאָעזיע, דערוואַרעמט דורך א הייסן רעוואָלוציאָנערן געפיל.

לונאטשארסקי טרעט אַרויס נאָך שארפער אין דערדאָזיקער פראַגע. ער שרייבט אין זיינע „ליטעראַרישע סילועטן":

„נעקראַסאָווס לידער זיינען ניט גענוג גלאַט? און ווער האָט עס געזאָגט אז די גלאַטקייט פון אַ ליד איז אומבאַדינגט אַ מאילע? ווער האט עס דערוויזן, אַז וועגן לעבנקאָשמאַרן דארף מען אומבאדינגט שרייבן גלאטע לידער? ווען נעקראַסאָווס לידער וואָלטן געווען מער אויסגעפוצט, מער מעלאָדיש, וואָלט עס געווען אַ ליגן".

און גראד אָט די האמעטניקייט שאַפט די ספעציפישע נעקראַסאָווישע מוזיק—די מוזיק פון דער פלאמיקער בירגערמוזע. דערפאַר שרייבט טאַקע ווייטער לונאטשארסקי:

„דער העכסטער פּאטאס, אין וועלכן ס'האָט געלעבט נעקראַסאָווס נעשאָמע, בעט זיך זינגען... איך ווייס ניט, צי פּושקין אַפילע, צי לערמאָנטאָוו האָבן ארויסגערופן נאָך זיך אזוי פיל מוזיקאלע ווערק, ווי נעקראַסאָוו".

לונאטשארסקי דערקלערט קאטעגאָריש, אַז אומזיסט האָט נעקראַסאָוו אַליין געשריבן וועגן זיך, אז דער קאמף האט אים געשטערט צו זיין אַ פּאָעט. ניין, עס האט אים ניט געשטערט צו זיין אַ פּאָעט. אַזוי האָט געפּאַסקנט אַזאַ אַווטאָריטעט אין קונסט ווי כ' לונאַטשארסקי.

וויפל מי וועט נאָר דאַרפן פאַרשווענדן ווערן ביז דערדאָזיקער פּאָשעטער עמעס וועט אַרויסשטויסן פון אונדזער ליטעראַטורוועלט אַלע אַלאַרמען, אז די פּאָליטיק האַרגעט אַוועק דעם דיכטער, אַז די רעוואָלוציע פאַרוואַנדלט דעם פּאָעט אין אַ „פּלאקאַטנשרייבער" א. אז. וו.

ניין, די בירגערמוזע פּאַטערט ניט אַוועק דעם דיכטער. זי וואַרפט אַף אים אָבער יענעם אומפאַרגעסלעכן אָפּגלאַנץ, וואָס „וואָרטקריטיקער" און זשאָנגליאָרן פון ליטעראַטור וועלן קיינמאָל ניט באגרייפן, אַזוי ווי זיי וועלן קיינמאָל ניט באַגרייפן טשערנישעווסקיס (אויך בעלינסקיס) פאָרמול: „די ספערע פון קונסט איז אַ סאך ברייטער איידער די ספערע פון שיינקייט".

אַזוי קוקט אויס אין אַלגעמיינע שטריכן דער גרויסער ליטעראַרישער דינטוירע צווישן דער רעאַקציאָנערער און רעוואָלוציאָנערער עסטעטיק.

אַפֿן פֿאָן פֿונם דאָזיקן גרויסן עסטעטישן קאַמף לאָמיר איצט איבערגיין צו אַ גענויערער באַהאַנדלונג פֿון דער דעקאַבריסטנ-פּאָעזיע אינם אָנהויב פֿונם XIX יאָרהונדערט.

### III.

דער אַלטער סקאַרבאַווער נוסאַך, לויט וועלכן „ווען ס'דונערן די האַרמאַטן, שווייגן די מוזעס", הויבט אָן צוקלינגען באַזונדערס פֿאַלש, ווען מיר שטייען פֿאַר דער געפּייניקטער און געקעפּטער דעקאַבריסטנמוזע.

זעלטן ווו די פֿאַרבינדונג צווישן„ האַרמאַט און מוזע" איז אַזוי בולעט אַרויסגעטראָטן אין דער געשיכטע פֿון דער אייראָפּעיִשער ליטעראַטור, ווי אין די יאָרן פֿונם פּריצישן שטורעם און דראַנג אין רוסלאַנד, אין אָנהויב פֿון 19-טן יאָרהונדערט.

אויב דער דייטשישער דיכטער היינע, „דער פּויקער פֿון דער רעוואָלוציע", האָט געהאַט דאָס רעכט צו פֿאָדערן, מע זאָל אַף זיין קייווער אַרופֿלייגן אַ שווערד, מאַכמעס, ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט „איך בין געווען אַ העלדישער סאָלדאַט אין דער מילכאָמע פֿאַרן גליק פֿון דער מענטשהייט", האָט אָן ערעך מער רעכט געהאַט אַפֿן דאָזיקן שווערד יעדער איינער פֿון יענע רומפֿולע פּאָעטישע רעוואָלוציאָנערן און רעוואָלוציאָנערע פּ אָ ע ט ן, וואָס האָבן דעם 14-טן דעקאַבער 1825 יאָר אַ טרייסל געטאָן די יעסוידעס פֿון דער צאַרישער זעלבסטהערשאַפֿט אין רוסלאַנד.

ס'איז דאָך בעעמעס איינער פֿון די אינטערעסאַנטסטע קאַפּיטלען אין דער געשיכטע פֿון דער רוסישער ליטעראַטור און רעוואָלוציע.

אין די רייען פֿון די יונגע פּריצישע דעקאַברפאַרשווערער זיינען אַפֿן ערשטן פּלאַן געשטאַנען אַ ריי פּאָעטן: רילעיעוו, בעסטוזשעוו, אָדאָיעווסקי, באַטענקאָוו און אַנד. דער פּלאַן פֿון אופֿשטאַנד איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אין אַרבעטצימער פֿונם פּאָעט רילעיעוו און—ווער ווייסט?—עפּשער אַף דער צווייטער זייט פֿון זיינעם אַ דיכטערישן קסאַוויאַד איז געצייכנט געוואָרן די דיספּאָזיציע פֿונם רעוואָלוציאָנערן מיליטער, וואָס דאַרף אַף מאָרגן אַרויסטרעטן אַפֿן סענאַטפּלאַץ...

אַ גאַנצע ריי באַגלויבטע היסטאָרישע איידעס (גערצען, לעמאָשל) שטרייכן אונטער, אַז אין די פֿאַרוואָרפֿנסטע ווינקעלעך פֿון רוסלאַנד פֿלעגן אָפּיצערן און געבילדעטע פּריילנס קאָנספּיראַטיוו איבערגעבן פֿון האַנט צום האַנט דעקאַבריסטישע לידער, ווי די פֿלאַמיקסטע רעוואָלוציאָנערע פּראָקלאַמאַציעס.

רילעיעווס רעוואָלוציאָנערע „טשאַסטושקעס", ווי לעמאָשל „Ай и скучно же мне." און אַנדערע פֿלעגן פֿאַרטיילט ווערן אין די מיליטערטיילן, ווו מע פֿלעגט זיי זינגען ווי קאַמפּלידער. דאָס בעסטע, דאָס רעוואָלוציאָנערסטע, וואָס רוסלאַנד האָט דענסטמאָל פֿאַרמאָגט, האָט געצאַפּלט, געבראַוזט איבער די דאָזיקע לידער. און קיינמאָל וועט די געשיכטע פֿון ליטעראַטור ניט פֿאַרגעסן, ווי אין פֿינצטערע קאַזעמאַטן פֿון פּעטראָפּאַוולאָווסקער פֿעסטונג, אין שנעיִקער ווייט פֿון סיבירער קאַטאָרגע, האָבן פֿאַרפּייניקטע פּאָעטן פֿון דעקאַבער מיט אַ צוואָק אַף אַ צינערנעם טעלער, מיט אַ נאָדל אַף קליאָנבלעטלעך דערשריבן זייערע לעצטע אומפֿאַר-געסלעכע בלוטיקע לידער פֿון „דערהויבענע טרוימען און גליענדיקן מוט".

בלויז די אָפּיציעלע פּריציש-קאָנסערוואַרטיווע עסטעטישע קריטיק איז גלייכגילטיק פֿאַרבייגעגאַנגען דער דאָזיקער געפּייניקטער געקעפּטער מוזע. צו ווייניק „גלאַטיק" האָט זי זיך אויסגעוויזן איר, צו ווייניק „מעלאָדיש", צו „פּראָזאיש-בירגערלעך".

דעריבער איז אַזוי אינטערעסאַנט נאָכצושפּירן אָט אָ דעם ערשטן צוזאַמענשטויס צווישן דער בירגערסטעטיק און דעם קאָנסערוואַטיוון עסטעטיזם, ביפֿראַט נאָך, אַז אינם דאָזיקן צוזאַמענשטויס האָט אַנטיילגענומען אַזא מעכטיקער טאַלאַנט, ווי פּושקין.

אַרום וועלכע פֿראַגן האָט זיך געוויקלט דער דאָזיקער קאַמף?

קוידעמקאָל אַרום דער צענטראַלער פּראָבלעם, וועגן דעם מעהוס פֿון פּאָעזיע. וואָס אַזוינס איז פּאָעזיע? וואָס פֿאַר אַ ווערק קאָן גילטן אַלס פּאָעטיש ווערק?

בעסטוזשעוו—איינער פֿון די דעקאַבריסטישע פּאָעטן—האָט, שרייבנדיק וועגן זיין פֿריינט, דעם דעקאַבריסטישן פּאָעט רילעיעוו, אַרויסגעזאָגט פֿאָלגנדיקן געדאַנק וועגן מעהוס פֿון דער בירגער-פּאָעזיע.

„די שטענדיקע אידייע זיינע (רילעיעווס. י. ב.) איז געווען אופֿצוּוועקן אין די נעשאָמעס פֿון זיינע לאַנדסלייט דעם געפֿיל פֿון ליבע צום פֿאָטערלאַנד. אזא קאַוואָנע, אַן און פֿאַר זיך ווי, זי זאָל ניט אויסגעפֿירט ווערן, טראָגט אין זיך גופֿע שוין דעם טאַמציס פֿון פּאָעזיע. זי ווערט א י נ-ג אַ נ צ ן פּ אָ ע ט י ש*) דאַן, ווען, ארומגערינגלטע מיט שפּיאָנען פֿון דעספּאָטיזם, צווישן קנעכטישע ליבגעזאַנגען און פֿאַכדאָנישע כניפֿעס, אין אַן אימפּעריע וואָס קרעכצט אונטערן יאָך פֿון שווערער זעלבסטהערשאַפֿט,—הערן מיר פּלוצלונג די שטים פֿונם פּאָעט, וועלכער זינגט אונדז וועגן דערהויבענע עמעסן"...

אין דידאָזיקע שורעס טרעט גאַנץ בולעט ארויס דער דעקאַבריסטישער קוק אף פּאָעזיע. דער פּ אָ ע ט י ש ע ר ווערט פֿון רילעיעווס לידער ווערט באַשטימט דורך זייער פּ אָ ל י ט י ש ע ר ראָל, דורך די „דערהויבענע עמעסן" וואָס ווערן אין זיי ארויסגעזאָגט (נ. קאָטליאַרעווסקי).

אזוי ארום ווערט אינם יעסאָד פֿון דער פּאָעזיע געלייגט דער „דערהויבענער עמעס", דער פּאַטאָס פֿונם דיכטער, זיין מאָראַלישער פּאָנים אזוי צוזאגן. די אויסערלעכע, פֿאָרמעלטעכנישע זייט פֿון דער פּאָעזיע, די געטאָקטע שורע, דער צוגעפּוצטער גראַם—אַ ל ץ א י ז א ו נ ט ע ר ג ע וו אָ ר פֿ ן דעם „דערהויבענעם עמעס".

אין וואָס זשע באַשטייט אָט אָ דער „דערהויבענער עמעס", וועלכער איז „אליין שוין פֿאַר זיך אַ שטיק פּאָעזיע"?

ער באַשטייט לויט דער עסטעטישער טעאָריע פֿון די דעקאַבריסטן אינם בירגערגייסט, וואָס באַהויכט יעדער זייער ווערק, אין דער „ליבע צום פֿאָטערלאַנד", „סינע צום טיראַן", קאמף פֿאַר „גלייכהייט, פֿרייהייט און גערעכטיקייט".

*) אונדזער קורסיוו.

פֿאַרשטייט זיך, דידאָזיקע יאָנטעווודיקע „דערהויבענע עמעסן" האבן זייער גאנץ וואָכעדיקן פּאָליטיש-עקאָנאָמישן אונטערשלאק, נאָר דאָס האָט שוין אַ שאַיכעס צום היסטאָריקער, וועלכער דעקט אויף די סאָציאַל-עקאָנאָמישע וואָרצלען פֿונם דעקאבריסטישן אופשטאַנד.

אונדז אינטערעסירט דאָ בלויז דער פאַקט, וואָס דער בירגערמאטיוו, דער קאַמפּמאָטיוו פֿארנעמט דעם אויבנאָן באַם רוסישן רעוואָלוציאָנערן אַדל, ווי שפּעטער בא די „טרוקענע", „מאַטעריאַליסטישע" ראזנאטשינצעס פֿון די 60-ער יאָרן און נאָך שפּעטער אין דער פּראָלעטארישער ליטעראטור פֿון אונדזערע טעג.

געוויינטלעך, אַז מע רעט וועגן די געזעלשאַפטלעכע אידעאַלן פֿון די דעקאַבריסטן, קומט מען אָפּ מיט דער אויסגעדראָשענער פֿראַזע, אַז די דעקאַבריסטן האָבן אַראָפּגעבראַכט זייערע אַפּיקאָרסישע געדאַנקען פֿון פֿראַנקרייך. אַוואַדע, האָבן די דעקאַבריסטן זיך געפֿונען אונטער אַ שטאַרקער אידעישער האַשפּאָע פֿון דער פֿראַנצויזישער רעוואָלוציע און, אַגעוו, אויך פֿון די עסטעטישע אידעאַלן פֿון די פֿראַנצויזישע אופֿקלערער,—עס איז אָבער אָן שום ספֿק, אַז ווען די סאָציאַלעקאָנאָמישע געגנוואַרט פֿון רוסלאַנד וואָלט דענסטמאָל ניט געווען צוגעגרייט צו אַזעלכע עסטעטישע אידעאַלן, וואָלטן זיי מ ע כ אַ נ י ש ניט געוואָרן אַריבערגעפֿעקלט פֿון פֿראַנקרייך.

רוסלאַנד איז אָבער יאָ געווען צוגעגרייט דערצו. דער רעוואָלוציאָנערער רוסישער אַדל, ווי בעשאַיטוי די רעוואָלוציאָנערע פֿראַנצויזישע בורזשואַזיע, האָט אין זיין קאַמף מיט דער זעלבסטהערשאַפֿט ניט געקאָנט איגנאָרירן די מעכטיקע געזעלשאַפֿטלעכע שטויסקראַפֿט פֿון דער פּאָעזיע. אויב די פֿראַנצויזישע רעוואָלוציע האָט מאָבילעזירט אירע פּאָעטן און גאַסנזינגער אַפֿן פֿראָנט קעגן דער מאָנאַרכיע, האָט די פּריצישע דעקאַבררעוואָלוציע מאָבילעזירט אירע פּאָעטן, אירע זינגער צום 14-טן דעקאַבר. דעריבער האָבן די דעקאַבריסטן אַזוי ליידנשאַפֿטלעך געפּריידיקט די אויבערהאַנט פֿון בירגערמאָטיוון אין קונסט און אַזוי שאַרף געפֿירט דעם קאַמף קעגן דער ריינעסטעטישער סוויווע פֿון זייער דאָר.

דער רעוואָלוציאָנערער דעקאַבריסטישער אַדל האָט אין נאמען פֿון זיין גרויסער היסטאָרישער שליכעס געמוזט באַקעמפֿן ביידע ליטעראַרישע שטרעמונגען, וואָס האָבן דאַן געהערשט אין דער רוסישער ליטעראַטור—דעם סענטימענטאַליזם און באַיראָניזם. דער סענטימענטאַליזם אַלס ליטעראַרישער סטיל פֿון אַ קלאַס, וואָס איז נאָך ניט דערוואַקסן אָפּן אַרויסצוטרעטן אַפֿן שלאַכטפעלד און באַגרעניצט זיך דעריבער בלויז מיט אַרויסרופֿן מיטלייד צו זיך (פלעכאַנאָוו)—אַזאַ סטיל האָט, פֿאַרשטייט זיך, ניט געקאָנט אויסנעמען באַם רעוואָלוציאָנערן דעקאַבריסטנדאָר.

און רילעיעוו לאַכט אָפּ פֿון דערדאָזיקער טרערנליטעראַטור. אין זיין ליד „אַ רייזע אַפֿן פּאַרנאַס", מאַכט ער אַ טעל פֿונם דעמאָלטיקן סענטימענטאַלן שרייבער קניאַז שאַליקאָוו:

Я зрел, как наш пиит слезливый
„Красу лужков, лазурь небес“
„И сельску жизнь и злачны нивы“,
Пел, пел—и наконец исчез.

וואָרום בעעמעס: וואָס פאַר אַ שאַיכעס האָט געהאַט די דעקאַבריסטישע צארניקע מוזע צו באַנאַלע שרייבעכצן וועגן „איין שאָף זיך פֿאַרלאָרן, איין מיידכען פֿאַרליבט", אַז סאַכאַקל האָט גאָר די פֿראַגע וועגן ברויטפּרייזן אַסאַך מער באַאומרויִקט די „נעשאָמע" פֿונם יוירדישן דעקאַבריסטישן אַדל, איידער די דאָזיקע אַלע „שיינע לאנקעס און בלויע הימלען"?

פֿאַרקערט, דידאָזיקע „שיינע לאָנקעס" פלעגן באַם פֿאַראָרעמטן דעקאבריסטישן פּאָרעץ אַרויסרופֿן ביטערע אַסאָציאציעס וועגן די כוויועס, וואָס ליגן אַפן מאַיאָנטעק, אף די „שיינע לאָנקעס", און די „אייביקע" שיינקייט פֿון „בלויע הימלען" פלעגט, געוויינטלעך, „פֿאַרשוועכט" ווערן.

וויניק האָט געקאָנט אויסנעמען באַם רעוואָלוציאָנערן דעקאַבריסט אויך דער באַיראָניזם מיט זיינע פּראָבלעמען פֿון „וועלטשמערץ", פֿון אנטוישונג א.א.וו. (באַיראַנס קאַמפּמאָטיוון האָבן בא רילעיעוון גראַד אויסגענומען).

דעריבער האָט רילעיעוו אַזוי ליידנשאַפֿטלעך געקריגט זיך מיט זיין גרויסן דאָרכאַוער—מיט פושקינען, וועלכער האָט זיך צו יענע יאָרן (1820-24) געפֿונען אונטער דער ווירקונג פון באַיראַניזם און ראמאַנטיזם. רילעיעוו האָט אין בריוו צו פושקינען ניט איינמאָל געוואָרנט אים פון באַיראָניזם, פֿון דער געפֿאַר „אַוועקפּאַטערן זיין טאַלאַנט אף נ י ט  ו י כ ט י ק ע*) פּוסטע טעמעס, וועלכע העלפֿן וויניק מיט, אז אינם לייענער זאָל זיך דערוועקן אַ באַוווסטזיניקע באַציִונג צום לעבן" (נ. קאָטליאַרעווסקי—„רילעיעוו").

„א בריוו צו פושקינען אין 1825 יאָר האָט רילעיעוו געשריבן וועגן רוסישן ראמאַנטיקער זשוקאָווסקי פּאָלגנדיקע שורעס:

„צום אומגליק איז דידאָזיקע (זשוקאָווסקיס. י. ב.) האשפּאָע געווען זייער גרויס. דער מיסטיציזם, מיט וועלכן ס'איז דורכגעדרונגען דאָס ראָוו פֿון זיינע לידער, די טרוימערישקייט, אומבאַשטימטקייט און עפּעס אַ מין נעבלהאַפּטקייט, וואָס קומט בא אים א מאָל ארויס אַפילע גאַנץ שיין—דאָס אלץ האָט פילע דעמאָראליזירט און אַ סאַך בייז אָנגעטאָן".

מיסטיציזם, טרוימערישקייט, נעבלהאַפּטקייט—ס'איז ניט קיין קאַמפּגעווער פֿאַרן רעוואָלוציאָנערן דעקאַבריסט, האַגאַם „א מאל קומט עס אַפילע אַרויס גאַנץ שיין". ווי שפּעטער, אין 40 יאָר אַרום, דער רעוואָלוציאָנערער „רעאַליסט"—פיסאַרעוו, אַזוי איז איצט דער רעוואָלוציאָנערער פּאָריץ רילעיעוו אינגאַנצן מעוואַטל פושקינס „יעווגעני אָנעגין" אלס „פּוסטע מאיסע". דער דעקאַבריסט וויל ניט וויסן פון קיין שום ליבעטראַגעדיעס באַ טאַטיאַנען. ער ווייסט, אז „ניט אַזא צייט איז היינט" ניט אַ צייט מע זאָל עראָטיקפּראָבלעמען שטעלן אין דער ליטעראַטור. די דעקאַבריסטנמוזע גרייט זיך צום 14 דעקאַבר, וועמען קריכט ליבע אי קאָפּ?

*) אונדזער קורסיוו.

Мне не любовь теперь нужна,
Занятия нужны мне иные,
Отрад дна мне одна война,
Одни тревоги боевые.

דערדאָזיקער קעמפּערישער אומרו איז דער גרונטקריטערי פֿון רילעיעווס שאפֿן און ס'איז העכסט כאראקטעריסטיש ווי רילעיעוו פּרוּווט איינשפּאנען אינם קריגערישן רייטוואָגן אויך דעם „לייכטזיניקן" פּושקין.

אין אָנהויב פֿון 1825 יאָר האָט רילעיעוו געשריבן פּושקינען:

„דו געפֿינסט זיך נאָענט פֿון פּסקאָוו. דאָרטן זיינען דערשטיקט געוואָרן די לעצטע פֿלאמען פֿון דער רוסישער פֿרייהייט *)—אַן עמעסער קאַנט פֿון באַגייסטערונג. צו דען וועט פּושקין איבערלאָזן דעמדאָזיקן קאַנט אָן אַ פּאָעמע?"...

פּושקינען אָבער האָבן צו יענער צייט גאַנץ ווייניק אינטערעסירט די פֿרייהייט-טראַדיציעס פֿון פּסקאָוו. פּושקין האָט גראד צו יענער צייט געהאלטן אין פֿאַרענדיקן זיין טראַגעדיע "באריס גאדוּנאָוו", ווו די גרונטאידייע באשטייט גראד אין דעם, וואָס די סאָנים פֿון „גאטסגעזאלבטן"—דעם צאַר—ווערן סאָפֿקאָלסאָף באשטראָפֿט.

דערפֿאר האָבן די רעוואָלוציאָנערע טראַדיציעס פֿון פּסקאָוו, פֿון נאָווגאָראָד, און בּיכלאל אלע פֿרייהייטטראדיציעס פֿונם אלטן רוסלאנד, געפֿונען אַ פלאמיקן אָפּקלאנג אין די לידער פֿונם דעקאַבריסטישן פּאָעט רילעיעוו.

·IV

זיין ליטעראַרישע קאַריער הויבט אָן רילעיעוו מיט זיינע לידער "Думы„, ווו די אויבנדערמאָנטע אלטסלאווישע פֿרייהייט-טראדיציעס ווערן מאָדערניזירט.

רילעיעוו נעמט זיינע פֿרייהייטהעלדן פֿון דער ווייטער רוסישער פֿארגאנגנהייט. ער באזינגט דעם העלד פֿון נאָווגאָראָדער פֿרייהייטקאמף—וואַדים—צוגלייך. מיטן פֿירשט דימיטרי דאנסקאי, וועלכער „פֿליט אומצוקערן דעם פאלק די הייליקע פֿרייהייט פֿון די אורעלטערן און די אלטע בירגעררעכט". צוגלייך מיטן פרייען סיבירער אטאמאן יערמאַק ווערט באזונגען באגדאן כמעלניצקי—דער פֿרייער אוקראינישער אטאמאן.

כמעלניצקיס ניצאָכן פארוואנדלט אוקראינע אין אַ גליקלעך לאַנד:

„И воцарилася свобода
С тех пор в украинских степях,
И стала с счастьем народа
Цвесть радость в селах и градах".

אַ גרויסן אָרט פֿארנעמען אין דידאָזיקע לידער און אין די פּאָעמען אויך פארשיידענע פֿאָלקקדוישים, מארטירער, וואָס זיינען געפֿאלן אַ קאָרבן פון פֿירשטלעכער אומגערעכטיקייט. אַזוינע זיינען, לעמאָשל „אַרטאַמאָן מאטוועיעוו" און „וואָלינסקי".

זיי ביידע—מאטוועיעוו און וואָלינסקי—טראָגן איבער מיט מעסירעסנעפעש זייערע צאָרעס, מאכמעס זיי גלויבן, אַז

Для блага сограждан моих
Усилия мои не тщетны

דער אומשולדיק-פארמישפּעטער וואָלינסקי בלייבט באַ זיינס ביז דעד לעצטער מינוט:

Пусть будет чести образцом
За страждущих железной грудью
И вечно заклятым врагом
Постыдному неправосудию.

דער מאָטיוו פֿון מעסירעסנעפֿעש פון מארטירערייַ שניידט דורך ווי אַ רויטער פאָדים די גאנצע דעקאבריסטישע דיכטונג בּיכלאל און רילעיעווס ביפֿראַט, עס טרעט ארויס באזונדערס שארף באַ רילעיעוון אין זיין „נאליוואַיקעס ווידע".

ווען נאליוואַיקא ענדיקט זיין ווידע מיט די ווערטער:

Известно мне: погибель ждет
Того, кто первый восстает
На утеснителей народа.
Судьба меня уж обрекла,
Но где, скажи, когда была
Без жертв искуплена свобода?

דאמאָלסט פֿילט מען אזוי קלאָר, אַז נאַליוואַיקאָ—דאָס איז רילעיעוו, דאָס איז זיין דיכטערישער ווידע. ווען רילעיעוו האָט דידאָזיקע שורעס געלייענט פֿאר זיינע כאַווירים, זיינען זיי טאַקע מאַמעש אופגעציטערט געוואָרן. זיי, אלנפֿאַלס, האָבן גאנץ גוט געפילט, אז דאָס זיינען ניט בלויז „קלאנגען זיסע" פֿון אַ דיכטער. רילעיעוו האָט באזונגען זיין קינפֿטיקן טויט אַף דער טליע מיט יענעם מעכטיקן קידעשהאַשעמגעפֿיל, וואָס וועט אייביק אופציטערן דאָס הארץ פֿון אַ רעוואָלוציאָנערן דאָר.

און צו דעם האָט טאַקע די בירגערמוזע געשטרעבט. די דעקאבריסטישע מוזע האָט באזונגען אלע און אַלץ, וואָס האָט באגייסטערט מיט מעסירעסנעפֿעש, וואָס האָט קולטיווירט מארטירעריי. ווען אַ הייפֿל פֿארשווערער שטייען אין קאמף קעגן צאריזם איינער אליין, אָן שטיצע פֿון פאָלק, שפֿילט דערדאָזיקער מאָטיוו פֿון באוווסטזיניקער מארטירעריי אַ גרויסע ראָל. אַף דעם האָט שוין אָנגעוויזן פלעכאַנאָוו אין זיין באקאנטער רעדע וועגן די דעקאבריסטן (אין זשענעווע אין 1900 יאָר).

פֿארוואָס זשע אָבער האָט אין רילעיעווס רעוואָלוציאָנערער פּאָעזיע אַזאַ גרויסן אָרט פֿארנומען די היסטאָרישע, קימאַט ארכיוו-היסטאָרישע טעמע? צי באשטעטיקט עס עפּשער ניט אַמאָל די באַרימטע טעאָריע, אַז די רעוואָלוציאָנערע געגנווארט קאָן ניט באַזונגען ווערן דורכן דיכטער מאַכמעס דעם „צו שאַרפֿן שיין פֿונם בלענדנדיקן היינט?"

הויבט זיך ניט אָן.

גראד אין אָט דעם „ארכעאָלאגישן" אָפּנויג איז רילעיעווס פּאָעזיע געווען רעוואָלוציאָנער, און אָט פֿאַרוואָס:

*) פּסקאָוו, ווי נאָווגאראד, איז געווען א פֿריי-דעמאקראטישע האנדלשטאָט. אין 1509 יאר איז פּסקאָוו געפֿאלן אין קאמף קעגן מאסקווע.

מיטן רעוואָלוציאָנערן רוסישן אַדל איז אין אָנהויב פון
19-טן יאָרהונדערט געשעען די זעלבע מאיסע, וואָס מיט דער
פראַנצוזישער בורזשואַזיע אינם סאָף פון 18-טן יאָרהונדערט.
פּלעכאַנאָוו האָט שוין אַמאָל אָנגעוויזן פאַרוואָס די פראַנצויזישע
רעוואָלוציאָנערע בורזשואַזיע האָט געזוכט אירע אידעאַלן אין דער
גריכישער און רוימישער פארגאַנגענהייט. ס'איז פּאָשעט דערפאַר,
ווייל דער „ליטעראַרישער פּאָרטרעט" פון דער דאמאָלטיקער
פראַנצויזישער בורזשואַזיע האָט ניט געוועקט קיין העראָיזם —
יענעם בירגערהעראָיזם, אין וועלכן די פראַנצויזישע בורזשאַזיע
האָט זיך אַזוי גענויטיקט אין צייטן פון שטורעם און דראַנג.
דעריבער איז אנטשטאַנען אין די יאָרן פון דער גרויסער פראַנ-
צויזישער רעוואָלוציע דער נעאָקלאַסיציזם אַלס סטיל, וועלכער
האָט געגעבן די מעגלעכקייט צונעמען „אַף באָרג" אַביסל העראָ-
יזם פון דער אַלטער קלאַסישער ליטעראַטור. אָ ט ווי עס האָ ט
געקאָנט געשעען, אַז די ליטעראַטור פון דער
פראַנצויזישער רעוואָלוציע איז געווען רע-
וואָלוציאָנער לויטן אינהאַלט און געמוזט
זיין קאָנסערוואַטיוו לויט דער פאָרם.

איבערן דאָזיקן היסטאָרישן פאַקט וואָלטן אַגעוו זיך באַ
דאַרפט אַביסל פאַרטראַכטן אונדזערע פאָרמאַליסטן, וועלכע אור-
טיילן וועגן דער רעוואָלוציאָנערישקייט פון אַ קונסטווערק בלויז
לויט דער פאָרם.

מיט דער דעקאַבריסטנפּאָעזיע איז געשען דאָסזעלבע. העיויס
ווי דער בירגעראידעאַל איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אַלס פרימאַט
אין קונסטווערק און העיויס דער „ליטעראַרישער פאָרטרעט" פונם
דעמאָלטיקן רוסישן אַדל („פוסטע באַלגאַיוועניקעס", „גלאַנצנדיקע
טיפּשים" — האָט זיי אָנגערופן פושקין) האָט ניט געקאָנט וועקן
קיין העראָיזם, האָט זיך דער דיכטער אַ קער געטאָן צוריק—צו דער
היסטאָרישער פאַרגאַנגנהייט. גאַנץ ריכטיק באמערקט קאטליא-
רעווסקי, אַז די דעקאַבריסטן האָבן זיך געלערנט ניט באַם לעבן,
נאָר בא פּלוטאַרכן*). אומקערן זיך צום לעבן פּלעגן זיי דאַן, ווען
די געגנוואַרט פּלעגט אַ שעמעריר טאָן מיט „פאַרצייטיקן" העראָיזם.
דעריבער איז רילעיעוו, ווי זיין גאַנצער רעוואָלוציאָנערער דאָר,
זייער באַגייסטערט געוואָרן פונם דעמאָלטיקן גריכישן אופשטאַנד
און אַפילע אָנגעשריבן וועגן דעם אַ ליד.

דערדאָזיקער קער צוריק „צו פּלוטאַרכן", צו דער היסטאָ-
רישער פאַרגאַנגנהייט האָט אָבער געמוזט אויך באַ רילעיעון —
ברענגען צו אַ געוויסן פאָרמעלן קאָנסערוואַטיזם, הויפּטזאַכלעך
אין זיינע היסטאָרישע לידער.

„די עמעסע פּאָעזיע – האָט געשריבן רילעיעוו—איז די שאַ-
פונג פון דער אַנטיקישער וועלט". אין דער דעמאָלטיקער רוסי-
שער ליטעראַטור, אָבער, איז די אַנטיקישע שאַפונג מעגולגל געוואָרן
אינם טרוקענעם פאַלשאופגעבלאָזענעם רוסישן פסעוודאָקלאסיציזם
פון אַ לאָמאָנאָסאָוו, כעראסקאָוו דערזשאַווין א. אז. ו. ווי טרוקן
און מאנירלעך ס'איז פון שטענדיק אָן געווען יעדער פסעוודאָ-
סטיל. יאגנדיק זיך נאָך די רעוואָלוציאָנערע העראָישע טראַדי-
ציעס פון דער אנטיקישער ליטעראַטור, איז רילעיעוו אריינגעפאַלן
אין די אָרעמס פונם רוסישן פסעוודאָקלאסיציזם. זיינען טאַקע
זיינע דיכטערישע שורעס אַזוי איבערגעלאָדן מיט אַלטסלאווישע
טרוקענע ארכאַיזמען. דער ריטם איז א מאָנאָטאנצוצויגענער, ווי
מאנאטאן, סכעמאַטיש און מעליצעדיק עס זיינען אומעטום זיינע
לאַנדשאַפטן (שטורמישע וואַסערפאַלן, מעכטיקע פעלזן, דונערן,
בליצן דאַרפן שאַפן די סכעם פון רעוואָלוציאָנערן ברויז).
אומזיסט ועט איר אין די „Думы" זוכן קאָנקרעטע לעבעדיקע
מענטשן—אַלע זיינען זיי ווי איין מאַמע וואָלט זיי געהאַט, אַלע
זיינען זיי שטרענגע שווייגערס „об'яты думой" „אין די אויגן
ברענט א פייער" און „ א טרויער צעאַקערט זייער שטערן".

דידאָזיקע סכעמאַטישקייט איז ניט קיין „אומנאָרמאַלע"
דערשיינונג, ווי עס פאַסקענען אָפּ „אבסאָלוטע עסטעטיקער",
מאַכמעס ביקלאַל ווייסט ניט ליטעראטור פון „אומנאָרמאַלע"
סטילן. דידאָזיקע סכעמאַטישקייט האָט אַנטשפראָכן דעם ראַציאָ-
נאַליסטישן 18-טן יאָרהונדערט. ווען ניט קאָנקרעטע דעטאַלן, נאָר
„אייביקע פרינציפּן" האָבן געהאַט אַ ווערט באַם מאסקילישן דאָר.
דערנאָך, ווען די רעוואָלוציע רייסט זיך אַרויף אַף דער אַוואַנ-
סצענע פון דער געשיכטע, ווערן ביקלאַל פּ ע נ י מ ע ר פאַרשווונדן—
עס טרעט אַרויס איין גרויסער, אַזוי צו זאָגן אידעאַלער, פּ אָ נ י ם—
דער פּאָנים פון דער רעוואָלוציע.

אין די ע ר ש ט ע אָנגעגליטע יאָרן פון רעוואָלוציע ביקלאַל
פעלט דאָך אין גאַנצן אויס דער קאָנקרעט אין דער קונסט, דערפאַר
איז א גערעטעניש אף א פלאקאט,—צי איז עס אַ צופעליקייט?

טאַקע דערפאַר האָט דעם דעקאַבריסט ווייניק אינטערעסירט
דער ל ע ב ע ד י ק ע ר מענטש די ל ע ב ע ד י ק ע נאַטור —
אים האָט אינטערעסירט קידעמקאָל דער מענטש אַלס אַבסטראַקטער
„רופאָר פונם עפּאָכעגייסט" (מאַרקס), אים האָט אינטערעסירט זיין
מאָנאָלאָג, דער פּאַטאָס פון זיינע ליידן, זיין קאַמף, זיינע „דער-
הויבענע עמעסן". דעריבער איז פאַר רילעיעון ניט צוגעפּאַסט
די עפּישע רויִקע דערציילערישקייט, דעריבער זיינען זיינע היס-
טאָרישע לידער אַזוי דראַמאַטיש.

די „כוילאַאָס" פונם פסעוודאָקלאַסיציזם האָט זיך אויך אָפּ-
גערופן אַף דער אַרכיטעקטאָניק פון רילעיעווס היסטאָרישע לידער.
אַלע קימאט זיינען זיי געבויט לויטן באַקאַנטן סקאַרבאָוון נוסאַך:
פריער אַ מאָראַלישער אַריינפיר, דערנאָך אַ גאָלעסלאַנגער מאָ-
נאָלאָג פונם „העלד", און צום סאָף, אַ פאַרבייסעכץ, ווידער אַמאָל
אַ מוסערהאַסקל.

אַ בוילעטן ביישפּיל דערפון קאָן געבן די פּאָעמע „וואָלינ-
סקי". זי הויבט זיך אָן מיט אַ מוסערהאַסקל, וואָס אין אַזוי
כאַראַקטעריסטיש פאַר דער בירגערמוזע:

Не тот отчизны верный сын,
Не тот в стране самодержавья
Царю полезный гражданин,
Кто раб презренного тщеславья,
Но тот, кто с сильным в борьбе
За край родной или за свободу,
Забывши вовсе о себе,
Готов всем жертвовать народу.

*) פּלוטאַרך—אַן אַלטגריכישער מאָראַליסט און היסטאָריקער.

נאָך דערדאָזיקער טיראַדע הויבט זיך ערשט אָן דער סיפּורהאַמאַיסע:

Так, сидя в крепости, в цепях,
Волынский думал справедливо.

ענדיקן ענדיקט זיך עס ווידער מיט אַ מוסערהאסקל מיקויעך „יושער און פֿרייהייט״.

דידאָזיקע סכעם הערשט מיט געוויסע ענדערונגען אין אַלע רילעיעווס היסטאָרישע „Думы“.

פֿאַר אונדזער לייענער איז שוין קלאָר פֿונוואַנען עס האָט זיך גענומען דערדאָזיקער פֿאָרמעלער קאָנסערוואַטיזם*) אין רילעיעווס רעוואָלוציאָנערע פּאָעמען.

די פריצישע עסטעטיק האָט אָבער ניט געקאָנט מויכל זיין רילעיעוון דידאָזיקע „ניטגלאטקייטן.״ דאָ הויבט זיך אָן דער העכסט אינטערעסאַנטער עסטעטישער דינטוירע צווישן פּושקינען—דעם „הימלישן זון״—און רילעיעוון—דעם פּאָעט—בירגער.

פּושקין — דער וואָרטקינסטלער—שפּאַסט איבער רילעיעווס „Думы“. ער זאָגט, אַז דער מאָקער פֿונם דאָזיקן וואָרט איז דאָס דייטשישע „dumm“—נאריש. פּושקין מאַכט כייזעק פֿון רילעיעווס בירגערלערקייט (האגאַם ער גופֿע האָט זיך יוגנטווייז געבאַלעוועט מיט בירגערמאָטיוון). ער וואַרפֿט אויף רילעיעוון, אַז ער שרייבט לויט אַ פּלאַן, אַז ער איז אַ „פּלאַנשטשיק״. פּושקין דערקלערט מיט גאיווע: איך האַלט מער פֿון לידער אָן אַ פּלאַן, איידער פֿון אַ פּלאַן אָן לידער״.

דידאָזיקע פּראָבלעם פֿון פּלאַן, ווי זי איז געשטעלט געוואָרן אין דער פּאָלעמיק צווישן רילעיעוון—דעם פריצישן בירגער-פּאָעט און דעם „ריינעם״ ראָמאַנטיקער—פּושקינען, איז העכסט אינטערעסאַנט אינם שיין פֿון אונדזער איצטיקער פּאָלעמיק אַרום דער פֿראַגע וועגן „מעלוכעפּלאַן אין דער ליטעראַטור״.

רילעיעוו באהאלט ניט אויס פֿון קיינעם, אַז ער שרייבט לויט אַ פּלאַן, און נאָך אַ מין פּלאַן!

רילעיעוו—דער דעקאַבריסט, דער בירגער קומט דאָך ניט אין דער ליטעראַטור, קעדיי „צו האַקן וואָרטווערטן״ און זיך מעכאַיע זיין מיט „קלאַנגען זיסע און געבעט״— רילעיעוו קומט אין דער ליטעראַטור אַלס פויקער פֿון דער רעוואָלוציע, אַלס סאָלדאַט פֿון בירגערקאַמף. אַ סאָלדאט מוז האָבן פֿאַר זיך דעם פּלאַן פֿון זיין מאַרשרוט.

און רילעיעוו האָט אַזא „פּלאַן״—ער שרייבט:

„לאָמיר אָנווענדן אַלע קויכעס אונדזערע, קעדיי צו פֿאַרווירקלעכן אין אונדזערע ווערק די אידעאַלן פֿון דערהויבענע געפֿילן, געדאַנקן און אייביקע עמעסן, וואָס זיינען שטענדיק נאָענט די מענטשן״.

דאָס איז דער פּלאַן, לויט וועלכן ליטעראַטור דאַרף פֿאַרוואַנדלט ווערן אין אַ „לערנבוך פֿון לעבן״, פֿון בירגעראידעאַלן, דער פּלאַן, וועלכער איז אַזוי הייס אויפֿגענומען געוואָרן אין די 60-ער יאָרן.

— אָבער דאָס איז דאָך „טענדענציעז״, „פּלאקאטארטיק — הויבן אָן צו פּילדערן אונדזערע „עסטעטיקער״.

— ס׳הויבט זיך ניט אָן! טענדענציעז, אינם שעדלעכן זין פֿון וואָרט, איז דאָס, וואָס פֿאַרקריפּלט די ווירקלעכקייט (ד י ה י ס ט אָ ר י ש אָ ב י ע ק ט י ו ו ע ווירקלעכקייט!) רילעיעווס טענדענצן, אָבער, זיינען צ ע נ ו י פֿ ג ע פּ אַ ל ן מיט דער אביעקטיווהיסטאָרישער ווירקלעכקייט. דעמדאָזיקן „פּלאַן״ פֿאַרווירקלעכט רילעיעוו אַפֿן רעוואָלוציאָנערסטן אויפֿן מיט לײדענשאַפֿטלעכן ברען און דערהויבענעם פּאַטאָס:

דאָס צאָרניקע ליד „К временщику“ געווידמעט ניקאָלאיס הויפּטזשאנדאַרם—אַראַקטשעיעוון איז נאָך אַדהאיאָם אַפּילע מעסוגל אַרויסצורופֿן בא אונדז אַ צאָרניקן אָפּקלאַנג (האגאַם עס ויינען פֿאַראַן „ניטגלאַטקייטן״!):

Надменный временщик и подлый и коварный
Монарха хитрый льстец и друг неблагородный·

— ס׳ארא האַס! ס׳אַרא גיפֿט!

און צום סאָף די נעוויאישע שורעס:

Вострепещи, тиран, за зло и вероломство,
Тебе свой приговор произнесет потомство.

מיט מעכטיקער לײדנשאַפֿטלעכקייט און צאָרניקן האָט צו דער רעאַקציאָנערער סוויווע אטעמט אויך יעדע שורע פֿונם ליד „Гражданин“:

Я ль буду в роковое время
Позорить Гражданина сан
И подражать тебе, изнеженное племя,
Переродившихся славян.

צום סאָף ווידעראַמאָל די שטרענגע, נעוויאישע שורעס, וואָס זיינען ווערט אַריינגענומען צו ווערן אין אונדזערע פּראָלעטאַרישע ליטעראַטורכרעסטאמאטיעס:

„Они раскаются, когда народ восстав,
Застанет их в об‘ятиях праздной неги“...

אזוי האָט ריעליעוו אויסגעפּילט זיין „פּלאַן״ און דערווין דערביי, אַז ווען ער איז ניט געפּענטעט פֿונם פּסעוודאָקלאַסישן סטיל, קאָן ער ווערן פּלאַמיק און מוזיקאַליש—נעוויאיש דערהויבן (מוזיקאַליש—ניט אינם סטיל פֿון גלאַטיקייט).

פּושקין האָט זיך געוויצלט דערביי, אַז ווער עס וויל זיך פֿאַרנעמען מיט בירגעריי, דער זאָל שרייבן פּראָזע, אַזוי ווי „בירגעריי״ וואָלט ניט געקאָנט לעבן אונטער איין דאַך מיט פּאָעזיע.

רילעיעוו, און מיט אים זיין גאַנצער דעקאַבריסטנדאָר, האָט אָבער גראד אין אט אָ דער „פּראזאישקייט פֿון דערהויבענער „בירגעריי״ געזען אַ שטיק פּאָעזיע. אויב אין זיין האַקדאָמע צו דער פּאָעמע „וואינאראָווסקי״, וועלכע פּושקין אַפּילע האָט געלויבט פֿונם ריינפֿאָרמעלן שטאַנדפּונקט, האָט רילעיעוו באַשיידן (ווי שפּעטער נעקראַסאָוו) געשריבן „כ׳בין ניט קיין פּאָעט—כ׳בין אַ בירגער״, שרייבט ער אָבער צו זיין פֿריינט בעסטוזשעוו פֿאָלגנדיקע „שקאָציש״ שורעס, געווענדעט קעגן פּושקינען:

Хоть Пушкин суд мне строгий произнес
И слабый дар как недруг тайный взвесил,
Но от того, Бестужев, еще нос
Я недругам в угоду не повесил.

*) קאָנסערוואטיזם—אין פארגלייך מיטן דעמאלטדיקן צושטאנד פֿון דער רוסישער ליטעראטור.

В чью грудь порой теснится целый свет,
Кого с земли восторг души уносит,
На зло врагам тот завсегда поэт,
Тот славы т р е б у е т, не просит.

רילעיעוו נעמט זיך דאָס רעכט צופּאָדערן דיכטערליב, ווייל „זיין ברוסט איז איבערפולט מיט וועלט“

דידאָזיקע שורעס זיינען ניט קיין אויסדריק פון „קאָנקורענצקאַמף“ קעגן פושקינען. רילעיעוו, פאַרקערט, שרייבט פושקינען וואַרעמע בריוו, און ער בעט זיך בא אים:

„האַלטן זיך גרויס מיט פּריצישקייט איז פּאָשעט ניט מויכל צו זיין, באזונדערס דיר. אַף דיר זיינען געווענדעט די אויגן פון גאַנץ רוסלאַנד. מע האָט דיך ליב, מע גלויבט דיר, מע מאַכט דיר נאָך, זיי אַ פּאָעט און בירגער“.

פושקין אָבער האָט זיך ניט געוואָלט אָפּזאָגן פון זיין פּריצישקייט. פושקין, וועלכער איז פּערזענלעך אזוי נאָענט געשטאַנען צו איינצלנע דעקאַבריסטן, איז אָבער פרעמד געווען דער דעקאַבריסטנבאַוועגונג. גראד צו יענער צייט איז פושקין שוין געשטאַנען אַפן שוועל פון זיין „קעניגרייך פון עסטעטישער אילוזיע“. אַף זיינע ליפּן האָט שוין געשוימט די פאראַכטונגשורע: Ты царь, живи один.

שאָלעם מאַכן מיט רילעיעוון האָט פושקין געקאָנט נאָר דאַן, ווען רילעיעוו האָט שוין אַרויסגעוויזן פאָרמעל-טעכנישע פארשריט ווי דאס האָט פאַרשטאַנען פושקין. דענסטמאָל האָט אַפילע פושקין אַנערקענט רילעיעוון אַלס טאַלאַנטפולן פּאָעט.

איז שוין אָבער רילעיעוו געווען גאַנץ ווייט...

באנאַכט דעם 13 יולי 1826 יאָר איז רילעיעוו אופגעהאנגען געוואָרן אין פעטראָפּאַוולאָווסקער פעסטונג, און אין דערזעלבער צייט איז דער קאמעריונקער פושקין ארויסגערופן געוואָרן צוריק אין קייזערלעכן הויף.

רילעיעוו האָט ניט באוויזן פאַנאַנדערוויקלען זיין טאַלאַנט, נאָר שוין אין זיין פּאָעמע „וואָינאראָווסקי“, אין זיינע רעוואָלוציאָנערע טשאַסטושקעס פילט זיך יענע זאַפטיקע שפּראַכאַשירעס, וואָס האָט בא פושקינען דערגרייכט צו אַזאַ קאָלאָסאַלער מאַדרייגע. אלסביישפּיל פון זיינע רעוואָלוציאָנערע „טשאַסטושקעס“ וועלן מיר ברענגען בלויז פאָלגנדיקע שורעס:

Долго ль русский народ
Будет рухлядь господ
И людями
Как скотами
Долго-ль будут торговать?

אָדער די שפּילעוודיקע סאַטירישע שורעס:

Ты скажи, говори,
Как в России цари
Правят;
Ты скажи поскорей,
Как в России царей
Давят.

די לעצטע שורע איז אַ רעמעז אַפן קייסער פּאַוועל I, וועמען הויפלייט, צוזאמען מיט זיין זון אַלעקסאַנדער I, האָבן דערשטיקט.

אַזעלכע שורעס דערמאָנען די בעסטע שורעס באם פראַנצויזישן בירגערפּאָעט בעראַנזשע.

דער 14-טער דעקאבר האָט די ערשטע בירגערמוזע אין רוסלאַנד דערשטיקט, נאָר שוין אַ פאַרשטיקטע אינם שטיינערנעם זאַק פון פעטראָפּאַוולאָווסקער פעסטונג, אין קאַטאָרגע האָט זי נאָך לאנג, לאנג געצאַפּלט.

פון 20 יאָריקער איינזאמער געפענגעניש האָט דער דעקאַבריסט באטענקאָוו געשריבן:

Вкушайте сильные покой,
Готовьте новые мученья, —
Вы не удушите тюрьмой
Надежды сладкой воскресенье

דער דעקאַבריסט אָדאָיעווסקי, האָט פון קאטאָרגע געשריבן פושקינען:

Наш скорбный путь не пропадет,
Из искры возгорится пламя·

אין 75 יאָר ארום איז די לעצטע דיכטערישע שורע אדאָיעווסקיס גענומען געוואָרן אלס לאָזונג פאַר דער ערשטער רעוואָלוציאָנערער מארקסיסטישער צייטונג „איסקראַ“, און אין הונדערט יאָר ארום...

פייערן מיר איצט אינם ראַטנפאַרבאנד דעם הונדערטן יארטאָג פונם דעקאבריסטנאופשטאַנד.

ווער פון אונדז קאָן איצט צווייפלען, אַז, אזוי ווי די רוסישע באָלשעוויקעס שטייען אף די פלייצעס פון די דעקאבריסטן, אַזוי שטייט איצט די פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור אַף די פלייצעס פון דער ערשטער רעוואָלוציאָנערער בירגערמוזע אין רוסלאנד—דער דעקאַבריסטנפּאָעזיע?

און אויב אָגאַראָוו אין די 40-ער יאָרן נאָך, אין די יאָרן פון עסטעטישן אידעאַליזם, האָט עס געפילט און געשריבן וועגן רילעיעוון:

Мы стих твой вырвем из неволи
И в первый русский вольный день
В виду младого поколения—
Твою страдальческую тень·

וועלן מיר דידאָזיקע האוטאָכע איצט אינם „ערשטן פרייען רוסישן טאָג“ אויספילן.

פון אַבסאָלוט-עסטעטישער געפענגעניש וועלן מיר אויסרייסן דאָס פרייע, פלאַמיקע דעקאבריסטישע ליד און איבערגעבן עס אלס טייערן אויצער אונדזער יונגן דיכטערדאָר.

וואָס צו יאַרשענען איז פאַראַן און פאַראַן!

מ. ראַפּעס.

# די כינעזישע פֿרייהייטבאַוועגונג.

(די טרייבקויכעס, די נאָענטסטע פּערספּעקטיוון און די הויפּטאויפֿגאַבן פֿון די קאָמוניסטן).

## 1. אַן אַלגעמיינע כאַראַקטעריסטיק.

פֿאַר דער פֿרייהייטבאַוועגונג אין כינע שטייט אויפֿגאַבן פֿון אַ נאַציאָנאַלער, דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע, וועלכע דאַרף שאַפֿן אַן איינהייטלעכע, אומאָפּהענגיקע כינע מיט אַ צענטראַלער רעגירונג, וואָס זאָל זיין פֿעיִק צו זיכערן אַ פֿרייע אַנטוויקלונג פֿון די נאַציאָנאַלפּראָדוקטיווע קויכעס. דידאָזיקע בורזשואַזי-דעמאָקראַטישע רעוואָלוציע, וועלכע איז מיט איר שאַרף געריכטעט קעגן אימפּעריאַליזם, קומט פֿאָר אין אַזאַ עפּאָכע, ווען דער אַלוועלטלעכער פּראָלעטאַריאַט פֿירט אַן אומיטלבאַרן קאַמף צו אויסראָטן די אימפּעריאַליסטישע הערשאַפֿט און ווען אין דירעקטער שכייִנעסשאַפֿט געפֿינט זיך אַ לאַנד פֿון פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור — פֿ. ס. ס. ר. זי קומט פֿאָר אין אַ לאַנד מיט אַ 450 מיליאָניקער באַפֿעלקערונג, אין איר גרעסטן טייל אַ פּויערישער, וועלכע די אימפּעריאַליסטן מיט זייער עקאָנאָמישער פּאָליטיק און די מיליטאַריסטישע גרופּירונגען מיט זייער רויבעריי האָבן געבראַכט צו אַ מאַדרייגע פֿון פֿולשטענדיקן דאַלעס. אין לאַנד איז דאָ אַ כינעזישער פּראָלעטאַריאַט, נאָך אַ קליינצאָליקער, אָבער ער איז קאָנצענטרירט אַף די גרעסטע, דערצו נאָך אין זייער גרעסטן טייל אויסלענדישע אונטערנעמונגען. אין די לעצטע שאַנכאַיער געשעענישן האָט ער זיך אַרויסגעוויזן פֿאַר פֿעיִק צו שטעלן זיך אין דער שפּיץ פֿון דער מעכטיקער נאַציאָנאַלער פֿרייהייטבאַוועגונג, וועלכע איז געווענדעט קעגן אימפּעריאַליזם. בײַ אַזעלכע באַדינגונגען קאָן די כינעזישע רעוואָלוציע זיך ניט אָפּשטעלן אַפֿן גרענעץ פֿון בורזשואַזי-דעמאָקראַטישע אויפֿגאַבן. אַף וויפֿל די רעוואָלוציאָנערע קויכעס וועלן זיך פֿאַנאַנדערוויקלען, וועלן די ראַמען פֿון דער רעוואָלוציע אין פּראָצעס פֿון אַן אַקשאָנעסדיקן קלאַסנקאַמף זיך פֿאַרברייטערן, אירע אויפֿגאַבן וועלן אָנשליסן זיך דירעקט צו די אויפֿגאַבן פֿון אַ רעוואָלוציאָנערער סאָציאַליסטישער בויונג לויטן פּרינציפּ פֿון אַ רעוואָלוציאָנערן בלאָק צווישן פּראָלעטאַריאַט מיט די פּויערישע מאַסן. נאָר דאָס געהערט צו דער צוקונפֿט, דערווייל האָבן מיר פֿאַר זיך אַ נאַציאָנאַלע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג.

## 2. די קויכעס פֿון דער אַנטינאַציאָנאַלער רעאַקציע.

די ווירטשאַפֿטלעכע און פּאָליטישע אַנטוויקלונג פֿון כינע און די געשיכטע, ווי עס איז אַריינגעדרונגען אין כינע דער אויסלענדישער קאַפּיטאַל, האָבן געשאַפֿן אין לאַנד גענוג קרעפֿטיקע סאָציאַל-פּאָליטישע און מיליטאַריסטישע גרופּירונגען, וועלכע זיינען אָפֿענע פֿיינט דער נאַציאָנאַלער פֿאַראייניקונג און באַפֿרייונג. אויסנוצנדיק די נאָך ניט פֿולקאָם אַנטוויקלטע קאַפּיטאַליסטישע פֿאַרהעלטענישן און באַפֿרידיקנדיק אין דערזעלבער צייט (דורך איינפֿירן אַ וועלכע ס'איז „אָרדענונג") די איינפֿאַכסטע באַדערפֿענישן פֿון דעם אַנטשטייענדיקן אינדוסטריעלן און האַנדלקאַפּיטאַל, האָט דער מיליטעריש-אַדמיניסטראַטיווער אַפּאַראַט פֿון באַזונדערע געביטן אין לאַנד זיך אויסגעפֿאָרעמט אין אַ זעלבסטשטענדיקן קויעך. דער גרויסער איבערפֿלוס פֿון דער באַפֿעלקערונג, די דירעקטע סובסידיעס פֿון אויסלענדישן קאַפּיטאַל, די ניט געהערטע נידערשלאָגנקייט און רעכטלאָזיקייט פֿון די פּויערישע מאַסן גיבן אַ מעגלעכקייט דידאָזיקע מיליטערישע קליקעס צו שאַפֿן און אויסהאַלטן גרויסע געדונגענע אַרמייען, וועלכע האָבן די אויפֿגאַבע צו שיצן און פֿאַרברייטערן די הערשאַפֿט פֿון באַזונדערע קליקעס. אונטער דער שוץ פֿון דידאָזיקע מיליטערישע קליקעס קומט אין לאַנד פֿאָר אַ פּראָצעס פֿון אַ הערכסט אומפֿאַרשעמטער רויבעריי, אַ פּעריאָד פֿון „ערשטאָנהויבנדיקע אָנזאַמלונגען". אין דער יאַמברעגיקער זאָנע האָט דער אויסלענדישער קאַפּיטאַל מיט זיין פּריווילעגירטער לאַגע געשאַפֿן אַ באַזונדער שיכט כינעזישע האַנדלבורזשואַזיע, וועלכע עקספּלואַטירט די רעכטלאָזיקייט פֿון כינעזישן פֿאָלק און איז פֿאַרינטערעסירט צו אויפֿהאַלטן דעם אימפּעריאַליסטישן יאָך. אַ טייל פֿון דער כינעזישער אינדוסטריעלער בורזשואַזיע איז פֿאַרבונדן מיטן אויסלענדישן קאַפּיטאַל דורך בעשותּפֿותדיקע אונטערנעמונגען.

אין באַזונדערע ראַיאָנען אין כינע איז דאָ אַ שיכט גרויסע ערדבאַזיצער פֿון פֿעאָדאַלן טיפּ, וועלכע געהערן, ווי שטענדיק, צו די סאַמע רעאַקציאָנערע קויכעס אין לאַנד.

דידאָזיקע אַלע קאָנטררעוואָלוציאָנערע קויכעס זיינען פֿאַרינטערעסירט צו אויפֿהאַלטן די איצטיקע צובראָקלטקייט פֿון כינע, צו אויפֿהאַלטן די רעכטלאָזיקייט פֿון די מאַסן, צו לאָזן הערשן די מיליטערישע קליקעס. זיי זיינען די דירעקטע פֿאַרבינדעטע פֿון אויסלענדישן אימפּעריאַליזם, וועלכער איז אויך, ווי די אינערלעכע קאָנטררעוואָלוציע, פֿאַרינטערעסירט צו קאָנסערווירן די אָפּגעשטאַנענקייט פֿון לאַנד, צו אָפּהאַלטן דעם וווּקס פֿון אירע נאַציאָנאַלע פּראָדוקטיווע קויכעס.

## 3. די נאַציאָנאַלע כינעזישע בורזשואַזיע אין איר קאַמף פֿאַר דער איינהייטלעכקייט פֿון כינע.

דער כינעזישער אינדוסטריעלער און האַנדלבורזשואַזיע איז נויטיק אַ פֿרייע אַנטוויקלונג פֿון די פּראָדוקטיווע קויכעס אין לאַנד, צוברעכן אַלע אינערלעכע צאַמען, וועלכע שטערן צו שאַפֿן אַן איינהייטלעכע קאַפּיטאַליסטישע נאַציע, א ברייטע נעץ פֿון אייזנבאַנען און שאָסייען, אַן איינהייטלעכע געזעצגעבונג פֿאַר אינדוסטריע און האַנדל, אַן איינהייטלעכן געריכט, וועלכער זאָל שיצן דעם אַלגעמיינעם געזעץ. דער כינעזישער בורזשואַזיע איז נויטיק צו מאַכן אַ סאָף צו דער כוצפּעדיקער רויבעריי אין כינע דורכן אימפּעריאַליזם, וועלכער שטערט דער אַנטוויקלונג פֿון דער

כינעזישער נאַציאָנאַלער אינדוסטריע. די כינעזישע בורזשואַזיע איז נאַציאָנאַל-פּראָגרעסיוו און געפינט זיך אין אידייענקרייז פֿון קאַמף פֿאַר נאַציאָנאַלער באַפֿרייונג, אין וועלכן עס האָט געלעבט די אייראָפּעישע בורזשואַזיע אין פּעריאָד פֿון 1848-טן יאָר.

נאָר זייענדיק אָנגעשראָקן פֿון דער אָקטיאַבר־רעוואָלוציע, האָט זי מוירע נאָך מער, ווי די אייראָפּעישע בורזשואַזיע פֿון יאָר 1848, פֿאַר אַ באַוועגונג פֿון אַרבעטער און פּויערים־מאַסן, האָט מוירע פֿאַר אַ רעוואָלוציע. זי וואָלט וועלן פֿאַרניכטן די הערשאַפֿט פֿון די מיליטאַריסטישע קליקעס, וועלכע שטערן די פֿאַראייניקונג פֿון כינע און וואַרפֿן זיך אונטער די אויסלענדישע אימפּעריאַליסטן. זי איז קעגן דער מוקדענער קליקע און קעגן גענעראַל טשזאַן-צזאָ-לין, זי באַטייליקט זיך אין קאַמף קעגן זיי, אָבער די שרעק פֿאַר אַ רעוואָלוציע וועט איר צווינגען צו זוכן אַנדערע מיטלען אויף צו דערגרייכן נאַציאָנאַלע איינִיקייט און אומאָפּהענגיקייט. זי וועט זוכן אַזאַ גענעראַל, וועלכער זאָל קענען ווערן פֿאַר איר אַ מין כינעזישער ביסמאַרק, וועלכער זאָל פֿאַראייניקן כינע מיט דער הילף פֿון אַ געפּאַנצערטן פֿויסט און אין דערזעלבער צייט, פּאַראַליזירנדיק די באַוועגונג פֿון די מאַסן אַרבעטער און פּויערים, זאָל ער זיכערן אַ „רויִקע" אַנטוויקלונג פֿאַר דער קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציע.

דער רעכטער גאָמינדאַן — אָט דאָס איז די פּאָליטישע גרופּירונג, וועלכע קאָן אָנהויבן אויסדריקן די אָנגעוויזענע פּאָליטישע טענדענצן. נאָך דעם שאַנכאַיער שטרייק האָט זיך די שפּאַלטונג אין גאָמינדאַן און דאָס אויספֿאָרמירן זיך פֿון דערדאָזיקער באַזונדערער נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אַרויסגעוויזן קלאָרער און בולטער. בײַ אַ נייער סיטואַציע קאָן או-פּיי-פֿו'ס מיליטערישע אַרויסטרעטונג באַצייכענען מיט זיך דעם אָנהויב פֿון אַ נייעם עטאַפּ אין דער כינעזישער פֿרייהייטבאַוועגונג — פֿאַנאַנדערשיידונג פֿון די בורזשואַזע און דעמאָקראַטישע קרייזן, אַ זעלבסטשטענדיקע מיליטערישע און פּאָליטישע אַרויסטרעטונג פֿון דער בורזשואַזיע, וועלכע איז גלייכצייטיק געווענדעט סײַ קעגן דער רעאַקציע און סײַ קעגן פּראָלעטאַריאַט.

## 4. די כינעזישע בורזשואַזיע און אַמעריקאַנער אימפּעריאַליזם.

פּאַראַלעל מיט דעמדאָזיקן אינערלעכן פּראָצעס וועט זיך אויספֿאָרמירן אויך די צווישנפֿעלקערלעכע אָריענטאַציע פֿון דער כינעזישער אינדוסטריעלער און האַנדל בורזשואַזיע. די כינעזישע בורזשואַזיע איז פֿאַר אַ נאַציאָנאַלער פֿרייהייטבאַוועגונג, אָבער אין דערזעלבער צייט איז זי ניט קיין קעגנער פֿון י ע ט ו ו י ד ע ר אויסלענדישער אימפּעריאַליסטישער רעגירונג. און דאָס איז גאַנץ פֿאַרשטענדלעך. דער יאַפּאַנער און ענגלישער קאַפּיטאַל, וועלכער איז מאַכטלאָז צו באַהערשן דאָס גאַנצע לאַנד מיט זיין 450-מיליאָניקער באַפֿעלקערונג, קאָן זיך נאָר שטיצן אויף זייערע אַלטע פּריווילעגיעס, וועלכע האָבן דעם צוועק פֿאַנאַנדערצוטיילן כינע אויף איינפֿלוססֿפֿערן און שטערן דער אַנטוויקלונג פֿון די נאַציאָנאַלע פּראָדוקטיווע קרעפֿטן. צו ד ע ר ד אָ ז י ק ע ר פּאָליטיק פֿון דער ענגלישער און יאַפּאַנישער רעגירונגען קאָן זיך די כינעזישע בורזשואַזיע פֿרידלעך ניט באַציִען. שוין איר ערשטע פֿאָדערונג פֿון אַ צאָלאַווטאָנאָמיע (טאַמאָזשנעאַווטאָנאָמיע) האָט זיך אָנגעשטויסן אויף אַן אַקשאָנעסדיקן ווידערשטאַנד מצד די ביידע רעגירונגען. אַנדערש איז אָבער מיטן אַמעריקאַנער אימפּעריאַליזם.

דער אַמעריקאַנער אימפּעריאַליזם, וועלכער ליידט פֿון איבערפֿלוס אין קאַפּיטאַל, וואָלט קענען נעמען אויף זיך די אויפֿגאַבע צו „ציוויליזירן" גאַנץ כינע, אויב עס וואָלט זיך געשאַפֿן אַ מעכטיקע, אָן אים אָפּהענגיקע צענטראַלע רעגירונג, וועלכע זאָל קאָנען גאַראַנטירן די זיכערקייט און אַ הויכן פּראָצענט פֿאַרן קאַפּיטאַל, וואָס וועט אַרײַנגעלייגט ווערן אין אייזנבאַנבויונג, אין דער באַאַרבעטונג פֿון די נאַטירלעכע רייכטימער און אין דער נאַציאָנאַלער אינדוסטריע. דער אַמעריקאַנער קאַפּיטאַל קאָן זיך אַנטוויקלען אין כינע אויך אָן די ספּעציעלע פּריווילעגיעס פֿון אַלטן טיפּ. ער איז זיכער, אַז ער קאָן זיך דערשלאָגן צו אַ ווירקלעכן מאָנאָפּאָל, לעכאָלאַפּאָכעס צו העגעמאָניע, בלויז מיט דער פּאָליטיק פֿון „אָפֿענע טירן". די דאָזיקע פֿאָרמול איז אַן אַלטע. די אַמעריקאַנער האָבן זיך געהאַלטן אָן איר נאָך דאַן, ווען זיי זיינען געווען שוואַכער פֿאַר אַנדערע, זי איז אָבער נאָך גילטיק אויך היינט, ווען די קויכעספֿאַרהעלטענישן האָבן זיך אינגאַנצן געביטן, אַף צו אונטעררייסן דעם איינפֿלוס פֿון ענגלישן און יאַפּאַנישן קאַפּיטאַל.

דער אַמעריקאַנער אימפּעריאַליזם קאָן בײַ געוויסע באַדינגונגען אויך איינגיין אַפֿן לאָזונג פֿון אַן „איינהייטלעכע און אומאָפּהענגיקע כינע", וועלכע איז אויסערלעך געבויט אַפֿן פּרינציפּ פֿון פֿאָרמעלער דעמאָקראַטיע, אין זיין טאָך אָבער — אַף דער דיקטאַטור פֿון אַ כינעזישן ביסמאַרק מיט אַ קאַפּיטאַליסטישער פּראָגראַם, וועלכער וועט זיין אָפּהענגיק פֿון אַמעריקאַנער קאַפּיטאַל.

## 5. די פּלאַטפֿאָרם פֿון די בורזשואַזע קויכעס אין דער כינעזישער פֿרייהייטבאַוועגונג.

די פּלאַטפֿאָרם פֿון די בורזשואַזע קויכעס גיסט זיך אויס איז אַזאַ פֿאָרם: דער קאַמפּציל — אַן איינהייטלעכע כינע אונטער דער אָנפֿירונג פֿון אַ מיליטערישן דיקטאַטאָר, וועלכער זאָל זיין פֿיינטלעך צו די מעטאָדן פֿון איינפֿאַכער רויבערײַ פֿון די ענגלישע און יאַפּאַנישע קאַפּיטאַליסטן, און אונטער דעם פֿינאַנציעלן קאָנטראָל פֿון דעם „פֿריינטלעכן" אַמעריקאַנישן אימפּעריאַליזם. כינע פֿאַראייניקט זיך אין מיליטערישן קאַמף קעגן די יאַפּאַנאָפֿילישע, אַנגלאָפֿילישע און נייטראַלע גענערעלער און אין דערשטיקן מיט מיליטער יעדע רעוואָלוציאָנערע מאַסנבאַוועגונג פֿון די אַרבעטנדיקע מאַסן. די פּאָליטישע קויכעס, וועלכע עס פֿאַראייניקט דידאָזיקע פּלאַטפֿאָרם, וועלן זיך גרופּירן אַרום דער נייער „נאַציאָנאַלער" פּאַרטיי, וועלכע וועט זיך פֿאָרמירן אַרום דעם רעכטן גאָמינדאַן. אַ קאַנדידאַט אַף אַ דיקטאַטאָר וועט זיך געפֿינען. אַזוינע זיינען די טענדענצן פֿון דער אַנטוויקלונג.

## 6. דאָס פּויערטום.

מיִר האָבן פֿון אָנהויב אָן אָנגעוויזן אַף דער קאָלאָסאַלער באַדייטונג, וואָס דאָס כיִנעזישע פּויערטום וועט האָבן איִן דער אַנטוויִקלונג פֿון אַ כיִנעזיִשער רעוואָלוציע. מיִר וויסן זייער ווייניִק וועגן דער לאַגע פֿונם פּויערטום און וועגן זיינע עמעסע נויטן. אונדזערע כיִנעזיִשע כאַוויירים האָבן איִן דער צייט פֿון שאַנכאַיער שטרייק געמאַכט די ערשטע פּרווון צו פֿאָרמוליִרן די קאָנקרעטע פֿאָדערונגען, וועלכע זאָלן פֿאַרביִנדן דאָס פּויערטום מיִט דער רעוואָלוציע. איִן הויפּטאופֿרוף פֿון צ. ק. פֿון דער כיִנעזיִשער קאָמפּאַרטיי געפֿיִנען מיִר פֿאָלגנדיִקע פֿאָדערונגען, וועלכע האָבן אַ דיִרעקטן צוזאַמענהאַנג מיִט די איִנטערעסן פֿון די פּויערים:

„אָפּשאַפֿן דעם ליִצזין (אַזאַ שטייער אַפֿן פּויער) און אַנדערע שווערע שטייערן”.

„באַגרענעצן מיִט אַ באַשטיִמטן מאַקסיִמום דאָס רעכט אַף ערדבאַזיִץ. די ערד, וועלכע וועט אָפּגענומען ווערן בײַ די גרויסע ערדבאַזיִצער זאָל פֿאַרטיילט ווערן צוויִשן די ערדאָרעמע און אָנערדיִקע פּויעריִם. באַגרענעצן מיִט אַ באַשטימטן מאַקסיִמום דאָס רעכט צו אַרענדיִרן ערד. פֿאַרקלענערן די אַרענדעגעלט פֿאַר קלענערע און מיִטעלע ארענדאַרן. פֿאַרבאָטן איינצומאָנען שטייערן פֿאַר די קומענדיִקע יאָרן. באַוואָפֿענען די אַרבעטער און פּויעריִם צוליִב זעלבסטשוץ”.

צו די־דאָזיִקע הויפּטפֿאָדערונגען זיינען בייס דער אַגיִטאַציע צוגעקומען נאָך פֿאָדערונגען, אַז די רעגיִרונג זאָל העלפֿן די פּויעריִם איִן איִניִען פֿון באַוואַסערן די פֿעלדער, עס זאָלן אָפּגעשאַפֿן ווערן די ביישטייערן פֿון די אָרטיִקע מאַכטן, ארויסנעמען דעם זאַלצמאָנאָפּאָל פֿון די איִמפּעריאַליִסטיִשע הענט און פֿאַרקלענערן די שטייערן אַף זאַלץ, זעלבסטפֿאַרוואַלטונג פֿאַר די פּויעריִם איִן די דערפֿער.

דער פּלענום פֿון צ. ק. פֿון דער כ. ק. פּ., וועלכער איִז פֿאָרגעקומען איִן אָקטיאַבר, האָט איִן זיינע באַשלוסן וועגן דער פּויעריִמפֿראַגע אָנגעמערקט, אַז אויך פֿאַרן כיִנעזיִשן פּויערטום וועט דער הויפּטלאָזונג זיין: קאָנפֿיִסקיִרן די גאַנצע ערד לעטוייוועס דעם פּויערטום, און האָט אַרויסגערוקט די אויפֿגאַבע צו פֿאַרשטאַרקן אָרגאַניִזאַציאָנעל דעם איינפֿלוס פֿון דער קאָמפּאַרטיי אַף דער פּויעריממאַסע.

יענע וויינגיִקע ידיִעס וועגן פּויערטום, וועלכע דריִנגען אַריין איִן דער פּרעסע, זאָגן איידעס וועגן דעם גרויסן אָרגאַניִזיִרפּראָצעס, וועלכער קומט פֿאָר איִן די פּויעריִמקרייזן און וועלכער גיִסט זיך אויס איִן רעוואָלוציאָנערע פֿאָרמען. צוזאַמען מיִט דעם באָמערקט זיך אויך אַן אָנהויב פֿון פֿאַנאַנדערשיִכטונג צווישן דער פּויעריִשער סוויִווע. עס מערקן זיך אויך אָן ערנסטע דערפֿאָלגן איִן אָנפֿיִרן מיִט די פּויעריִשע אָרגאַניִזאַציעס ניִט נאָר איִן פּראָוויִנץ גואַנדון, ווו מיִט דערדאָזיקער אַרבעט פֿיִרט אָן דער הערשנדיִקער ליִנקער גאָמיִנדאַן, נאָר אויך איִן פּראָוויִנץ כענאַן און איִן אַנדערע ראַיאָנען.

דאָס כיִנעזיִשע פּויערטום, צו וועלכן עס האָט זיך שוין צוגעריִרט דער איינפֿלוס פֿון קאַפּיִטאַליִזם, וועט אַרויסווייזן נאָך אַ גרעסערן סטיִכיִשן רעוואָלוציאָנערן קויעך און נאָך אַ גרעסערן פֿאַרנעם, ווי דאָס איִז געווען בײַ אונדז איִן לאַנד איִן די יאָרן 1917—18. דער גרויסער איינפֿלוס פֿון דער רוסיִשער רעוואָלוציע און דאָס, וואָס עס איִז דאָ אַן אָרגאַניִזיִרטער פּראָלעטאַריאַט, וועלכער ווערט אָנגעפֿיִרט דורך דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, און די גרויסע גרופּן רעוואָלוציאָנערע סטודענטנשאַפֿט — די אַלע קויכעס וועלן אַרבעטן איִן דער ריִכטונג צו אָרגאַניִזיִרן דאָס פּויערטום — זאָגן פֿאָרויס, אַז די רעוואָלוציאָנערע אַרויסטרעטונגען פֿון פּויערטום וועלן טראָגן אַן אָרגאַניִזיִרטן כאַראַקטער, אַז די רעוואָלוציע וועט זיך קענען אָנשפּאַרן אַף אַן אָרגאַניִזיִרטן שטיִצקויעך מיִצאַד די פּויעריִשע מאַסן. די־דאָזיִקע פּויעריִמבאַוועגונג, וועלכע באַדראָט די רייכערע קלאַסן און וואַרפֿט שוין איִצט אַ שרעק אַף דער בורזשואַזיע, איִז די גרעסטע גאַראַנטיע, אַז כיִנע וועט אפּהאַלטן אַ ניִצאכן איִבער דעם אויסלענדיִשן איִמפּעריאַליִזם. אַז זי וועט לייזן אַלע אויפֿגאַבן פֿון אַ דעמאָקראַטיִשער רעוואָלוציע. די איִנערלעכע פֿאַנאַנדערשיִכטונג פֿון פּויערטום וועט זיִך, ווי איִן דער רוסיִשער רעוואָלוציע, אַרויסווייזן נאָך איִן די ערשטע קאַמפּטעג, און דאָס וועט נאָך מער פֿאַרשאַרפֿן דעם פֿאַרביִטערטן קאַמף פֿאַר דער מאַכט צוויִשן די הויפּטפּאָליִטיִשע גרופּיִרונגען פֿון כיִנע.

## 7. די סטודענטנשאַפֿט.

דערדאָזיִקער לויט זיין מעהוס קליינביִרגערלעכער שיִכט פֿון דער שטאָטיִשער באַפֿעלקערונג שטעלט מיִט זיִך פֿאָר בײַ איִצטיִקן מאָמענט איִן זיין הויפּטמאַסע אַ באַדייטנדיִק גרעסערן קויעך, ווי דער, וואָס איִז געווען איִן דער רוסיִשער רעוואָלוציע איִן 1905-טן יאָר. דאָס פֿאַרייניִקן כיִנע און שאַפֿן פֿון איִר אַ דעמאָקראַטיִשע מעלוכע, אַ קרעפֿטיִקע אַנטוויִקלונג פֿון די פּראָדוקטיִווע קויכעס איִן לאַנד, דער ווּקס פֿון דער נאַציאָנאַלער כיִנעזיִשער איִנדוסטריע און די אַנטוויִקלונג פֿון אַייזנבאַנבוי, דאָס איינפֿיִרן אַ דעמאָקראַטיִשע סיִסטעם פֿאַר פֿאָלקבילדונג און פֿאָלקגעריִכט—דאָס אַלץ איִז די קלאַסנפּראָגראַם פֿון דער דעמאָקראַטיִשער איִנטעליִגענץ, וועלכע וואַקסט איִן איִר צאָל פֿון טאָג צו טאָג און פֿאָדערט מען זאָל זי אויסניִצן. לויט איִר אָפּשטאַמונג איִז די סטודענטנשאַפֿט אַ פֿאַרשיידענע. איִן איִרע רייען געפֿיִנט זיִך ניִט קיין גרויסער שיִכטל קיִנדער פֿון דער כיִנעזיִשער בורזשואַזיע און פֿון די אָנפֿיִרער מיִט דער איִצטיִקער אַדמיִניִסטראַטיִווער מאַשין פֿון כיִנע. די־דאָזיִקע ניִט גרויסע גרופּע הויבט זיִך שוין איִצט אָן צו אויסטיילן פֿון דער אַלגעמיינער סטודענטנמאַסע און וואָס ווייטער, וועט זי זיִך אַלץ מער אָפּגרענעצן פֿון די רעוואָלוציאָנער־דעמאָקראַטיִשע אויפֿגאַבן. די הויפּטמאַסע סטודענטנשאַפֿט, וועלכע ווערט רעקרוטיִרט פֿון דער שטאָטיִשער קליינביִרגערלעכער באַפֿעלקערונג און פֿון די מער פֿאַרמעגלעכע פּויעריִשע שיִכטן, וועט נאָך אַ לאַנגע צייט גיין האַנט בײַ האַנט מיִט דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. זי וועט ליִפֿערן אָנפֿיִרער און אָרגאַניִזאַטאָרן פֿאַר די ברייטע פּאָליִטיִשע און עקאָנאָמיִשע אַרבעטער און פּויעריִם־אָרגאַניִזאַציעס, פֿון איִרע רייען וועלן רעקרוטיִרט ווערן קאַדרען פּאָליִטיִשע אַגיִטאַטאָרן, וועלכע זיינען נויטיִק אַ היִפּש ביִסל, ווייל

כינע איז לויט איר פאַרנעם אַ קאָלאָסאַל לאַנד מיט אַ 450-מיליאָניקער באַפעלקערונג. דידאָזיקע מאַסע כינעזישע רעוואָלוציאנערע סטודענטנשאַפט דאַרף דערציִגן ווערן אין מאַרקסיסטישן, לעניניסטישן גייסט, צו וואָס עס דאַרף אויסגענוצט ווערן דער גרויסער אידעישער איינפלוס פון דער אָקטיאַבר־רעוואָלוציע און ס. ס. ס. ר. אַף דער כינעזישער אינטעליגענץ.

## 8. די פּאַרטיי „גאָמינדאַן“.

אָן צווייפל, אַז אין די באַשטאַנדעלעמענטן פון דערדאָזיקער פּאַרטיי, וועלכע עס האָט ביז אַהער פאַרייניקט די אידעאָלאָגיע פון סוניאַטסעניזם, קומט פאָר אַ פּראָצעס פון אויסקריסטאַליזירן זיך. קוים איז ניט געווען קיין קלאַסנפאַנאַנדערשיכטונג אין דער נאַציאָנאַלער פרייהייטבאַוועגונג, האָבן אַלע אַקטיווע גרופן, וועלכע האָבן געקעמפט קעגן אינטערנאַציאָנאַלן אימפעריאַליזם, געקענט זיין פאַראייניקט דורך סוניאַטסענס דריי-איינִיקער אידעאָלאָגיע—נאַציאָנאַליזם, דעמאָקראַטיזם, סאָציאַליזם. דער קלאַסנקאַמף אָבער האָט צושפּליטערט דידאָזיקע אידעאָלאָגיע, אָפּשפּאַלטנדיק פון רעכטס און לינקס קעגנזעצלעכע קלאַסנגרופּירונגען. דער כינעזישער פּראָלעטאַריאַט פאַרשטייט גאַנץ קאָנקרעט און באַשטימט דעם לאָזונג פון סאָציאַליזם אַלס אַ פּראָגראַם פון אַ נייער קאָמוניסטישער געזעלשאַפט, צו וועלכער ער וועט דערגיין נאָר דורך אַ דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט און דורך אַ סאָוועטנמאַכט. דער כינעזישער פּראָלעטאַריאַט האָט זיינע פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע באַטייליקן זיך אין קאָלאָסאַלן פּאָליטישן קאַמף, ער האָט זיין קאָמוניסטישע פּאַרטיי, וועלכע פירט אָן מיט זיין קאַמף, מאַכט אים איינהייטלעך, בינדנדיק אים צוזאַמען מיטן קאַמף פון אַנדערע געזעלשאַפטלעכע שיכטן. אין דער צייט פון דער לעצטער כוואַליע פון דער נאַציאָנאַל-רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין צאָפנכינע איז צווישן גאָמינדאַן און דער כינעזישער קאָמפּאַרטיי פאָרגעקומען אַ געוויסע פאַנאַנדערגרענעצונג, וועלכע איז נאָך ניט פאַרענדיקט.

דער לעצטער פּלענום פון צ. ק. פון דער קאָמפּאַרטיי האָט פאָרמולירט זיינע באַציִונגען צום גאָמינדאַן אַלס אַ שטרעבונג צו פאַרוואַנדלען דעמדאָזיקן פאַרבאַנד אין אַ ב ל אָ ק פ ו ן ז ע ל ב ס ט ש ט ע נ ד י ק ע ר ע וו אָ ל ו צ י אָ נ ע ר ע ג ר ו פּ ן. וואָס מער דער כינעזישער פּראָלעטאַריאַט וועט אָננעמען די פאָרם פון אַ זעלבסטשטענדיקער אָרגאַניזאַציע, אַלץ טיפער וועט זיין דער פּראָצעס פון דער אָרגאַניזאַציאָנעלער פאַנאַנדערגרענעצונג. דער גאָמינדאַן וועט דאַרפן ווערן אַ באַזונדער רעוואָלוציאָנערע דעמאָקראַטישע פּאַרטיי, אין וועלכער עס וועט אַ באַדייטנדיקע צייט זיין אַ קאָמוניסטישע פראַקציע. אין דערזעלבער צייט קומט אויך פאָר אַ פּראָצעס, וועלכער זונדערט אָפּ די רעכטע עלעמענטן פון גאָמינדאַן. דער פּאָליטיש אַנטוויקלטער טייל פון כינעזישן סאָכרימטום, די באַדייטנדיק ברייטע קרייזן פון כינעזישע אַדמיניסטראַטאָרן, די כינעזישע פּראָפעסור—די אַלע וואַרפן אָפּ אַ צו ענגן פאַרבאַנד צווישן דער גאָמינדאַנפּאַרטיי מיט די אַרבעטנדיקע מאַסן, וואַרפן אָפּ די צו בולעטע אָריענטאַציע פון לינקן גאָמינדאַן אַף ס. ס. ס. ר. מיט איר פּרינציפּ צו

קעמפן קעגן דעם אינטערנאַציאָנאַלן אימפּעריאַליזם. פון סוניאַטסעניזם מיט זיינע דריי אידעאָלאָגישע באַשטאַנדטיילן נעמט אין דער עמעסן דערדאָזיקער רעכטער פליגל בלויז איינעם—דעם נאַציאָנאַליזם. די גאַנצע ענערגיע גיט ער אויס אַף צו שאַפן וואָס שנעלער אַן איינהייטלעכע כינע, מוירעהאָבנדיק פאַר אַ רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג פון אונטן און טרוימנדיק וועגן אַ מיליטערישער דיקטאַטור אַף אַ בורזשואַזן פּרינציפּ. ער האַלט זיך באַ סוניאַטסענס אידעאָלאָגישער יערושע פון האָבן גרויס אָפּשיי פאַרן „דעמאָקראַטישן“ אַמעריקאַנער אימפּעריאַליזם און וויל ניט וויסן פון אַן עמעסער רעוואָלוציאָנערער דעמאָקראַטיע און פון סאָציאַליזם. שוין איצט פריידיקט ער דעם לאָזונג פון קלאַסנפרידן, ד. ה., ער טרעט אַרויס אנטשלאָסן קעגן דער זעלבסטשטענדיקער באַוועגונג פון די אַרבעטנדיקע מאַסן. דאָס אָפּזונדערן זיך פון רעכטן פליגל פון גאָמינדאַן און זיין גרייטן זיך צו שאַפן אַ נייע פּאַרטיי אַף אַ „נאַציאָנאַלער“ פּלאַטפאָרם איז איינע פון די סאמע כאַראַקטעריסטישע דערשיינונגען אין דער לעצטער צייט. זאָל זיין, אַז פאָרסירן דידאָזיקע רייפווערנדיקע שפּאַלטונג איז אין איצטיקן מאָמענט קיין שטרענגע נויטווענדיקייט ניטאָ, ווייל דאָס וואָלט פאַרלייכטערן דעם קאָנסאָלידאַציעפּראָצעס פון דעם פּראָלעטאַריאַטס קעגנער, דאָך מערקט זיך אָן אַזאַ טענדענץ גאַנץ בולעט. די טוער, פון הויפּטיאָדער אין גאָמינדאַן גופא ריידן שוין היינט וועגן דער נויטווענדיקייט פון דער גאָמינדאַנפּאַרטיי—ריכטיקער געזאָגט — פון איר לינקן פליגל, אָנצונעמען אַן אנטגילטיקע פאָרם אַפן גרונט פון אַ זעלבסטשטענדיקער פּראָגראַם און טאַקטיק.

אין די באַציִונגען צווישן באַזונדערע סאָציאַלע שיכטן פון כינעזישער שטאָט און דאָרף פעלט בולעטקייט און קלאָרקייט און דאָס שאַפט פאַר דער גאָמינדאַנפּאַרטיי, אַלס פאַרבינדעטע פון דער כינעזישער קאָמפּאַרטיי, אַ לאַנגדויערנדיקע באַזע פאַר איר עקזיסטענץ און פאַר אַ ברייטער פּאָליטישער טעטיקייט. אין איצטיקן פּעריאָד (וועלכער איז אַ צוגרייטונגפּעריאָד צו יענעם מאָמענט, ווען די קיכעס פון רעוואָלוציאָנערן בלאָק וועלן זיך אַף דער אַרענע פון רעוואָלוציאָנערן קאַמף אינגאַנצן זיך פאַנאַנדערוויקלען) דאַרף די גאָמינדאַנפּאַרטיי, דאַווקע אַ דאַנק איר צושוואָמענקייט און אומבאַשטימטקייט, שפּילן אַ גרויסע ראָל אין צונויפגיסן און פאַרייניקן די פּאָליטישע און מיליטערישע קויכעס אַף צו דערגרייכן די הויפּטאויפגאַבע פון מאָמענט—אין ליקווידירן די קאָנטררעוואָלוציאָנערע קליקעס. ווען דעם רעוואָלוציאָנערדעמאָקראַטישן בלאָק וועט שפּעטער אויסקומען צו קעמפן פאַר דער מאַכט, וועט שוין די גאָמינדאַנפּאַרטיי ניט זיין קיין איינהייטלעכע, איר רעכטער פליגל וועט, ווי די רוסישע קאַדעטן, אַריבערגיין אין קאָנטררעוואָלוציאָנערן לאַגער און איר לינקער, וועלכער איז לויט זיין אָנבליק ענלעך צו די רוסישע טרודאָוויקעס, וועט זיין דעם פּראָלעטאַריאַטס אַ פאַרבינדעטער. אַף די ביידע פּעריאָדן בלייבט גילטן דער כינעזישער קאָמפּאַרטיי בענויגייע דעם הויפּטיאָדער (סוניאַטסענס פון גאָמינדאַן די הויפּטדירעקטיוו – האַלטן זיך אָן אַ פעסטן פאַרבאַנד מיט דעמדאָזיקן הויפּטיאָדער, און אין דערזעלבער צייט פאַרשטאַרקן דעם אייגענעם פּאָליטישן איינפלוס אַף יענע שיכטן, אַף וועלכע עס שטיצט זיך גאָמינדאַן.

## 9. די פֿאָלקאַרמייען. דאָס שאַפֿן רעוואָלוציאָנערע באַוואָפֿנטע קרייזן.

מער פֿאַר אַלץ רופֿט אַרויס בײַ אַ סך א צווייפֿל די פֿראַגע וועגן די פֿאָלקאַרמייען. אַף וויפֿל קאָן די כינעזישע רעוואָלוציע האַלטן פֿאַר אייגענע אַזעלכע מיליטערישע קרייזן, מיט וועלכע עס פֿירן אָן אַלטע גענעראַלער, וועלכע האָבן נאָך גאָרניט לאַנג אָנגעהערט דער טשזילישער גרופּירונג? צו וועט אַמאָל דידאָזיקע פּאָליטישע אונטערשטיצונג, וועלכע עס באַקומען די פֿאָלקאַרמייען, ניט אויסגענוצט ווערן קעגן דער רעוואָלוציע? צו קאָנען אַ מאָל ניט ווערן דידאָזיקע פֿאָלקאַרמייען אַ באַזע פֿאַר אַ מיליטערישער דיקטאַטור פֿון דער בורזשואַזיע?

מיר האָבן שוין אויבן אָנגעוויזן אַף די קעגנזעצלעכע וועגן, מיט וועלכע די בורזשואַזיע און דער פּראָלעטאַריאַט וועלן גיין אין קאַמף פֿאַר אַ פֿאַראייניקטער און אומאָפּהענגיקער כינע. אויך איצט זעען מיר שוין באַשײַנפּערלעך די ערשטע סימאָנים פֿון דערדאָזיקער צוקונפֿטיקער טיפֿער פֿאַנאַנדערשיכטונג, פֿון דעמדאָזיקן צוקונפֿטיקן פֿאַרביטערטן בירגערקריג צווישן פּראָלעטאַריאַט און דער בורזשואַזיע. מיר האָבן פֿאַר זיך אַ געפֿאַר פֿון אַ בורזשואַזן אַנטוויקלונגגוועג, נאָר מיר קאָנען זיך ניט אָפּזאָגן פֿון צו אויסנוצן אַלע קרייזן, וועלכע קעמפֿן קעגן דער רעאַקציע. מיר דאַרפֿן אַף יעטווידער אויפֿן פֿאַרשאַרפֿן די שפּאַלטונג צווישן די בורזשואַזע און רעאַקציאָנערע קרייזן, ניט געבנדיק זיי קיין מעגלעכקייט צו פֿאַראייניקן זיך קעגן די אַרבעטנדיקע מאַסן. גלײַכצײַטיק וועלן מיר שטרעבן צו איבערשטעלן אַ טייל קרייזן, וועלכע געפֿינען זיך איצט אין בורשואַזן לאַגער, אַף אַ פּלאַטפֿאָרם פֿון אַ סיסטעמאַטישן רעוואָלוציאָנערן קאַמף.

אויב די קאָנטררעוואָלוציע זאָל ניט צוגראַמירט ווערן דורך מיליטערישע קרייזן—האָבן מיר אויבן געזאָגט—וועלן די רעוואָלוציאָנערע קרייזן פֿון פּראָלעטאַריאַט און פּויערטום ניט קענען זיך ברייט פֿאַנאַנדערוויקלען. עמעסע רעוואָלוציאָנערע באַוואָפֿנטע קרייזן קענען מיר רעכענען נאָר די ניט גרויסע אַרמייען פֿון קאַנטאָנער רעגירונג אונטער דער אָנפֿירונג פֿון לינקן גאָמינדאַן און קאָמוניסטן. נאָר שוין צוליב זייער אָרטלאַגע אַליין קענען דידאָזיקע קרייזן בײַ איצטיקן מאָמענט ניט ווערן דער יאָדער אַף צו קאָנצענטרירן אַרום זיך די אַנטשיידנדיקע מיליטערישע קרייזן, וועלכע עס זיינען נויטיק אַף צו צוקלאַפּן די קאָנטררעוואָלוציע און פֿאַראייניקן כינע. אַזאַ לאַגע איז, געוויינטלעך, ניט גינסטיק פֿאַר די קלאַסנאויפֿגאַבן פֿון פּראָלעטאַריאַט, דערפֿאַר טאַקע איז נויטיק צו שענקען גרויס אויפֿמערקזאַמקייט די יענע פֿאַראַנענע באַוואָפֿנטע קרייזן אַפֿן צאָפֿן, וועלכע קענען אַרײַנגעצויגן ווערן אין אַ קריגערישן קאַמף קעגן די רעשטלעך פֿון די מיליטאַריסטישע קליקעס. דערבײַ, דאַרף צוזאַמען מיט דער פּאָליטישער אונטערשטיצונג פֿון די צאָפֿנדיקע פֿאָלקאַרמייען מיצאַד דער רעוואָלוציע אויך געפֿירט ווערן אַן אַקשאָנעסדיקע אַרבעט אַף דער ווייטערדיקער רעוואָלוציאָניזירונג פֿון די פֿאָלקאַרמייען. צו דעם צוועק איז נויטיק צו פֿירן אין די דורך זיי פֿאַרנומענע ראַיאָנען אַ ברייטע פּאָליטישע אַרבעט, איבערהויפּט צווישן די פּויערישע מאַסן. צו דעם דאַרף מען אָן אויפֿהער אַרײַנגיסן אין די רייען פֿון די פֿאָלקאַרמייען רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער און סטודענטן, וואָס עס איז שוין אָנגעהויבן געוואָרן אין פּעריאָד פֿון די שאַנכײַער געשעענישן. אַף דעם דאַרף מען צונויפֿבינדן די גענערעלער פֿון דידאָזיקע פֿאָלקאַרמייען מיט דער גאָמינדאַנפּאַרטיי, אָרגאַניזירן אינעווייניק, אין דער אַרמיי, אַ ברייטע פּאָליטישע אַרבעט. עס דאַרף אויסגענוצט ווערן די דערפֿאַרונג פֿון קאַנטאָן און ראַדיקאַל געביטן ווערן די קעגנזייטיקע באַציונגען צווישן די פֿאָלקאַרמייען און דער מאַסע באַפֿעלקערונג, זיי זאָלן ניט זיין ענלעך אַף די געוויינטלעכע באַציונגען צווישן די מיליטערישע קליקעס און פֿאָלק. אַמענדע, דאַרף דער מיליטערישער קאַמף צווישן די פֿאָלקאַרמייען און דער מוקדענער קליקע זיין באַגלייט מיט ברייטע פּאָליטישע אַרויסטרעטונגען פֿון די רעוואָלוציאָנערע מאַסן, וועלכע דאַרפֿן ניט אָפּגעשוואַכט ווערן אויך צום מאָמענט, ווען די פֿאָלקאַרמייען וועלן אָפּהאַלטן דעם ניצאָכן, קעדיי די רעוואָלוציאָנערע קרייזן זאָלן קענען האָבן אַן ערנסטן אײַנפֿלוס אַף דער פֿאָרמירונג פֿון אַ נייער רעגירונג און מאַכן אומעגלעך אַ מיליטערישע דיקטאַטור.

דורכפֿירן דידאָזיקע פּאָליטישע אַרבעט אינעווייניק, אין די פֿאָלקאַרמייען, אין זייער ראַיאָן און אַרום זייער קריגטעטיקייט איז ניט קיין אוטאָפּיע. איר דערפֿאָלג הענגט אָפּ, געוויינטלעך, אין דער ערשטער ריי אָן דער אַקשאָנעס פֿון די רעוואָלוציאָנערע גרופּן. מען דאַרף ניט פֿאַרגעסן, אַז אויך די פֿאָלקאַרמייען זיינען פֿאַראינטערעסירט אין דער אונטערשטיצונג מיצאַד דער רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי. די פֿאָלקאַרמייען דאַרפֿן, נאַטירלעך, אין זייער קאַמף קעגן דער מוקדענער קליקע וואָס ענגער זיך פֿאַרבינדן מיט דער נאַציאָנאַלער פֿרייהייטבאַוועגונג. זייערע אָנפֿירער זיינען, נאַטירלעך, נעענטער צום רעכטן גאָמינדאַן, ווי צום לינקן און צו דער רעוואָלוציע, נאָר אַ גרויסע ראָל שפּילט אויך די צווישנפֿעלקערלעכע פֿאַקטאָרן.

פֿון דעם רעוואָלוציאָנערן וווקס הענגט אָפּ ניט צו דערלאָזן, אַז די פֿאָלקאַרמייען זאָלן אויסגענוצט ווערן אַף צו איינשטעלן אַ מיליטערישע דיקטאַטור. דאָס איינציקע מיטל בײַ די איצטיקע באַדינגונגען צו ווירקן אַף די פֿאָלקאַרמייען איז, די רעוואָלוציע זאָל זיי אונטערשטיצן אין זייער קאַמף.

ניט אַלע באַוואָפֿנטע קרייזן, וועלכע זיינען היינט אונטער דער אָנפֿירונג פֿון דער טשזילישער גרופּירונג, וועלן ביז סאָף קעמפֿן קעגן דער פּאָליטישער פּראָגראַם פֿון רעוואָלוציאָנערן בלאָק צווישן פּראָלעטאַריאַט און פּויערטום. ניט אַלע באַוואָפֿנטע קרייזן, וועלכע געפֿינען זיך איצט אין די צאָפֿנדיקע פֿאָלקאַרמייען, וועלן ביזן סאָף זיך שלאָגן אַף דער פּלאַטפֿאָרם פֿון נאַציאָנאַלרעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. אין אַנטוויקלונגפּראָצעס פֿון רעוואָלוציאָנערן קאַמף וועט פֿאָרקומען אַן איבערגרופּירונג און אַן אָפּקלייב, ווי צווישן די אָפֿיצערקאַדרען פֿון דידאָזיקע אַרמייען, אַזוי אויך צווישן דער סאָלדאַטנמאַסע. ווייטער וועלן איינציקע באַוואָפֿנטע מאַכנעס פֿאַנאַנדערפֿאַלן דורך קומען אין באַרירונג מיט דער פּויערישער מאַסע, וועלכע איז אַרײַנגעצויגן געוואָרן אין רעוואָלוציאָנערן קאַמף, איינציקע, פֿאַרקערט, וועלן זיך ענגער פֿאַרבינדן מיט די

רעוואָלוציאָנערע מאַסן. די לעצטע וועלן דורכמאַכן יענעם פּראָצעס פון רעוואָלוציאָנערער רעאָרגאַניזאַציע, וועלכע עס ווערט איצט דורכגעמאַכט אין ראַיאָן פון קאַנטאָנער רעגירונג און וואָס מאכט ענלעך די באוואָפנטע קויכעס פון קאַנטאָנער רעגירונג צו דעם געבויאריפן פון די באוואָפנטע קויכעס פון אונדזער סאָוועטנלאנד. פונדעסטוועגן זיינען דידאָזיקע באוואָפנטע קויכעס נאָך אַלץ ניט די קלאסנאַרמיי פון פּראָלעטאַריאַט. דאָס לעצטע געהערט צו דער צוקונפט, וועגן וואָס עס וועט נאָך זיין צייט צו ריידן. פארלויפיק, בא איצטיקער צייט, ווען די אויפגאַבע צו אָפּהאַלטן אַ ניצאָכן איבער דער רעאַקציע און אינטערנאַציאָנאלן אימפּעראַליזם פאָדערט צו פאַריייניקן די מיליטערישע און פאליטישע קויכעס אַף דער פּלאַטפאָרם פון אַ רעוואָלוציאָנער-דעמאָקראַטישער מאַכט, דארף מען קאָנען אויסנוצן יעטווידע מיליטערישע גרופּירונג, ניט פאַרגעסנדיק דערביי אַלע אירע פּאָזיטיווע און נעגאַטיווע זייטן.

## 10. די אופגאבע פון כינעזישן פּראָלעטאריאט.

דער כינעזישער אינדוסטריעלער פּראָלעטאריאַט האָט זיך אין די לעצטע שאנכאַיער געשעענישן אַרויסגעוויזן אַלס זעלבסטשטענדיקער פּאָליטישער קויעך. זיין באוועגונג האָט זיך אַנטוויקלט אונטער אַלגעמיינגאַציאָנאַלע, רעוואָלוציאָנערע לאָזונגען. ער האָט אַרום זיינע קאמפּאָרגאַנען קאָנצענטרירט די גאַנצע מאַסע פון דער שטאָטישער דעמאָקראַטיע, און אָנגעפירט מיט איר. ער איז געווען דער העגעמאָן אין גאַנצן פעריאָד פון שאַנכאיער באַוועגונג. אין דערזעלבער צייט האָט, אָבער, זיין באוועגונג גענוג בוילעט אַרויסגעוויזן איר קלאַסנכאַראַקטער און האָט אָפּגעשטויסן פון זיך די מער רייכע שיכטן. אין קאַמוס איז דער כינעזישער פּראָלעטאַריאַט פאַרהעלטענישמעסיק ניט גרויס. זיין אָנפירנדיקע ראָל אין דער כינעזישער רעוואָלוציע איז נאָר מעגלעך אַף אַזויפל, אַף וויפל ער וועט קאָנען פאַרייניקן זיין קאמף מיט דעם קאַמף פון די פויעריממאַסן. דידאָזיקע פאַרייניקונג דאַרף דורכגעפירט ווערן, ניט געקוקט אַף דער אומגינסטיקער טעריטאָריעלער צוטיילונג פון די אינדוסטריעלע צענטרען, וועלכע געפינען זיך בלויז אין דער יאַמברעגיקער זאָנע, זייער וויט פון דער איבעריקער כינע.

אין דעם נאָענטסטן עטאַפּ פון קאַמף זיינען די דירעקטע אופגאַבן פון כינעזישן פּראָלעטאַריאַט — דער אומאויפהערלעכער קאַמף פאַר נאַציאָנאַלער אומאָפּהענגיקייט און אייניקייט פון כינע, פאַר שאַפן אַ צענטראַלע רעוואָלוציאָנער-דעמאָקראַטישע מאַכט, פאַר אַ סיסטעמאַטיש-רעוואָלוציאָנערער לייזונג פון אַלע פראַגן, וועלכע שטייען פאַר אַ דעמאָקראַטישער רעוואָלוציע. מיר האָבן שוין פונם אויבנדערמאָנטן געזען, ווי די בורזשואַזיע וואָלט וועלן לייזן די פראַגע פון שאַפן אַן איינהייטלעכע, אומאָפּהענגיקע כינע. אָבער אַ מיליטערישע דיקטאַטור אין אַ פאַרבאַנד מיטן אַמעריקאַנער אימפּעריאַליזם וואָלט פאַרן כינעזישן פּראָלעטאַריאַט און פאַרן כינעזישן פויערטום באַדייטן אַ נייע פאַרשקלאַפונג. אַזאַ לייזונג, אָבער, איז אוטאָפּיש, ווייל זי איגנאָרירט דעם מאַסנקאַמף פון כינעזישן פאָלק. די כינעזישע פראַגע קאָן געלייזט ווערן בלויז אַף אַ רעוואָלוציאָנער-דעמאָקראַטישן אויפן. אַזאַ קאָן נאָר דערגרייכט ווערן דורך אַ פאַרבאַנד צווישן פּראָלעטאַריאַט,

פויערטום און שטאָטישער דעמאָקראַטיע אָ ן דער גרויסבורזשואַזיע און אין אַ געוויסן מאָמענט ק ע ג ן דערדאָזיקער בורזשואַזיע. דער אינטערנאַציאָנאַלער פאַרבינדעטער פון דער כינעזישער רעוואָלוציע איז דער אַלוועלטלעכער פּראָלעטאַריאַט און ס.ס.ס.ר.

מען זעט גאַנץ דייטלעך, אַז די אופגאַבע צו מאָבילירן אַלע רעוואָלוציאָנערע קויכעס פון כינעזישן פאָלק קאָן ניט געלייזט ווערן בלויז אַפן גרונט פון פּאָליטישע לאָזונגען אַליין. די כינעזישע רעוואָלוציע דאַרף אַרויסרוקן אַ ברייטע פּראָגראַם פון סאָציאַלע רעפאָרמען, וועלכע זאָל זיין בעקויעך צו ברענגען אין באַוועגונג דאָס פויערטום און די שטאָטישע אָרימע מאַסן. די כינעזישע רעוואָלוציע דאַרף באַוואָפענען די כינעזישע אַרבעטנדיקע מאַסן, קעדיי מיט גוואַלט קענען צוברעכן אַלע שטערונגען, וואָס שטייען אַפן וועג פון שאַפן אַ צענטראַליזירטע, איינהייטלעכע, רעוואָלוציאָנער-דעמאָקראַטישע מעלוכע.

## 11. די כינעזישע קאָמוניסטישע פּאַרטיי.

דידאָזיקע פּאַרטיי, האָבנדיק אונטער זיך אַ פעסטע סאָציאַלע באַזע—דעם אינדוסטריעלן פּראָלעטאַריאַט, וואָס איז באַשעפטיקט אַף די נאַציאָנאַלע, אויסלענדישע און געמישטע אונטערנעמונגען—דאַרף קוידעמקאָל פאַרענדיקן דעם פּראָצעס פון אָנעמען די פאָרם פון אַ זעלבסטשטענדיקער קלאַסנפּאַרטיי—אַ כינעזישער סעקציע פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל. דערדאָזיקער פּראָצעס פון זעלבסטבאַשטימונג האָט זיך באַדייטנדיק אַ רוק געטאָן פאָרויס, אַ דאַנק די גרויסע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע שטרייקן פון פּראָלעטאַריאַט אין פאַרלויף פון לעצטן יאָר. ער איז אָבער אָרגאַניזאַציאָנעל נאָך ניט פאַרענדיקט אין גאַנצן לאַנד. באַזונדערס אין קאַנטאָן און אין גאַנץ גואַנדאַנער פּראָווינץ האָט נאָך ניט די כ. ק. פ. קיין באַזונדערע פּאַרטעישע אָרגאַניזאַציע און זי איז טעטיק אַלס אָנפירנדיקער לינקער פליגל פון לינקן גאָמינדאַן. נאָר אויך דאָרטן, ווו די אָרגאַניזאַציאָנעלע אָפּזונדערונג איז שוין פאָרגעקומען (אין מיטלכינע), איז זי אידעיש ניט פאַרפעסטיקט, ניט קלאָר פאַר דער גאַנצער מאַסע פּאַרטיימיטגלידער. די יונגקייט פון כינעזישן פּראָלעטאַריאַט און זיין פאַרבינדונג מיטן פויערטום, די פּאָליטישע און אָרגאַניזאַציאָנעלע ענלעכקייט פון כ. ק. פ. און גאָמינדאַן, די געמיינזאַמע אָרדנטלעכע רעוואָלוציאָנער-דעמאָקראַטישע אופגאַבן—דאָס אַלץ וועט נאָך זייער לאַנג אונטערהאַלטן די „פאָלקיסטישע" שטימונגען אין דער קאָמוניסטישער סוויווע, באַזונדערס, ווען דער גאַנצער אָנפירנדיקער פּאַרטעישער אויבערטייל אין צענטער און אַף די ערטער טראָגט אַן אינטעליגענטישן כאַראַקטער. די פּאַרטיי דאַרף דורכמאַכן אַן ערנסטע אינערלעכע פּאָליטישע אַרבעט, קעדיי צו פאַרשנעלערן דעמדאָזיקן פּראָצעס פון זעלבסטבאַשטימונג. באַזונדערס דאַרף ריכטיק דערקלערט ווערן פאַר די מאַסן מיטגלידער דער מעהוס פון דער אָנגעהעריקייט פון כ. ק. פ. צום קאָמינטערן און די ראָל פון ר. ק. פּ. און ס.ס.ס.ר. אין קאַמף אַפן מיזרעך.

צוזאַמען מיט די „פאָלקיסטישע" טענדענצן וועט אויך אומפאַרמיידלעך זיין אין די רייען פון כ. ק. פ. אַ לינקע אָפּניי-

גונג, וועלכע האָט זיך שוין אַרויסגעוויזן אין דער צייט פֿון שאַנכאַיער שטרייק און וועלכע וועט זיך אַרויסווייזן אין אַלע קריטישע מאָמענטן פֿון דער באַוועגונג. דער אינהאַלט פֿון דעמדאָזיקן „לינקן אָפנייג״ וועט זיין: די שטרעבונג צו פֿאָרסירן די איצטיקע פֿאַזע פֿון נאַציאָנאַל-רעוואָלוציאָנערן קאַמף קעגן אימפעריאַליזם צו די אויפֿגאַבן פֿון פראָלעטאַרישער דיקטאַטור און סאָוועטנמאַכט, די איבערשאַצונג פֿון פראָלעטאַריאַטס קויכעס און פֿאַרגעסן דאָס פויערטום—די הויפטבאַזע און דער אַנטשיידנדיקער פֿאַקטאָר אין דער כינעזישער נאַציאָנאַל-רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. די טאַקטישע פראָבלעמען פֿון דער כינעזישער נאַציאָנאַל-רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, ניט געקוקט אַף איר אייגנאַרטיקער לאַגע, זיינען זייער ענלעך צו די פראָבלעמען, וועלכע זיינען געשטאַנען פֿאַרן רוסלענדישן פראָלעטאַריאַט אינם פעריאָד פֿון 1905-טן יאָר. דאָס נעמען אין אַכט די לעקציעס פֿון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע וועט העלפֿן דער כ. ק. פ. ניט צו דערלאָזן און אויסלעבן אַלע פֿאַרשיידענע אָפנייגונגען אין איר סוויווע, ווי די רעכטע („פאָלקיסטישע״), אַזוי אויך די „לינקע״.

## 12. דער לויפֿנדיקער מאָמענט און אונדזערע אויפֿגאַבן.

דער איצטיקער אנטוויקלונגמאָמענט פֿון דער נאַציאָנאַלער פֿרייהייטבאוועגונג אין כינע מיטן שטאנדפונקט אין דער פערספעקטיוו צו שאַפֿן א רעוואָלוציאָנערדעמאָקראַטישע מאַכט איז *אַ צוגרייטונגפעריאָד*, ווען דער פראָלעטאַריאַט מאַכט נאָך די ערשטע שריט אַף צו פֿאַנאַנדערוויקלען און צונויפֿשמעלצן זיינע קויכעס, ווען ער זאָנדירט נאָך די וועגן, ווי אַזוי צוזאַמענבינדן זיין קאַמף מיטן קאַמף פֿון פויערטום. די שאַנכאַיער באַוועגונג קאָן דעריבער ניט אָפגעשאַצט ווערן ווי אַן אָנהויב פֿון אַ העגעמאָנישן פעריאָד פֿון פראָלעטאַריאַט אין דער כינעזישער רעוואָלוציע, אָדער אַפֿילע, ווי אַן אָנהויב פעריאָד, אין וועלכן עס הערשט אַ רעוואָלוציאָנערער בלאָק פֿון פראָלעטאַריאַט מיט דער דעמאָקראַטיע. דערדאָזיקער מאָמענט וועט אָנקומען אַסאַך שפעטער און נאָר דאַן, ווען עס וועט אַנטגילטיק דעזאָרגאַניזירט ווערן דער גאַנצער איצטיקער געבוי פֿון דער כינעזישער, האַלבפֿעאָדאַלער מעלוכעסיסטעם, וועלכע באַזירט זיך אַף דער הערשאַפֿט פֿון איינצלנע מיליטערישע קליקעס, און נאָר דאַן, ווען איבער זיי וועט אָפגעהאַלטן ווערן אַ ניצחון. פֿון דעמדאָזיקן שטאַנדפונקט האָט די שאַנכאַיער באַוועגונג גרויסע פאָזיטיווע פֿאַרדינסטן, ווייל זי האָט אויפֿגעדעקט פֿאַר די פֿאָלקמאַסן דעם טאָך פֿון איינער אַן אָפֿן קאָנטררעוואָלוציאָנערער מיליטערישער קליקע (טשזאַן-צזאָ-לין) און געצוווּנגען אַ צווייטע קליקע (או-פיי-פֿו) נאָך באַ אירע ערשטע אַרויסטרעטונגען אַרויסצווייזן איר עמעסן פאַרצעף דערמיט, וואָס זי האָט פֿאַרנומען אַ באַשטימט-פֿיינטלעכע פאָזיציע בענוגייע די אַרויסטרעטונגען פֿון פראָלעטאַריאַט. די כינעזישע קאָמפאַרטיי דאַרף פֿאַרייניקן דעם גאַנצן פראָלעטאַריאַט פֿון לאַנד. זי דאַרף באַהערשן דעם אייזנבאַנפראָלעטאַריאַט, וועלכער קאָן שפילן אַ גרויסע ראָל אין דעזאָרגאַניזירן די מיליטערישע קליקעס. אָבער עס איז קלאָר קענטיק, אַז די ליקווידאַציע פֿון דערדאָזיקער מאַקע אַף כינעס קערפער, פֿאַרניכטן די באַזע פֿון מיליטערישער דיקטאַטור פֿון דער בורזשואַזיע און אימפעריאַליסטן איז מעגלעך נאָר דאַן, ווען עס וועט זיך אויפֿהויבן דאָס פויערטום, וואָס מיט זיין היסטאָרישער רעכטלאָזיקייט איז ער די איינציקע עקזיסטענצבאַזע פֿאַר דער הערשאַפֿט פֿון די מיליטערישע קליקעס.

אַלזאָ, די הויפט זעלבסטשטענדיקע אויפֿגאַבן פֿון דער כ.ק.פ. אינם נאָענטסטן פעריאָד זיינען:

1) אַ ברייטע פאָליטישע אַרבעט צווישן דעם שטאָטישן פראָלעטאַריאַט און אָרעמן טייל און צווישן פויערטום אונטער די לאָזונגען, וועלכע זאָלן צוזאַמענבינדן די סאָציאַלע נויטן פֿון די אַרבעטנדיקע מאַסן מיט דער הויפטאויפֿגאַבע פֿון דער כינעזישער רעוואָלוציע.

2) פעריאָדישע פאָליטישע מאַסנאַרויסטרעטונגען, שטרייקן, דעמאָנסטראַציעס א. א., וועלכע זאָלן האָבן אַ צוזאַמענהאַנג מיט אַקטועלע פֿראַגן פֿון קאַמף, אונטער אַלגעמיינע נאַציאָנאַלע רעוואָלוציאָנערע לאָזונגען און אין פֿאַרבאַנד מיט אַלע רעוואָלוציאָנערע קויכעס.

3) אַריינציען אין קאַמף דאָס פויערטום.

4) שאַפֿן נעצן פֿון אַרבעטער, פויערים און אַלבירגערלעכע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע דאַרפֿן אַריינעמען אַלץ מער נייע מאַסן און שיכטן, אַף וויפֿל זיי וועלן אַריינגעצויגן ווערן אין דער באַוועגונג.

5) אַ דורכבראָך אין דער גענעראַלישער דיקטאַטור דורך אַן אָפֿענע פֿאָרמירונג פֿון פאָליטישע קויכעס.

מ. נאָרוויד.

# דער טעאַטער אַפֿן וועג צו זיין זעלבסטשטענדיקייט.

(אַלגעמיינע שטריכן)

I.

אין קיין געביט פֿון קונסט האָט מען זיך אַזויפֿיל לעצטנס ניט אָפּגעשטעלט אַף די פֿראַגן פֿון פֿאָרם און מאַטעריאַל, ווי אין טעאַטער.

און אין ערגעץ האָט עס ניט געבראַכט צו אַזוינע „פּעסי-מיסטישע כקירעס״, וואָס זאָלן אינגאַנצן שטעלן אונטער אַ פֿראַ-געצייכן די עקזיסטענץ פֿון טעאַטער.

אָפּהענגיק דערפֿון, ווער ס׳האָט דיקטירט און ווער ס׳איז געווען דער טאָנגעבער אין טעאַטער (ווי עס איז באַוווסט, איז דער טעאַטער אין די לעצטע 25 יאָר אונטערגעפֿאַלן אונטער דער ווירקונג קימאַט פֿון אַלע געביטן-פֿון קונסט), אָפּהענגיק דערפֿון האָט איינצייטיק געשטאַמט די „נעוווע״ וועגן זיין אונטערגאַנג.

אינם פּעריאָד פֿון דעם אַזוי גערופֿענעם „ליטעראַרישן״ טעאַטער—האָבן זיך מיט אָפּלייקענען דעם טעאַטער פֿאַרנומען די ליטעראַטן, אינם פּעריאָד פֿונם „מאלערישן״ טעאַטער—די מאלער.

אין דער לעצטער צייט, ווען קינאָ רייסט זיך אַריין אין געביט פֿון טעאַטער, ריידן שוין וועגן זיין אונטערגאַנג די קינאָ טוער.

נישט געקוקט דערויף, וואָס דער טעאַטער עקזיסטירט פֿון קאַדמוינים אָן, פֿירט ער נאָך אַדהאַיעם אַ קאַמף פֿאַר זיין עק-זיסטענץ און זעלבסטשטענדיקייט.

געוויינטלעך, רעכנט זיך דער טעאַטער פֿאַר אַ געביט פֿון קונסט — די עסטעטיק אָבער, ווי אַ קונסטוויסנשאַפֿט, האָט אַף אים זייער ווייניק אַכט געלייגט.

מיר האָבן זייער אַן אָרעמע וויסנשאַפֿט וועגן טעאַטער — ס׳פֿעלט אונדז אויך זיין וויסנשאַפֿטלעכע געשיכטע.

דער דייטשישער טעאַטערהיסטאָריקער פּראָפֿ. מאַקס הערמאַן שרייבט:

Wir haben den Wunsch eine theatergeschicht liche Wissenschaft zu besitzen. wir bes tzen sie aber noch ganz und garnicht.*)

(עס ווילט זיך אונדז זייער פֿאַרמאָגן אַ וויסנשאַפֿטלעכע טעאַטערגעשיכטע – מיר האָבן עס אָבער נאָך ניט אַדהאַיעם).

דעם טעאַטער האָט מען ניט גערעכנט פֿאַר אַ זעלבסט-שטענדיקן געביט פֿון קונסט – אַנשטאָט טעאַטערגעשיכטע האָבן מיר אַנעקדאָטן וועגן דעם הינטערקוליסנלעבן פֿון די אַקטיאָרן, זייערע ביאָגראַפֿיעס און ד. ג.—אָדער געשיכטע פֿון דראַמע אַלס אַ טייל פֿון ליטעראַטורגעשיכטע.

פּונקט ווי די געשיכטע פֿון טעאַטער, שטרעבנדיק צו ווערן אַ זעלבסטשטענדיקע וויסנשאַפֿט-דיסציפּלין, זוכט איצט אירע מע-טאָדן, איר ספּעציפֿישן אָביעקט פֿון אויספֿאָרשן. אַזוי הויבט אָן דער טעאַטער גופֿא זוכן זיינע אייגענע וועגן — זיין מאַטעריאַל — וואָס זאָלן אויסטיילן אים, ווי אַ זעלבסטשטענדיקן געביט פֿון קונסט.

יעדן קונסטווערק פֿאַסן מיר אויף דורכן מאַטעריאַל — די פֿאַרשיידנאַרטיקייט פֿונם מאַטעריאַל איז דער יעסאָד פֿאַר פֿאַר-שיידנאַרטיקע געביטן פֿון קונסט. ווען אָבער דער טעאַטער אָפּע-רירט ניט מיט אייגענעם מאַטעריאַל — און נעמט עס אַף פּראָ-קאַט באַ אַנדערע קונסטגעביטן, דעמאָלט, נאַטירלעך, שווימען אויף די „פּעסימיסטישע כקירעס״, וועלכע שטעלן די האַרבע פֿראַגן:

צי איז בכלל טעאַטער קונסט?

II.

„שטענדיק האָט מען זיך געאַמפּערט: צי איז די אַקטיאָרישע שפּיל קונסט״?—שרייבט ג. קרעג*) און ענטפֿערט באַלד, אַז די אַקטיאָרישע שפּיל איז ניט קיין קונסט — ווייל קעדיי צו שאַפֿן אַ געוויסן ווערק פֿון קונסט (אונדזער קורסיוו.) דאַרפֿן מיר אַרבעטן נאָר אַף אַזאַ מאַטעריאַל, וועלכער לאָזט זיך באַהערשן. דער מענטש (אונדזער קורסיוו.) אָבער געהערט ניט צו דעם מין מאַטעריאַל.

אַזוי אַרום איז דער מענטש אינגאַנצן געפּאסלט געוואָרן אַלס ספּעציפֿישער מאַטעריאַל פֿון טעאַטערקונסט — און דער טעאַטער בלייבט אָן מאַטעריאַל.

די שטרעבונג צו שאַפֿן אַ „געוויסן קונסטווערק״ שטויסט דעם טעאַטערטוער אין די אָרעמס פֿון מוזיק, מאָלעריי א. א. וו., ווו דער וועג פֿון קונסטשאַפֿונג איז שוין געווען אַן אויסגעטראָטע-נער. וואָס האָט מען אַפֿן דאָזיקן וועג געפֿונען?

קודעמקאָל — אַז אַ קונסטווערק איז עטוואָס גאַנצעס— דורך איין שעפֿערישן יאָכיד באַשאַפֿן — אַזוי, לעמאָשל, שוין באַ די ערשטע טריט פֿונם ליטעראַרישן טעאַטער (אין דייטש-לאַנד נאָך אין דער ערשטער העלפֿט פֿון 19 יאָרהונדערט). ווען דער איינקלאַנג צווישן בינעבילד (די שטעלונג) און דער דראַמע (דער טעקסט) איז געווען דאָס וויכטיקסטע, האָט געשריבן דער דייטשישער טעאַטערטוער אימערמאַן:

Des Dichters Werk entspringt aus einem Haupte, deshalb kann die Reproduktion desselben vernünftigerweise auch nur aus einem Haupte hervorgehen **)

*) M. Herrman. Forschungen zur deutschen Theatergeschichte des Mittelalters und der Renaissance. Berlin 1914.

*) Крег. Искусство театра.

**) Michael. Deutsches Theater. 1923. Breslau.

(אַזוי ווי אַ דיכטערווערק גייט אויף פֿון איין דיכטערמויעך, אַזוי מוז אויך די רעפּראָדוקציע דערפֿון (ד. ה, די שטעלונג. מ. נ.) אויך פֿון איין מויעך אַרויסקומען).

דיזאָזיקע טעאָרעטישע האַנאָכע ווערט דער הויפּטפּרינציפּ אַף וועלכן עס באַזירט זיך די מאָדערנע רעזשיסור.

איצט, ווען די פֿראַגע וועגן אן איינציקן „שאַפֿונגצענטער" איז געלייזט, בלייבט פֿאַר דעם רעזשיסאָר די פֿראַגע צו געפֿינען אַזאַ „מאַטעריאַל, וועלכער לאָזט זיך באַהערשן".

און אָט דאָ הויבט זיך אָן אַ שווערער קאַמף: דער רעזשיסאָר פרוווט זיך באַהערשן דעם מענטשן (דעם אקטיאָר) אַף דער בינע. ער פרוווט זיך דערפֿירן אים ביז צו דער שטופּע פֿון טויטן מאַטעריאַל, ווי פֿאַרב, טאָן, ליניע, א. ד. ג. ווי דאָס איז אין אַנדערע קונסטגעביטן.

דער אקטיאָר ווערט פֿאַרוואַנדלט אין אַ מאַטעריאַל, וועלכער קלינגט און באַוועגט זיך.

קורץ: ס'ווערט באַזייטיקט די „לעבעדיקע פֿיגור וואָס פלאָנטערט יעדערן, וועלכע מישט צונויף די ווירקלעכקייט מיט קונסט *) (קורסיוו אונדזערער).

דער רעזשיסאָר זוכט די מעטאָדן ווי אַזוי צו אָרגאַניזירן די באַוועגונג און קלאַנג (פֿונם אַקטיאָר) ער האָט פֿאַר זיי אַ גרייטן נוסעך: פֿאַר דעם קלאַנג—מוזיק, פֿאַר דער באַוועגונג—מאַלעריי, סקולפּטור. אַזאַ געבוי פֿון דער פֿאָרשטעלונג—לויט פּרינציפּן פֿון איין „שאַפֿונגצענטער" און פֿון „מאַטעריאַל, וואָס לאָזט זיך באַהערשן" א. א. וו. אַנטשפּרעכט עפּשער דעם פֿאַרלאַנג צו שאַפֿן אַ „געוויסן קונסטווערק"—נאָר דאָס ספּעציפֿישע, וואָס זאָל אָפּטיילן דעם טעאַטער פֿון אַנדערע קונסטווערק האָט ער ניט געשאַפֿן.

די פּראָבלעם פֿון אַ זעלבסטשטענדיקער טעאַטערקונסט איז ניט דערלייזט.

פֿאַרקערט, אַריינדרינגנדיק אין אַנדערע געביטן פֿון קונסט, אַריבערטראָגנדיק זייערע מעטאָדן אין טעאַטער, האָט דער רעזשיסאָר באַגרעניצט די מעגלעכקייטן, וועלכע זיינען געווען באַם אַקטיאָר אַלס אַ „לעבעדיקע פֿיגור", און האָט געבראַכט דעם טעאַטער צו אַ קריזיס און צו אינערלעכע ווידערשפּרוכן.

אַזוי, לעמאָשל, אין דעם מאַלערישן טעאַטער, ווו אַלץ איז אונטערגעוואָרפֿן די געזעצן פֿון מאָלעריי, איז דער קערפּער פֿון אַקטיאָר געבליבן סטאַרטשען אינמיטן, מאַכמעס אַלס קערפּער איז ער אַ דרייפֿלאַכיקער, בייס דאָס געמאָלטע בילד איז צווייפֿלאַכיק.

די גאַנצע באַוועגונג, אַלע זשעסטן פֿונם אַקטיאָר קומט אויס צו בויען אַף צוויי פֿלאַכן (לענג און ברייט) אָבער ניט אין דער טיף.

אַזוי איז אויך באַגהעניצט געוואָרן דער אקטיאָר אין זיין רײדן-צו זיין אַרויסגעזאָגטן וואָרט איז מען צוגעגאַנגען נאָר מיט אַ מוזיקאַלישן צוגאַנג. ד. ה. בלויז אָרגאַניזירט דעם קלאַנגעלעמענט פֿון וואָרט. דאָס וואָרט אָבער באַשטייט ניט נאָר פֿון קלאַנגען. „דער ציל פֿון וואָרט איז ניט נאָר זיין קלאַנג"—שרייבט א. אַרטיושקאָוו **)

---

*)Г. Крег. Искусство театра.

**) А. Артюшхоз. Звук и стих. Петроград. 1923.

אַרויסגיין פֿון אָט די ווידערשפּרוכן האָט מען נאָר געקאָנט אַף צווייערליי אויפֿאַנים—אָדער פֿאַרבייטן דעם אַקטיאָר מיט אַ מאַריאָנעטקע (פֿאַרוואַנדלען אים אינגאַנצן אין א טויטן מאַטעריאַל), אָדער אנערקענען, אַז טעאַטער איז אַ לעבעדיקע קונסט און זיין מאַטעריאַל איז א לעבעדיקער מענטש.

·III

ניט געפֿינענדיק זיין זעלבסטשטענדיקייט אין איין געביט פֿון קונסט, האָט דער טעאַטער געוואָלט פֿאַראייניקן אַלע קונסטווערק איינעם: געבן איינצייטיק אי פֿאַרן אויג אי פֿאַרן אויער, ניט ווי אַנדערע קונסטגעביטן—וואָס באַפֿרידיקן נאָר איין כוש.*)

די זעלבשטענדיקייט און ספּעציפֿישקייט פֿון טעאַטער ווערט באַשטימט גלייכצייטיק דורכן רוים און צייט.

אַזוי אַרום ווערט באַשאַפֿן דער סינטעטישער טעאַטער, וועלכער פֿאַראייניקט אלע קונסטגעביטן.

„דער טעאַטער—דאָס איז דער יאָנטעוו פֿון אלע קונסט-געביטן" האָט נאָך פֿאָרמולירט געטע.

דערדאָזיקער יאָנטעוו פֿון אלעמען איז אָבער ניט געווען דעם אקטיאָרס יאָנטעוו. ער האָט געפֿילט אף זיך דעם דרוק ניט נאָר פֿון איין פֿרעמדן קונסטגעביט, נאָר פֿון אַ גאַנצער ריי.

דער אקטיאָר ווערט מעכאַניזירט. אַזוי ארום וויל דער רעזשיסאָר מאַכן שאָלעם צווישן „מאריאָנעטקע" און „לעבעדיקער פֿיגור".

ער אליין, אָבער, דער רעזשיסאָר, איז אויך ניט אָפּגעקומען בעשאָלעם פֿונם דאָזיקן „יאָנטעוו פֿון אלע קונסטן". ער איז דאָך ארויף אף דער בינע, קעדיי אויסצופֿילן אימערמאַנס געבאָט פֿון „איין צענטער" שאַפֿן א קונסטווערק, און לעסאָף דראָט זיין קינסטלערישער זעלבסטהערשאַפֿט אַ סאַקאָנע מיצאַד דעם מאלער, קאָמפּאָזיטאָר א. א. וו.

·IV

אין וואָס זשע סאָפּקאָלסאָף דריקט זיך אויס די זעלבשטענדיקייט פֿון דער טעאַטערקונסט?

אויב מיר נויטיקן זיך אין אלגעמיינע פֿאָרמולירונגען, קאָנען מיר פֿאָרמולירן אַזוי:

טעאַטער דאָס איז די קונסט פֿונם אקטיאָר, און פֿון זיין לעבעדיקמענטשלעכער באַרירונג מיטן צושויער.

אויב אין דער לעצטער צייט דראָט קינאָ דעם טעאַטער, קאָן זי אים נאָר דראָען אַפֿן פֿראָנט פֿון רוים, באוועגונג, רעזשיסור, נאָר ניט אפֿן אקטיאָרישן פֿראָנט**).

עמעס, געאָרג פֿוקס***) און מייערכאָלד (אפֿילע אין פעריאָד פֿון מאָלערישן טעאַטער) האָבן געזאָגט, אז אלע מיטלען פֿון טע-

---

*) פּראָפֿ. זשירמונסקי. אין זיין פארעדע צו דעם בוך פֿון א. וואלצעל „די פּראָבלעם פון פאָרם אין פאָעזיע" שרייבט, אז דער טעאטער איז א קונסט, וועלכע פֿאראייניקט די קאמפּאָזיציע פֿון רוים און צייט.

**) אינטערעסאנט איז דער שטעל אין בוך פֿון יוליוס באַב— „Die neue Kritik der Bühne" ווו ער ווייזט אן ווי אלבערט באסערמאן (איינער פֿון די גרעסטע דייטשישע אקטיארן) פארלירט אין קינא אף 50 פראצ., אין פארגלייך מיט זיין שפילן אין טעאטער.

***) פוקס איז א דייטשישער רעזשיסאר.

אַטער דאַרפן דינען דעם אקטיאָר, נאָר דאָ גיט צו מייערכאָלד אַז: „דער רעזשיסאָר נויט דעם צושויער דורך דער פּריזמע פון אקטיאָר אופנעמען אי אים אי דעם אווטאָר”.

אף וויפל דער אקטיאָר איז געווען א טויטער מאַטעריאַל אין די הענט פון רעזשיסאָר, האָט דער לעצטער צוגעצויגן די אופמערקזאמקייט פונם צושויער אפן אקטיאָר, ווייל דאָס איז געווען דער איינציקער מיטל צו נויטן דעם צושויער אופנעמען אים אליין. נאָר ס'איז ניט גענוג געווען אוועקשטעלן דעם אַקטיאָר אף דער סצענע, אויסטיילן אים מיט פאַרשיידענע מיזאַנסצענעס אדער באַלויכטן אים מיט אַ רעפלעקטאר און זאָגן: אָט, מיר בויען אלץ אפן אקטיאָר! ניין, בויען אפן אקטיאָר הייסט: אָרגאַניזירן א פאָרשטעלונג ניט לויט די געזעצן פון מאלעריי, ליטעראַטור, מוזיק א. א. וו. נאָר ארויסגיין פון זיין ספּעציפישקייט אַלס א „לעבעדיקע פיגור”.

זי, די פיגור אלס מאטעריאַל, שיידט זיך שארף אונטער פון די מאַטעריאלן, אף וועלכע ס'ארבעטן אַנדערע קינסטלער.

בויען אפן אקטיאָר הייסט:

ניט פאַרגעסן, אז דער אקטיאָר איז ניט נאָר א מאַטעריאל, נאָר אויך דער קינסטלער, וועלכער אָרגאַניזירט זיין מאטעריאַל. ווי מ'זאָגט, ער איז דער „אָביעקט” און „סוביעקט” גלייכצייטיק. דעמדאָזיקן פאָשעטן עמעס פאַרגעסט מען גאַנץ אָפט, און דערי-בער קומט אויס עס איבערצוכאַזערן. איצט איז דער אקטיאָר בלויז דער מאטעריאַל, קינסטלער—איז דער רעזשיסאָר.

די אונטערטעניקע ראָל פונם אקטיאָר, אלס טעכנישער אויספירער פון רעזשיסאָרס אופגאַבן, טרעט ארויס באזונדערס בולעט אף דובליאָרן:—צוויי באזונדערע מענטשן באקומען איין און די זעלבע אופגאַבע (דערפון נעמט זיך די געשמאקלאָזע, נישטקינסטלערישע קאָפּיע בא די דובליאָרן) מיר מיינען ניט דערמיט זיך ווידער אומקערן צו דער אלטער „סטאַר”-סיסטעם—ניין. מיר זיינען אָבער איינשטימיק מיט יענעם דייטשישן טעאַטערטוער, וועלכער לייגט פאָר קעמפן קעגן „סטאַר” נאָד דאַן, ווען ער איז אן אופגעבלאָזענער נול.*)

*) זע: „Das Dramatische Theater” Heft I· 1924 Berlin·

אַ כוץ די פריערדערמאָנטע באגרענעצונגען, וועלכע שטערן דער אקטיאָרישער פערזענלעכקייט זיך צו אנטוויקלען—איז אין די באַדינגונגען פון אונדזער יידישן טעאַטער פאַראַן נאָך אַ כיסאָרן:

דאָס איז דער רעפערטואר, וועלכער בויט זיך דאָך·ראָוו פון לידלעך און טענץ, ווו דער אקטיאָר קאָן גאָר נישט געבן אַכוץ זיין פערזענלעכן כיין, אויסבויען א געשטאלט האָט ער נישט פון וואַנען.

מיט אַ ריי מאָדערנע ווערטער, ווי לעמאָשל „מאַסע”, „קאָלעקטיווע שאפונג”, פרווט מען זיך לעצטנס באַרעכטיקן די מיטלמעסיקייט אף דער סצענע. מע טאַינעט: מיר דארפן ניט האָבן קיין אינדיווידועלע שפיל, נאָר אַ „מאַסאָווע” *) אַ קאָלעקטיווע.

עס געפינען זיך נאַיווע מענטשן, וועלכע מיינען, אַז אויב ס'נעמט אנטייל אין דער פאָרשטעלונג אַ „מאַסע”, דענסטמאָל האָבן מיר פאַר זיך א קאָלעקטיווע שאפונג...

דער רוסישער דיכטער בעזימענסקי שרייבט:

Я хочу показать одного,

Чтобы в нем говорили тысячи.

אונדז אָבער באווייזט מען טויזנטער דורך וועלכע ס'רעדט... איינער (דער רעזשיסאָר).

## V·

טעאַטער איז א זעלבסטשטענדיקע קונסט. די זעלבסטשטענדיקייט ווערט באשטימט דורכן אַקטיאָר—דעם מענטש—דער פערזענלעכקייט.

אויב אונטערן וואָרט קונסט פאַרשטייען מיר נאָר מאלעריי מוזיק, סקולפטור א. א. וו. איז טעאַטער ניט קיין קונסט.

ווייל ניט די „לעבעדיק פיגור פלאָנטערט יעדערן” ווי ג. קרעג האָט געמיינט, נאָר דאָס שמאָלע פאַרשטיין פונם באגריף קונסט פלאָנטערט, מישט צונויף מאלעריי, מוזיק, דיכטונג א. א. וו. מיטן טעאַטער.

*) אפן פראנט פון „מאסן” שלאגט דער קינאָ אויך דעם טעאטער.

י. לובאָמירסקי.

# קינאָקונסט.

## וועגן דעם, צו איז קינאָ—קונסט.

עס זיינען געווען ציַיטן, ווען מיט קינאָ האָט מען זיך ניט געוואָלט רעכענען, ווי מיט אַן אייגנאַרטיקער קונסטבראַנזשע, אַזוי ווי, לעמאָשל, מע באַטראַכט טעאַטער, מוזיק, מאָלעריי. און ווען מע פלעגט פאַרגלייכן טעאַטער מיט קינאָ, פלעגט מען מאַכן אַזאַ לעהאַוודל, ווי צווישן מאָלעריי און פאָטאָגראַפיע. נאָך מער: די טעאַטערקרייזן, וואָס זיי איז געווען ליב און טייער דער טעאַטער, האָבן ניט איינמאָל שאַרף פראָטעסטירט און געטאַינעט, אַז קינאָ איז אַ קאַריקאַטור אַף דעם טעאַטער, אַז קינאָ פאַרשוועכט טעאַטער, אַז דאָס איז הוילע טעכניק, אָן אַ נעשאָמע.

אַ שטיק עמעס איז געווען אין אָט אָ די טאַינעס, ווייל קינאָ, ווי נאָר ער איז געבוירן געוואָרן, האָט ער זיך גענומען קוידעמקאָל קאפּירן קאָלערליי מינים טעאַטער: דראַמע, באַלעט, אָפּערעטע, צירק. און וואָס פאַר אַ טאַם, אינדערעמעסן, האָבן געקאָנט האָבן באַם צושויער מיט אַן אַנטוויקלטן געשמאַק,—באַזונדערס באַם טעאַטראַל,—אָט אָ די הוילע שטומע באַוועגונגען אָן דער פאַרביקייט, וואָס אַ לעבעדיקער ספּעקטאַקל פאַרמאָגט, אָן קלאַנגען, אָן דעם וואָרט, וואָס רופט אַרויס אַזוי פיל עמאָציעס. היינט דער קאָנטאַקט מיטן לעבעדיקן אַקטיאָר, וואָס הויכט אַריין אַזאַ וואַרעמקייט אין דער אַטמאָספער פון טעאַטער. אין די באַוועגונגען פון קינאָ-אַקטיאָר, אַף דעם עקראַן, האָט מען דאַן ניט געזעען קיין שפּיל, נאָר בלויז אַן איבערנאַטירלעכע, מאַלפּישע נאָכקרימעריי.

שוין אָפּגערעדט פון די סוזשעטן. פון זיי—פון ס׳ראָוו קינאָסוזשעטן ביז די סוזשעטן פון די קלאַסישע ווערק פון דער וועלט-ליטעראַטור איז נאָך היינט אויך אַזאַ מעהאַלעך, ווי, לאָמיר זאָגן, פון דעם שאמערישן סוזשעט ביז דעם פּערעצישן, צו דעם בערגעלסאנישן.

באַזונדערס באנאַל און אומגעהויער קינדיש זיינען געווען די סוזשעטן פון די „קאָמישע“ פילמעס. אָט נעמט, לעמאָשל, די „קאָמישע“ פילמע פון דעם ערשטן צענדליק יאָר, זייט קינאָ איז געבוירן. אָט האָט איר אַ מוסטער פון אַזאַ סוזשעט:

„עפּעס אַ נעפּעש האָט אָפּגעטאָן אַ שפּיצל אָדער אַ פאַרברעכן. אַזוי ווי ער ווייסט, אַז ער דאַרף כאַפּן אַ פּסאַק, אַנטלויפט ער. דער צווייטער (דער וואָס האָט געליטן, אָדער דער אָרדענונגמאַשגיעך—דער פּאָליציאַנט) יאָגט נאָך דעם ערשטן. אין יאָגעניש, אין געלויף ווערט אַ גאַנצע „כאַסענע“: מע קערט איבער שטעלן מיט אייער, וויגעלעך מיט קינדער, וועלאָסיפּעדיסטן, פּאַרקאַנעס, מע צוקנאַקט וויטרינעס אין די קלייטן, מע ברעכט דורך מיטן קאָפּ ווענט... אַף אַזאַ אויפן נעמען אין טומל אַן אנטייל אַלץ מער און מער געליטענע. עס ווערט אַ גאַנצע מאַכנע כאַפּערס, דער אוילעם וואַקסט אומגעהויער, און מע יאָגט זיך אַלע נאָכן ערשטן מאַזיק. מענטשן פאַלן, מע ביילט איינער דעם אַנדערן, מע „צוויושעט“ נעזער... ביז וואַנען מען כאַפּט ניט דעם ערשטן מאַזיק און מען פאַלט ניט אַרויף אַף אים ברעכן די ביינער“.

פאַרשטייט זיך, אַז קיין גוזמע איז עס ניט געווען אין יענע ציַיטן, אויב מען האָט די „לוזיאַנע“ באַטראַכט, ווי אַ טעאַטער פאַר „חרש, שוטה וקטן“ *), ד. ה. אַ טעאַטער פאַר נאַראָנים, פאַר אַמעראַצים.

די עמעסע לאַקעטקע אין קינאָ איז דאַן געווען די קונצנמאַכעריי—האקוס-פּאקוס—וואָס פאַרשיידענע אַקראָבאַטן, צירקשפּילער פלעגן מיט דער הילף פון ספּעציפיש-קינעמאַטאָגראַפישע, טעכנישע איינפאַלן אַפן עקראַן באַווייזן פאַרן אוילעם. ווער האָט זיך געקאָנט מיט זיי דאַן פאַרמעסטן? וואָס פאַר אַ ווערט, אַ שטייגער, האָט געקאָנט האָבן די נאַרישע, לעפּישע שאמערישע מעלאָדראַמע, ווו דער שאָטן אַפן עקראַן פלעגט זיך כאַפּן באַם האַרץ, פאַרן קאָפּ, גלאָצן מיט די אויגן, לעגאַבע דער ריטמיש אויסגעהאַלטענער באַוועגונג פונם אַקראָבאַט, לעגאַבע דער פּינקטלעכער, דייטלעכער, מאַטעמאַטיש-אויסגערעכנטער קערפּערבאַוועגונג, וואָס איז אַזוי אומבאַדינגט נויטיק דעם קינאָ-אַקטיאָר. עמעס טאַקע, דער צירקקלאָון, דער יוירעש פון דעם פאָלקמאַרשאַלעק, האָט אַריינגעטראָגן אין קינאָ דעם געדיכטן, אומגעלומפּערטן גראָטעסק, די פּורימשפּילערישע ווולגאַרע מאַסקע, צוזאַמען מיט דעם שפּרונג און שווונג וואָס ברעכט דעם מויעך. אָבער, ניט געקוקט אַף דער טיפער פאַראַכטונג מיצאַד דעם „ערנסטן הויכגעשעצטן“ פּובליקום, וואָס פלעגט שפּייען קלעק אַף די באנאלע, ביליקע דוראשקינס און די אויבערפלעכלעכע „האַמוינישע“ מאַקס לינדער׳ס, האָט דאָך קינאָ באַוויזן פאַר צען-פופצן יאָר אַרויסרוקן אַזעלכע וועלטבאַרימטהייטן, ווי טשאַרלי טשאַפּלין און דוגלאַס פערבענקס—עמעסע גאָינים. און דאַווקע אָט אָ די האַמעטנע דוראַשקינס, וואָס פלעגן קוליען זיך איבערנאַטירלעך, האָט צו פאַרדאַנקען אונדזער מאָדערנע ערנסטע קינאָדראַמע, וואָס איז שוין ניט קיין נאָכקרימעניש דער טעאַטערדראַמע, נאָר גאָר אַ באַזונדערער, א גאַנץ אייגנארטיקער סאָרט קונסט. באַזונדערס האָט צו דאַנקען די גימנאַסטן, אַקראָבאַטן און עקסצענטריקער, די דעטעקטיוופילם (אַזוי רופט מען די פּאַסירונגפילם, ווו די הויפּטמאָמענטן זיינען: מוירעדיקע סאַקאָנע, יאָגעניש, געראַנגל, געפעכט, אויסטערלישע קונצן, לעמאָשל אַראָפּפאַלן פון אַן אַעראָפּלאַן, איבערשווימען אַ וואַסערפאַל א. א. וו.).

באַ איצטיקן מאָמענט וועט שוין קיין ערנסטן קונסט-טוער ניט איינפאַלן צו זאָגן, אַז קינאָ דאָס איז—בלויז אַ שלעכטע קאָפּיע פון טעאַטער.

---

*) א טויבן, א נאַר און א קינד.—אפן לאָשן פון טאלמוד—פיזיש און גייסטיק אָפּגעשטאַנענע מענטשן.

קינאָ האָט שוין לאַנג אַריבערגעיאָגט דעם טעאַטער, פּונקט ווי דער שנעלצוג (עקספּרעס) האָט שוין לאַנג אַריבערגעיאָגט דעם באַלעגאָלע. נאָך מער: ער האָט געיאַרשנט באַם טעאַטער אַלע זיינע גוטע מאַילעס, האָט אָפּגעשליידערט דאָס אָפּגעלעבטע און אַלטפרענקישע טעאַטראַלע קלאַפּערגעצייג, ווי, לעמאָשל, דעם געדיכטן טעאַטראַלן גרים, טעאַטראַלע דעקאָראַציעס און בוטאַפּאַריע, און קאָן זיך באַרימען מיט אַ גאַנצן אויצער אייגנס, וואָס ער האָט פון זיך געשאַפן אַ דאַנק זיין הויכער טעכניק און אָרגאַנישער קראַפט.

# די אייגנשאַפטן פון קינא.

## די גאָרע וועלט איז פאַר אים א פלאַץ.

פאַר קינאָ עקזיסטירט ניט קימאַט קיין רוימפּראַגן, ווי דאָס איז אַפן געביט פון טעאַטער. דער טעאַטער איז טאָמיד אין קלעם פון אַ באַגרענעצטן ענגן בינעכאָלאָל און מוז די סוזשעטן און די סצענאַריעס פון זיינע אויסשטאַטונגען צופּאַסן צו די רוים־מעגלעכקייטן פון בינעכאָלאָל. דעריבער מוז ער אָפט אויסשניידן גאַנצע אַקטן פון פּיעסן, אָדער איבעררייסן די האַנדלונג און איינפירן עלעמענטן פון עפּאָס, דערציילעריש און ניט דורך אַקציע שילדערן פאַסירונגען, וואָס די בינע איז ניט בעקויעך צו אויפפירן.

קינאָ שטעלט זיך קיינמאָל ניט אָפּ אַף אַזעלכע זאַכן. אין איין און דערזעלבער פילם קאָנען די געשעענישן זיך אַריבערוואַרפן פונם ווייטן מיזרעך אין ווייטן מאירעוו, פון בריענדיקער זאַמדיקער סאַכאַראַ אין די אייזבערג פון צאָפנדיקן אייזיאַם, פון טיפן אָפּגרונט, פון שטילן אָקעאַן־העכער פון די העכסטע וואָלקנדלעך.

## די עלאַסטישקייט (בויגיקייט) פון קינאָקאמפּאזיציע.

אַזוי אויסנוצן פאַרשיידענע טעמפּן ווי קינאָ, קאָן נאָר מוזיק. אין קיין איין קונסטצווייג געוועלטיקט ניט אין דעם הינזיכט אַזוי דעספּאָטיש איבערן צושויער דער מייסטער, ווי אין קינאָ דער רעזשימייסטער.

וויל ער, דער רעזשימייסטער, לעמאָשל, מאַכן כויזעק פון אַ קאָמישער פערזאָן (אַ קאָמישער קאָאָפּעראַטאָר, לעמאָשל, אין אַ רוסישער פילם — אַ פּאַראָדיע אַף שלעכטע קאָאָפּעראַטאָרן), שטעלט ער אים אַוועק וואַרטן אַף דער פרוי, וואָס איז אים געפעלן, ניט ווייט פון אָרט, ווו דערזעלבער פרוי דערקלערט זיך אין ליבע אַן אָרטיקער פּראָווינציעלער אַקטיאָר. וואָס ווייטער אַלץ מער וואַקסט דער אומגעדולד פונם שלימאַזלדיקן קאָאָפּעראַטאָר. לעכאַטכילע גייט ער אום הין און הער לאַנגזאַם, דערנאָך גיכער, נאָכדעם האַסטיק און, ענדלעך, וואַרפט עס אים פון עק צו עק מיט אַזאַ גוואַלדיקן טעמפּ, פּונקט, ווי ער וואָלט געווען אַ מאַריאָנעטקע, וואָס אינעווייניק האָט מען אַריינגעשטעלט אַ „ספּרונזשינקעלע“.

אָדער פאַרקערט: דער רעזשימייסטער פאַרלאַנגזאַמט דעם טעמפּ. אין דעם בילד „דער אינדיאַנישער דענקמאָל“ («אינדעיסקאַיאַ גראָבניצאַ») איז פאַראַן אַזאַ מאָמענט: צום אייראָפּעישן העלד פון דער פילם, צום אַרכיטעקטאָר, קומט אָן אַ שאָליעך פונם אינדיאַנישן פּרינץ אים איינצולאַדן קיין אינדיע בויען דעם דענקמאָל; דער אַרכיטעקטאָר זאָגט זיך אָפּ, אָבער דער פּאָנים פון שאָליעך איז פול מיט אַזא מין טיפן ערנסט, מיט אַזא געהיימער קראַפט, אַז דעם צושויער איז שווער צו גלויבן, אַז די היפּנאָטישע קראַפט פון שאָליעך זאָל בלייבן אָן ווירקונג אַף דעם אַרכיטעקטאָר. דער שאָליעך הויבט אָן אַוועקגיין. און דאָ ערשט הויבט זיך אָן די שפּיל פון רעזשימייסטער מיט דעם צושויער: עס גייט אַוועק אַ ריי בילדער, ווו איר זעט נאָך אַלץ דעם אַוועקגייענדיקן שאָליעך. די פאַראַקשנטע פיגור זיינע שווימט לאַנגזאַם און מעכטיק פון זאַל אין פאָדערהויז, ווו עס שפּרינגט אָפּ דערשראָקן דער דינער פון פאָדערהויז אַף טרעפּ, פון די טרעפּ אַף לייטערס, פון לייטערס אין גערטל, וואָס פאַרן הויז, און דאָס אַלץ שטאַרק צוציגן. מיט גרויס שפּאַנונג קוקט דער צושויער, וואָס וועט דאָ זיין: שוין זשע וועט ד ע ר ניט אויספירן? אָט בלייבט דער שאָליעך שטיין אין גערטל. און איר פילט, ווי אַ שווערע מאַסע דריקט אייך צוזאַמען מיט דעם אַרכיטעקטאָר, באַ וועלכן עס קומט פאָר אַ שווערער אינערלעכער קאַמף.

קיין טעאַטער איז ניט בעקויעך דערפירן דעם צושויער צו אַזא מאַדרייגע פון העכסטער עמאָציאָנעלער אויפרעגונג — ווען דאָס האַרץ שפּרינגט אַקאָרשט ניט אַרויס — ווי דער דערפאַרענער רעזשימייסטער פון קינאָ. טיף כאַראַקטעריסטיש איז אין דער הינזיכט אַזאַ פאַל: אין די „צוויי יעסוימים“ — אַ פילם פון דער טעראָרעפּאָכע פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע — נעם איך דעם מאָמענט, ווען מען האָט שוין פאַרמישפּעט צום טויט די זעענדיקע יעסוימע (די צווייטע איז בלינד) און איר כאָסן (אַ געוועזענעם אַריסטאָקראַט). אָט האָט מען זיי שוין אַוועקגעשלעפּט צו דער גילאָטינע. נאָר דאָ מישט זיך אַריין דער באַרימטער פאָלקטריבון דאַנטאָן, וועלכן עס האָט אַמאָל אָפּגעראַטעוועט פון די ראָיאַליסטן (מאָנאַרכיסטן) די פאַמישפּעטע יעסוימע, און אים גיט זיך איין איבערצייגן דעם רעווטריבונאַל, אַז דאָ איז געשען אַ טאָעס, און אַז מען דאַרף אָפּשאַפן די קעפּונג. דערווייל שטייען שוין די פאַרמישפּעטע באַ דער גילאָטענע. דאָרט פון רעווטריבונאַל שפּרינגט מען אַרויס מיט דעם באַפרייונגצעטל, און מען גיט זיך אַ לאָז רייטנדיק אַף די פערד, און דאָ גיט שוין אַ ווונק דער טאַליען דער יעסוימע, זי זאָל אַרויף אַפן עשאַפאָט. עס גייט דורך אַ ריי בעעמעס שוידערהאַפטע פּאַראַלעלע בילדער. אָט זעט איר די אָנזאָגער פון רעטונג, ווי זיי יאָגן מעשוגענערווייז אַף די פערד, און אָט זעט איר, ווי די אומגליקלעכע יעסוימע האָט שוין אַוועקגעלייגט דעם קאָפּ אַף דעם גילאָטינעברעט און עס הענגט איר איבער האַלדז דער ריזיקער בלאַנקענדיקער מעסער פון גילאָטינע.

אָט אַזוי פייניקט אייך דער רעזשימייסטער מיט אַ גאַנצער ריי פּאַראַלעלע בילדער, וואָס פאַרלאַנגזאַמען, צוציען בעקיוון דעם טעמפּ פון האַנדלונג, קעדיי די האַשפּאָע פון פילם אַפן צושויער זאָל דערגרייכן ביז דער העכסטער מאַדרייגע.

## די קאָנטראַסטנשפּיל.

ווי באַוווּסט, איז איינער פון די גרעסטע מיטלען אויפוועקן געוויסע עמאָציעס באַם צושויער—די שפּיל פון קאָנטראַסטן. דערמאָנט זיך, לעכאַלאַפּאַכעס, אָן „200.000״, אין מאָסקווער יידישן מעלוכישן טעאַטער: דעם אינטערעסאַנטן קאָנטראַסט צווישן זשוואַווין קוועקזילבערדיק-רירעוודיקן „אַמכאָ״ און די הילצערנע גוילעמעוואַטע, מאָרעשכוירעדיקע גווירים. קינאָ אָבער פאַרמאָגט אומגעהויער רייכערע מעגלעכקייטן אַף דעם געביט אויך.

אין דער פילם—„סטעפּאַן כאַלטורין״ שילדערט מען דעם צושויער, ווי אַזוי מען איז זיך מעסאַמייעך אין צאַרישן פּאַלאַץ: פון אויבן—אין די קייזערלעכע זאַלן—דער אַדל, און אונטן, אין קעלערשטוב—די דינערשאַפט. איינס נאָך דאָס אַנדערע זעט איר: אַדעליקע „שווימען״ אין מאַיעסטעטישן פּאָלאָנעזטאַנץ, און גלייכצייטיק אונטן העצקעט מען זיך אַ „פּאָלקע״, און אַ האַרמאָשקע שפּילט צו.

אָדער נעמט אַזאַ מאָמענט—דאָס איז שוין אַ שאַרף אונטערגעשטראָכענער אַגיטאַציעמאָמענט, אַ סאָציאַלער מאָטיוו: אין דער פילם „אָעליטאַ״ ווערט געשילדערט, ווי ס'הוליעט די זאַטע נעפּכאַליאַסטרע אין רייכן שאַנטאַן, און אין דערזעלבער צייט וואַלגערן זיך אַף די וואָקזאַלן קאָפּ אַף קאָפּ, צווישן בערג קלומקעס און זעק, צענדליקער טויזנטער פויערים און פויערטעס אין סערמיאַגעס און לאַפּטשעס. דאָ טוט דער רעזשימייסטער איין קלייניקייט: ער טוט אַף אַ מינוט אַ ווייז בלויז דאָס עלעגאַנטע פיסעלע מיטן אויסגעפּוצטן געטאָקטן שפּיציקן שיכעלע פון דער קאָקעטקע, וואָס זיצט געהאַלדזט אין די אָרעמס פונם נעפּמאַן, און גלייך—די פיס פונם פויער אין דער לאַפּטשע.

## דער קויעך פון דעטאַלן אין קינאָ.

דער קינאָאַפּאַראַט שטעלט אָפּט אָפּ אונדזער אויפמערקזאַמקייט אַף דעטאַלן, וואָס באַקומען אַפן עקראַן די מעכטיקייט פון אַ סימוואָל.

קיין זאַך, דוכט מיר, דריקט ניט אויס אַזוי טיף און אַזוי ערנסט די טויטקייט און פּוסטקייט פון דער פאַבריק אין דער באַרימטער פילם „דער שטרייק״, ווען די אַרבעטער האָבן זיך אויפגערודערט און דערקלערט אַ שטרייק,—ווי דאָס ראָבנעסט מיט דעם ראָב, וואָס אַפן שפּיץ פון הויכן פאַבריקקוימען. דער עקראַן גיט אייך אַ ווייז נאָר דעם שפּיצקוימען און דעם ראָב אַפן נעסט—דער איינדרוק אָבער איז אַ גוואַלטיקער.

אָדער אַזאַ דעטאַל: אין דער פילם „קאָלעזשסקי רעגיסטראַטאָר״ (איבערגעאַרבעט פון פּושקינס „Станционный смотритель“) פאַרנאַרט אין שליטן אַריין דער אָפיצער דעם מאַשגיעכס טאָכטער, דוניע, פון איר טאַטנס געמיטלעכן נעסט, קלוימערשט, אַף צו באַגלייטן אים אַביסל. אָפּגעפאָרן אַווילע, הייסט ער דעם פורמאַן שטאַרק טרייבן די פערד—ער האָט באַשלאָסן אַנטלויפן מיט דוניען. דוניע רייסט זיך פון שליטן, נאָר עס העלפט ניט. אונטן לויפט נאָך דוניעס היימיש הינטל. מען איז שוין ווייט אין וואַלד, נאָר דער צושויער פאַרלירט נאָך אַלץ ניט די האָפענונג, אַז מען וועט דעם שליטן אָניאָגן און דוניען אַרויסרייסן פון אָפיצערס הענט. נאָר אָט איז דער שליטן דורכגעפלויגן פאַרביי אייך, ווי אַ וויכער און... פאַרשוווּנדן. דאָס הינטל איז געבליבן אַווילע שטיין; עס טוט אַ דריי דעם קאָפּ אַהער, אַהין, ווי עס וואָלט זיך מעיאַשעוו זיין, צי זאָל עס נאָכלויפן דעם שליטן, צי זאָל עס זיך אומקערן אַהיים. און עס קערט זיך אום צוריק... אַהיים. דוכט זיך, אַ נישטיקע דעטאַל, און דאָך איז עס איינער פון די מערקווירדיקסטע מאָמענטן אין דער פילם. איר פילט בעכוש, ווען דאָס הינטל האָט זיך אָפּגעשטעלט, אַז דאָ האָט זיך געעפנט אַן אָ פ ג ר ו נ ט צווישן פריערדיקן אַרט לעבן פון דוניען און צווישן דעם קומענדיקן...

## דער פאַרגרעסערטער פּלאַן אין קינאָ.

און פּונקט, ווי דער עקראַן—ער איינער און מער קיינער—נעמט און פאַרטראָגט אייך אין ווייטן שטורמישן אָקעאַן, ווו אַף די ריזיקע כוואַליעס צאַפּלט אומבאַהאָלפן דער ריזיקער דאַמפער, ווי אַ פּאַפּירן שיפעלע, וואָס אַ ייִנגעלע לאָזט אַף די ברויזנדיקע וואַסערן פון פרילינגגעוויסער,—פּונקט אַזוי קאָן אַף דעמזעלבן עקראַן אַ שעמעריר טאָן פאַר אייערע אויגן דער ציטער פון אַ רעגנטראָפּן אַף דעם פלאַטערנדיקן בלעטל, דער ציטער פון ברעם באַם פאַרמישפּעטן, בעשאַס מען דערקלערט אים דעם טויטאורטייל. וואָס קומט דאָ פאָר? דער פאָטאָגראַפיראַפּאַראַט ווערט געצילט דורך דעם אָפּעראַטאָר פּונקט אַף דער דעטאַל, וואָס איז נויטיק צוליב דעם קאָנדענסירטן איינדרוק און די דעטאַל, דעם שטריך פאַרגרעסערט ער אַף עטלעכע מאָל אַזויפיל.

אין דער פילם—„דער גאָלדפיבער״, ווו די הויפּטראָל שפּילט טשאַרלי טשאַפּלין, וויל טשאַפּלין אונטערשטרייכן דעם מאָמענט, ווען ער זיצט באַ זיך אינדערהיים איינזאַם און וואַרט אַף די געוווּנטשענע געסט—זיין געליבטע, וואָס מאַכט כויזעק פון אים, און אירע באַקאַנטע. ער וויל באַגעגענען מיט זיי דאָס נייע יאָר ער וואַרט און וואַרט, און זיין האַרץ כאַפּט אַרום אַ קאַלטער ייִוש (פאַרצווייפלונג). אין דערזעלבער צייט הוליען זיי ערגעץ אין אַ טאַנצהויז.

ווי אַזוי ווערט קאָמפּאָנירט דורך דער קינאָרעזשי אָט דער מאָמענט? אָט זעט איר איינעם פון דער פריילעכער כאַליאַסטרע—אַן אַלטיטשקער גייט אַרויס אין דערמיט פון טאַנצזאַל און נעמט זיך זינגען. דאָס בילד פאַרשווינדט און עס שווימט אַרויס דער פ אַ ר ג ר ע ס ע ר ט ע ר פאַרזאָרגטער פּאָנים פון טשאַפּלין. און ווידער אַ בילד פון טאַנצהייזל: צום אַלטיטשקן רוקט זיך שוין צו די איבעריקע קאָמפּאַניע און זיי לאָזן זיך טאַנצן. און נאָכאַמאָל שווימט אַרויס דער טרויעריקער פּאָנים פון טשאַפּלין, פאַרגאָסן מיט אַ טיפער מאָרעשכוירע און אַזוי ווייטער...

דעם קינאָמייסטער איז וויכטיק אָפטמאָל צוציען די אויפמערקזאַמקייט אַף איין קנייטש פון איין זייט פּאָנים—פאַרנעמט ער דעם עקראַן נאָר מיט דעם טייל פון פּאָנים, ווו עס גיט אַ שפּיל דער קנייטש—און מער גאָרניט.

## קינאָ פֿאָדערט נאַטירלעכקייט.

איִז אויבּ דער אַפּאַראַט כאַפּט אַזוי אויף יעדער קנייטשעלע פֿון פּאָניִם, דעם צאַפּל פֿון יעדן אָדער, מוז שוין דער זשעסט, דיִ מיִמיִק פֿון קיִנאָאַקטיאָר זיין שטאַרק איינגעהאַלטן, זייער פֿאָרזיִכטיִק און, דעריִקער שפּאָרעוודיִק. ווייל דער קיִנאָאַפּאַראַט איִז אַ באַאָבּאַכטער מיִט אַ מוירעדיִק-שאַרפֿער ריִע מיִט אַ זשעדנעם אויג, וואָס דעקט אומבּעראַכמאָנעסדיִק אויף יעדן פֿאַלשן איִבּערנאַטיִרלעכן זשעסט, יעדע מעגוזשעמדיִקע מיִמיִק. אָט פֿאַרוואָס עס איִז אַזוי אומגעהויער שווער דעם אַקטיאָר, וואָס קומט פֿון טעאַטער איִן קיִנאָ, זיִך צופּאַסן צו דיִ באַזונדערע אייגנאַרטיִקע פֿאָדערונגען פֿון עקראַן.

## דער טעאטעראקטיאָר פֿילט זיך אין קינא געפּענטעט.

ווי שווער דעם טעאַטעראַקטיאָר איִז ווערן אַ קיִנאָאַקטיאָר, זאָגט איידעס ש. מיִכאָעלס (אַרטיִסט פֿון מאָסקווער יידיִשן טעאַטער), וועלכער האָט דורכגעמאַכט דיִ ערשטע קיִנאָפּראָבּע איִן דער פֿיִלם—„יידיִשע גליִקן" (מענאַכעממענדל):

„דיִ אַרבּעט פֿון אַקטיאָר פֿאַר דעם עקראַן פֿאַרנעמט איִן אַלגעמיינעם פּראָצעס פֿון אויסבּיִלדן אַ קיִנאָווערק גאָר אַ באַשיידענעם אָרט און איִז עפּשער ניִט ווערט דיִ מיִ, וואָס דער אַקטיאָר לייגט דאָ אַוועק. אויבּ פֿאַר דעם רעזשיִמייסטער עפֿענען זיִך דאָ קאָלאָסאַלע מעגלעכקייטן—אָנהויבּנדיִק כאָטש דערפֿון, וואָס ער האָט בּעיאַד דערלאַנגען דעם צושויער דיִ אַרומיִקע סוויִווע, וויִ דאָס איִז איִם געוווּנטשן—איִז פֿאַרן אַקטיאָר בּלייבּט *נאָר איין מעגלעכקייט*—טעכניִש אויספֿיִרן דעם וויִלן פֿון רעזשיִ. דיִ סיִבּעס דערפֿון זיינען פֿאָלגנדיִקע:

1) דיִ מעכאַניִשע צוגליִדערונג ניִט נאָר פֿון דער האַנדלונג, נאָר אַפֿיִלע פֿון דיִ עלעמענטאַרסטע כאַלאָקיִם פֿון דיִ עפּיִזאָדן, 2) דיִ קאָמפּאָזיִציע פֿון דיִ עפּיִזאָדן אַנטשפּרעכט אָפּט ניִט דעם לאָגיִשן סיידער פֿון האַנדלונג. פֿאַרקערט, זיִ צורייסט איִם אָפּט, און 3) דער אַקטיאָר גופֿע האָט ניִט דיִ מעגלעכקייט פֿאַרייניִקן אַף איין שנור, סיִנטעזיִרן אָט אָ דיִ אַלע אָפּגעריִסענע און אָפּגעזונדערטע שטיִקלעך עפּיִזאָדן.

אַף אַזאַ אויפֿן איִז דיִ אַרבּעט פֿון אַקטיאָר איִן קיִנאָ—*אַ פּראָצעס* (אַ פּאַסיִווער קיִמאַט) *פֿון טאָן וואָס מען הייסט איִם*—ס'איִז *אַ פּראָדוציִרפּראָצעס*, און איִז ווייט פֿון שעפֿעריִשקייט איִן דעם זיִנען, וויִ דאָס קומט פֿאָר איִן טעאַטער" (זע דעם זשורנאַל—„סאָוועטסקיִ עקראַן" № 22, יאָר 1925).

אַף דעם עקראַן איִז ניִט דער איִקער—„פֿאַרשטעלן זיִך", „שפּיִלן", דאָ דאַרף מען טאָן אַזוי, אַז דער צושויער זאָל זיִך איִבּערצייגן, *אַז מען אַרבּעט וויִרקלעך*, דאָ איִז ווייניִק מאַכן אַן אָנשטעל, אַז מען לויפֿט—דא דאַרף מען לויפֿן איִן דערעמעסן, ניִט אַף קאַטאָוועס זיִך ראַנגלען, נאָר זיִך שלאָגן אַף אַן עמעס; זיין וויִרקלעך פֿליִנק און קרעפֿטיִק; זיִך נאַטיִרלעך איינהויקערן אונטער אַ שווערער מאַסע, אַף דער עמעס אַרבּעטן מיִטן האַמער, מיִטן גראָבּאַייזן, מיִט דער קאָסע א. א. וו.

נאָך מער: דער קיִנאָאַקטיאָר דאַרף פֿון דער נאַטור זיין צוגעפּאַסט צו קיִנאָ מיִט זיין גאַנצן אויסערלעכן אויסזעען, ער זאָל אַפֿיִלע קיין גריִם ניִט דאַרפֿן באַנוצן. געקיִנצלטע, געמלאָכעטע שטיִק גייען דאָ ניִט אָן.

## קינא—טעאטער פֿון ליריק.

פֿון איין זייט באַהויפּטעט מען, אַז דער עמעסער אונטערשייד צוויִשן טעאַטער און קיִנאָ שטעקט איִן דער האַנדלונג.

איִן דער צייט, ווען איִן טעאַטער דאָמיִניִרט *דאָס וואָרט*, פֿאַרנעמט איִן קיִנאָ דעם אויבּנאָן דיִ האַנדלונג. און אַזוי רופֿט מען טאַקע דעם קיִנאָ—„*טעאַטער פֿון ריינער האַנדלונג*". נאָך ל. אַנדרעיעוו בּעשאיטוי האָט געשריִבּן: „איִנגיִכן וועט קיִנאָ איִנגאַנצן אַוועקנעמען בּאַם טעאַטער דיִ האַנדלונג און וועט אומגעהויער פֿאַרבּרייטערן אונדזער פֿאָרשטעלונג וועגן האַנדלונג".

פֿון דער צווייטער זייט געפֿיִנען זיִך אַזעלכע, וואָס בּאַהויפּטן, אַז דאָס רעכטע „פּיִנטעלע" איִן קיִנאָ איִז—ליִריִק.

„דיִ זשעסטן-שפּיל, די מימיק—דאָס איִז דאָך דער טאָך, דער איִקער איִן קיִנאָ, און מימיק דריקט אויס די עמאָציע—מאַשמאָעס, אַז דאָ האָבּן מיר צו טאָן מיִט ליִריִק" (בּעלאַ בּאַלאַש—„קיִנאָ-קולטור").

אָט די בּאַהויפּטונג האָט אַ געוויִסן גרונט: דער קיִנעמאַטאָגראַף פֿאַרמאָגט דאָך גוואַלטיִקע פּלאַסטישע מעגלעכקייטן. פּונקט ווי די קיִנסטלעריִשע ליִטעראַטור נוצט אויס דעם מעטאָד פֿון בּאַשרייבּן דיִ אַרומיִקע סוויִווע, קעדיי אויפֿוועקן בּאַם לעזער דיִ נויטיקע שטיִמונג. פּונקט אַזוי נוצט אויס קיִנאָ פֿון דער בּרייטער האַנט קאָלערליי פּלאַסטיִשע-מאַלעריִשע מיִטלען צוליִבּ געוויסע שטיִמונגען. אָפּט זעען מיר בּלויז פּאָזעס אַפֿן עקראַן. דיִ שפּיל איִז וויִ איִבּערגעריִסן.

אַ פּאָר מאָמענטן פֿון דער פֿיִלם „ניִבּעלונגען".

1) דער רעזשיִ איִז נויטיק, דער צושויער זאָל דערפֿיִלן וואָס פֿאַר אַ קראַפֿט עס האָט געשטעקט איִן דער ליִד פֿונם מיִנעזיִנגער, וואָס זיִנגט און אַקאָמפּאָניִרט זיִך אַפֿן איִנסטרומענט איִן ריִטעריִשן פּאַלאַץ. דאַן שווימט דורך פֿאַר דעם צושויער לעכאַטכילע דער גאַנצער זאַל מיִט די צוהערער און מיִט דעם מיִנעזיִנגער (פֿאָלקזיִנגער) צוזאַמען. דערנאָך גייט דורך פֿאַרבּיי אונדז אַפֿן עקראַן יעדער פֿון דיִ צוהערער בּאַזונדער איִן זיין וויִנקל, איִן זיין פֿאַרגליוורעטער פּאָזע, און אָט אָ די פּאָזעס און אָט אָ די פֿאַרכאָלעמטע פּעניִמער זאָגן איידעס וועגן דער מעכטיִקער האַשפּאָע פֿון מיִנעזיִנגער, פֿון זיין צויבּערקראַפֿט אַסאַך שטאַרקער, ווי דיִ שענסטע בּאַשרייבּונג.

2) איִן דערזעלבּער פֿיִלם בּאַגעגענען מיִר נאָך אַזעלכע ריין-ליִריִשע ערטער: זיִגפֿריִד געזעגנט זיִך מיִט זיין קריִמגיִלדע. ס'איז איינער פֿון די גליִקלעכסטע מאָמענטן איִן זייער ליִבּע. דאָס קומט פֿאָר אַפֿן פֿאָן פֿון אַ ניִדעריִק בּוימעלע, וואָס כאַפּט דעם אומבּליִק פֿון אַ קיִנדעריש געקרייזלט קעפּל. זיי שיִקן איינער דעם אַנדערן לופֿטקושן און שמייכלען גליִקלעך, בּעשאַס דעם צושיידן זיִך.

און אַ צווייטער מאָמענט: זיִגפֿריִדן האָט מען געהאַרגעט.

קריִמגיִלדע זיִצט בּאַם פֿענצטער און דערמאָנט זיִך אָן יענע גליִקלעכע מיִנוטן. פֿאַר דעם צושויער שטייט פּלוצלונג אויף דאָס-

זעלבע בּילד, וואָס פֿריִער מיִט זיִגפֿריִדן און מיִט דעם געקרייזלטן בּוים. און פּלוצלונג שווימט אָן אַף דעם בּילד אַן אַנדער שוידער־האַפֿט בּילד: איִן קאָפּ פֿון בוים דערזעט דער צושויער דריי פֿיִנצטערע לעכער, און איִן איין אויגנבליִק איִז שוין אויס כיינעוודיִק געקרייזלט קיִנדעריִש קעפּל — עס איִז שוין אַ גרוילעכער שאַרבּן פֿון אַ מעס מיִט לעכער אָנשטאָט אויגן, מיִט אַ לאָך אָנשטאָט אַ נאָז...

ווי איִר זעט, שאַפֿט זיִך די שטיִמונג איִן קיִנאָ ניִט בלויז דורך שפּיִלן פֿון אַקטיאָר, נאָר דורך אָט די בּאַשרייבּונגען, דורך פּייזשאַזשן און זאַכן, וואָס רופֿן אַרויס די אַנטשפּרעכנדיִקע שטיִמונג. אַזאַ מעטאָד דערמאָנט אָן די מיִטלען פֿון דערציילעריִשער ליטעראַטור. ניִט מער, די ליִטעראַטור נוצט אויס דאָס וואָרט, און קיִנאָ — אָנשוילעכע געשטאַלטן.

## ספּעציִפֿיש־טעכנישע מיטלען פֿון קינאָ.

קיִנאָ האָט אַכוץ דעם נאָך גאָר בּאַזונדערע מיִטלען אַרויסצורופֿן שטיִמונגען און דערגרייכן מערקוויִרדיִקע עפֿעקטן:

א) די בּאַלייכטונג — וויִל די רעזשי אַרופֿוואַרפֿן אַ שלייער פֿון טרוימעריִשקייט, פֿון פֿאַרכאָלעמטקייט אַף אַ געוויִסע פּערזאָן, פֿאָטאָגראַפֿיִרט מען דעם עפּיזאָד דורך אַ טיול, דורך אַ נעץ; גרויסע בּעריעשאַפֿטן ווערן דאָ אויך דערוויִזן דורך פֿאַרקלענערונג אָדער פֿאַרגרעסערונג פֿון דער בּאַלייכטונג;

ב) די פּאָזיִציע פֿון אַפּאַראַט גופֿע — אַ סאַך ווענדט זיִך אָפּ איִן דעם, ווי אַזוי דער אָפּעראַטאָר שטעלט אָן דעם אַפּאַראַט, צי ער פֿאָטאָגראַפֿיִרט פֿון אַ הויך אָרט, אָדער פֿון דער זייט (איִן פּראָפֿיִל) א. א. וו.

בּיִכלאַל, איִז שווער זיִך פֿאָרשטעלן אַ זייטיִקן מענטשן (וואָס איִז ניִט פֿאַרנומען אומיִטלבּאַר איִן קיִנאָפּראָדוקציע), ווי גרויס עס איִז דער כיילעק פֿון אָפּעראַטאָר, לאַבּאַראַנט און בּאַלייכטונגטעכניִק איִן די גוטע אָדער שלעכטע מאַילעס פֿון פֿיִלם. ווי גלענצנדיִק ס'זאָל ניִט זיין די קאָמפּאָזיִציע פֿון רעזשי, און ווי געניִאַל ס'זאָל ניִט זיין דער אַקטיאָר, איִז אויבּ די בּאַלייכטונג איִז ניִט געלונגען, צו דער אָפּעראַטאָר איִז ניִט קיין בּעריע, איִז פֿאַרפֿאַלן די פֿיִלם.

און דערום איִז טאַקע אונדזער קיִנאָאיִנדוסטריע אַזוי מוירעדיִק אָרעם און אָפּגעשטאַנען, ווייל מיִר האָבּן ניִט קיין פֿיִלמפֿאַבּריִקן, קיין אַפּאַראַטור, קיין נויטיִקע פֿולקאָמע בּאַלייכטונגמאַכשיִריִם...

# די ווירקזאַמסטע „דריי פֿינטעלעך" פֿון קינא.

## I. קיִנאָ איִז די גרעסטע מאַסנקונסט

דאָס קאָן מען פֿאַרשטיין צוויִיערליי:

א) קיִנאָ איִז דער עמעסער ריִזיִקער שפּיִגל פֿון מאַסנשפּיִל. נאָר דער רוימיִשער קאָליִזיי האָט געקאָנט שיִלדערן אַזעלכע גראַנדיעזע מאַסנבּאַוועגונגען, ווי איִצט שיִלדערט אונדז דער עקראַן. דעם טעאַטער האָבּן זיִך קיינמאָל ניִט געכאָלעמט אַזעלכע מעגלעכקייטן, ווי דער קיִנאָ האָט אונדז שוין בּיִז איִצט געוויִזן אַפּן געבּיִט פֿון קאָמבּיִניִרן בּאַוועגונגען און צוזאַמענשטויסן פֿון גרויסע מאַסן. איִן דער היִנזיִכט עפֿענען זיִך ערשט פֿאַרן קיִנאָ בּעעמעס גרענעצלאָזע מעכטיִקע פּערספּעקטיִוון, בּאַזונדערס, בּאַ אונדז, איִן סאָוועטנפֿאַרבּאַנד. אַ שטיִק אָנזאָג איִז „דער שטרייק" און די פֿיִלמע „1905-טער יאָר", וואָס גרייט זיִך ערשט;

ב) קיין קונסט האָט בּיִז אַהער ניִט צוגעצויגן מיִט אַזאַ צויבּערקראַפֿט די מאַסן, ווי קיִנאָ. שוין בּאַ היינטיִקן טאָג בּאַזוכן קיִנאָ טעגלעך ניִט ווייניִקער ווי 60.000.000 מענטשן! ווייל ערשטנס, איִז עס לעפּיִערעך אַ בּיִליִקער פֿאַרגעניִגן — צווייטנס, איִז די שפּראַך פֿון עקראַן — דער זשעסט, די מיִמיִק, דער פּייזשאַזש — פֿאַר אַלעמען קלאָר און פֿאַרשטענדלעך. און צוליִבּ דעם טאַקע איִז —

## II. קינאָ — אַ מעכטיקער פֿאַקטאָר פֿון אינטערנאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט.

אָט פֿאַרטראָגט ער אייך צום עסקיִמאָס, וואָס איִז טאָמיִד פֿאַרטרונקען איִן אייז און שניי.

און אָט, זעט איִר פֿאַר זיִך דעם אַראַבּער, וואָס רייטנדיִק אַף דעם קעמל זיינעם, הוידעט ער זיִך איִבּער די זאַמדיִקע פֿאַרטריִקנטע וויִסטע מיִדבּאָריעס,

וויִל ער, דער וואונדערבּאַרער „טיִשטעך דער ווייסער" (עקראַן) — פֿליִט איִר מיִט איִם אַריִבּער איִן ווייטן מיִזרעך, ווו עס צופֿלאַקערט זיִך איִצט די כיִנעזיִשע סרייפֿע.

אַזוי אַרום פֿאַרבּיִנדט די פֿיִלם דעם מענטשן מיִט דער גאָרער וועלט.

## III. קינאָ — אַ בּרענפּונקט פֿון דער היינטיקער דינאַמיק.

און טאַקע נאָר קיִנאָ קאָן אָפּשפּיִגלען דעם פֿיִבּערהאַפֿטן טעמפּ פֿון אונדזער איִצטיִקן לעבּן, וואָס ווערט לאַכלוטין אַף דאָס ניי איִבּערגעבּויט. עס עפֿענען זיִך די בּרייטסטע, אומגעהויערע האָריִזאָנטן פֿאַר אונדזערע אויגן, פֿאַר אונדזערע אויערן. די מאַסשטאַבּן פֿון צושויער ווערן מאַסנאַרטיִק.

ווי אַנדערש? — היינט בּאַגעגענען מיִר אַעראָפּלאַנען פֿון יאַפּאָניע, מאָרגן — היִדראָפּלאַנען פֿון איִטאַליע. ראַדיאָ פֿיִלט אָן מיִט קוילעקוילעס די גאָרע וועלט...

האקלאַל, די אַלמעכטיִקע מאַשיִן האָט אַריינגעטראָגן אַ מוירעדיִקן, אויסטערליִשן איִמפּעט איִן אונדזער לעבּן, אַ מעשוגענעם טעמפּ...

אָט פֿאַרוואָס די האַסטיִקע דיִנאַמיִק פֿון קיִנאָ איִז אונדז אַזוי איינגעבּאַקן איִן האַרצן און געפֿיִנט אַזאַ מעכטיִקן אַקאָרד איִן אונדזער נעשאָמע.

נ. גאָרדאָן.

# די נייע סאָוועטישע יידישע ליטעראַטור און דער אַרבקאָר.

I.

צו אונדזער יונגער יידישער סאָוועטישער ליטעראַטור איז מען פֿון אירע ערשטע טריט אָנגעקומען מיט טאַינעס. און וואָס האָט מען איר דערהויפּט באַשולדיקט? אין אומפֿאַרשטענדלעכקייט. די טאַינעס זיינען געקומען נאַטירלעך ניט פֿון דעם געוויינטלעכן אַרבעטער. ער, דער געוויינטלעכער אַרבעטער, האָט רעאַגירט אַף דער נייער יידישער ליטעראַטור אַף דעמזעלבן אויפֿן, ווי דער רוסישער סאָלדאַט, וועלכער האָט, לויטן כאַראַקטעריסטישן אויסדרוק פֿון כ. לענין, געשטימט פֿאַרן שאָלעם—גאַנץ פּאָשעט—מיט די פֿיס. אונדזער געוויינטלעכער אַרבעטער האָט די ליטעראַטור אויך גאַנץ פּאָשעט „קריטיקירט”, ניט געלייענט. דער מער אַנטוויקלטער לייענער אָבער, וועלכער האָט געבענקט נאָך דער פֿאַרקערפּערונג פֿון זיינע אייגענע איבערלעבונגען אין דער ליטעראַטור, וועלכער פֿלעגט מיט אַזאַ האַרצקלאַפּן כאַפּן זיך פֿאַר יעדן געדרוקטן יידישן וואָרט, ער פֿלעגט יעדן מאָל נאָך די ערשטע פּאָר בלעטלעך נייע יידישע ליטעראַטור אַוועקגיין אַן אַנטוישטער. עפּעס אַזאַ פֿרעמדקייט, עפּעס אַזאַ קעלט האָט געבלאָזן פֿון יעדער שורע אַרויס. און ניט ווילנדיק האָט זיך געשאַפֿן אַ וואַנט צווישן דעם שרייבער און אַרבעטערלייענער. נאָר אָט, אנשטאָט צו זוכן די סיבעס פֿון דער דערשיינונג אין זיך זעלבסט, האָבן אונדזערע שרייבער געפּרוווט אַרופֿוואַרפֿן די גאַנצע שולד אַף דעם אָרעמען לעזער. מיט אַ טאָן פֿון ניט אנערקענטע גאונים האָבן אונדזערע שרייבער גערעט וועגן דער מאַסע: דער דאָר איז „נאָך ניט דערוואַקסן” צו זיי. עס איז ניט זייער שולד, וואָס אַף דער ערד זיינען אַזויפֿל אַמראַצים פֿאַראַן. זאָל זיך דער אוילעם אַ ביסל צולערנען, אַ קוועטש טאָן די באַנק און די סיסרייטירע וועט מעמיילע קלאָר ווערן.

איצטער הערן מיר שוין ווייניקער אַזוינע רייד. מע באַשולדיקט שוין ניט צוזוי גרינג דעם אָרעמען לייענער אין אַמעראַצעס, נאָר ווי באַלד עס איז געווען אַ צייט, ווען אַזא ענטפֿער איז יא געווען גילטיק, איז עפּשער ווער ווייס, זאָל די שאָ קיין שאָ ניט זיין—אַמאָל קאָן זיך נאָך עמיצן פֿאַרגלוסטן ווידער עס איבערצוכאַזערן, איז נויטיק אָפּצושטעלן זיך אַפּן באַגריף פֿון פֿאַרשטענדלעכקייט אין ליטעראַטור.

II.

וועגן דער גרויסער געזעלשאַפֿטלעכער טרייבקראַפֿט, וואָס שטעקט אין דער שיינער ליטעראַטור איז שוין פֿיל גערעט און געשריבן געוואָרן.

גראָב-בייכיקע ביכער וועגן פֿילאָזאָפֿיע און אַנדערע הויכע פֿראַגן ווערן געלייענט פֿון יעכידים. בעלעטריסטיק ווערט געלייענט דורך מיליאָנען. עס איז אָבער נויטיק אונטערצושטרייכן, אַז אָפּטמאָל באַהאַנדלען אויך בעלעטריסטישע ווערק העכסט פֿאַרוויקלטע, פֿילאָזאָפֿישע פּראָבלעמען. און דאָך פֿאַרלירן זיי ניט דעם ברייטן לייענער זייערן. פֿרעגט זיך: מיט וואָס זיינען עס אַזוי מאַזלדיק אונדזערע פּאָעטן און בעלעטריסטן. מיט וואָס האָבן זיי עס אַזוי אויסגענומען באַם ברייטן אוילעם?

גאָר פּאָשעט, מיט דעם, וואָס פּאָעטן און בעלעטריסטן שרייבן ניט מיט אַבסטראַקטע באַגריפֿן. זיי פֿאַרקערפּערן דידאָזיקע באַגריפֿן אין לעבעדיקע בילדער.

און דאָ ליגט עס טאַקע דער סאָד, פֿאַרוואָס זיי ציען אַזוי צו דעם אוילעם. דאָ ליגט עס זייער גאַנצע ווירקונגקראַפֿט. ביישפּילן האָבן מיר אַ סאַך. ווען מיר נעמען אַ שטייגער פּערעצעס „צווישן צוויי בערג”, האָבן מיר דאָ אַ גאַנצע געשעעניש. און אידע יידן, וואָס באַוועגן זיך מיט צוויי הויפּטפֿיגורן, וואָס שטייען מאַמעש ווי לעבעדיקע. מיר האָבן דאָ אויך בוילעטע שטייגער שטריכן, נאַטורפּייזאַזשן, לעבעדיקע בילדער, און דאָס אַלץ איז צוזאַמענגעהעפֿט איינגעפֿלאָכטן אינם בילד „צווישן צוויי בערג”. מיר לייענען עס דעריבער טאַקע מיט פֿאַרכאַפּטן אָטעם און בעשאַסן לייענען פֿאַרגעסן מיר אינגאַנצן, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ טיפֿער פּראָבלעם.

עמעס, ניט אַלע נעמען אויף די זעלבע מאַיסע אַף איין און זעלבן אויפֿן. איינעם פֿאַרינטערעסירט די עצעם געשיכטע אַליין, ער קאָן זיך ניט אַריינטראַכטן טיפֿער, זעען די פּראָבלעם, וועלכע דער שרייבער האָט געוואָלט אַרויסרוקן, אָבער אויפֿנעמען, ניט פֿאַרשטיין, וועגן דעם קאָן גאָר קיין רייד ניט זיין.

גראַד פֿאַרקערט, ליטעראַטור ווערט אָפּטמאָל פֿאַרגעוואָרפֿן, אַז זי איז צו פּאָשעט. שאָלעמאַלייכעמס יידענע, וואָס האָט דורכגעלייענט „דעם טעפל”, האָט עס בעשום אויפֿן ניט געהאַלטן פֿאַר ליטעראַטור. אַזוינע מאַיסעס, האָט זי געזאָגט, קאָן זי אַנשרייבן צען אַ טאָג. דערפֿאַר טאַקע איז גערעכט בעלינסקי, איינער פֿון די גרעסטע רוסישע קריטיקער, ווען ער זאָגט, אַז דער סימען פֿון אַ פֿאָלקליטעראַטור איז דאָס, וואָס יעדערן דוכט זיך, ווען ער לייענט עס, אַז ער וועט קאָנען אָנשרייבן פּונקט די אייגענע מאַיסע.

דעריבער איז אינגאַנצן ניט געווען באַגרינדעט דער ענטפֿער פֿון אונדזערע שרייבער, אַז מען פֿאַרשטייט זיי ניט. ניט מיר האָבן זיי ניט פֿאַרשטאַנען, נאָר די שרייבער האָבן ניט געגעבן קיין מעגלעכקייטן זיי צו פֿאַרשטיין. אונדזערע כושים זיינען ניט פֿאַרכאַפּט געוואָרן פֿון זייערע בילדער. די מאַיסעס זייערע זיינען אַזעלכע קליינלעכע, אַז זיי פֿאַרינטריגירן קיינעם ניט. די מענטשן זייערע אַזוינע, וואָס מיר דערקאָנען זיי בעשום אויפֿן ניט. דערפֿאַר זיינען זייערע באַנעגעניש און באַקאַנטשאַפֿטן אַזוינע מעשונעדיקע, די מענטשן פֿון אונדזער נייער סאָוועטישער ליטעראַטור זעען אויס ווי אָן פּעניִמער. ניט אומזיסט האָט אַמאָל גאָרדינער געשריבן וועגן איינעם פֿון זיינע העלדן, אַז ער האָט געהאַט אַ פּאָנים פֿון אַ ברעטל, און אַ ברעטל בלייבט טאַקע אַ ברעטל

דערפאַר טאַקע באַנוצן אונדזערע שרייבער אַזאַ טאַרגעם-לאָשן אין זייערע דערציילונגען. ווייל לעבעדיקע מענטשן ריידן מיט אַ לעבעדיקער שפּראַך.

די מענטשן פון אונדזער נייער, סאָוועטישער ליטעראַטור האָבן גערעט מיט אַזא שפּראַך, וואָס ניט ווילנדיק דערמאָנט זי די טויטע מעליצע פון אונדזערע ערשטע מאַסקילים, פון וועלכע אַ מענדעלע מויכער ספאָרים, ווען ער האָט געדאַרפט שאַפן אַ לעבעדיקע ליטעראַטור, האָט זיך גלייך אָפּגעטרייסלט.

ס'איז אָבער פאַראַן נאָך אַ סיבע, פאַר וואָס אונדזער ליטעראַטור האָט געפונען אַזא שוואַכן אָפּקלאַנג אין דער לייענערסוויווע. די סיבע ליגט אין דעם, וואָס אונדזער ליטעראַטור האָט נאָך ביז היינטיקן טאָג, ערנסט קיין איין פּראָבלעם פון אונדזער רעוואָלוציאָנערן לעבן ניט באַרירט.

וואָרום וואָס פאַר אַ צוגאַנג מיר זאָלן ניט האָבן צו דער פּראַגע וועגן ליטעראַטור, איינס איז אָבער קלאָר: ליטעראַטור אין איר ערשטער טקופע, אין איר, אַזוי צו זאָגן, פרילינגפעריאָד, איז פּראָבלעם און דאַווקע לעבנ-פּראָבלעם. דאָס האָט אויסגעצייכנט פאַרשטאַנען די נייע רוסיש-סאָוועטישע ליטעראַטור.

פיל פון אונדזערע רעוואָלוציאָנערע שרייבער, זיינען אָבער געבליבן דערווייל באַ האָפשטיינס ערשטן „אָ" פון אָקטיאַבר. קיין איין פּראַגע פון פאַמיליעלעבן, פון פּאָליטישן קאַמף, איבער-לעבונגען פון אַרבעטער באַם נעפ,—דאָס אַלץ, וואָס איז אַרופגעשווומען אַף דער אויבערפלעך אַ דאַנק דער רעוואָלוציע, און וואָס האָט זיך מאַמעש געבעטן מען זאָל עס געבן אַ קינסטלערישע אויסטייטשונג, איז אין ערגעץ ניט באַרירט געוואָרן.

III.

ס'איז זייער אינטערעסאַנט, וואָס אין איין צייט, ווען מען האָט גענומען ריידן וועגן דער נייער יִדישער ליטעראַטור, האָט מען זיך אויך גענומען אָפּשטעלן אַף דעם אַרבקאָר, און ניט ווי אַף אַ פּאָשעטן קאָרעספּאָנדענט, נאָר טאַקע ווי אַף אַן אַרבעטער-שרייבער.

פאַר דעם אַרבקאָר אַליין, דאַרף מען זאָגן, שטייט נאָך דערווייל אינגאַנצן ניט די דאָזיקע פּראַגע. ער טראַכט נאָך ניט וועגן אריינפאַלן אין היכל פון אייביקייט; פאַר אים שטייט דער וויל גאָר אַן אַנדער פּראַגע, אַ מער ברענענדיקע פּראַגע: דער אַרבקאָר לעבט און לעבט איבער אַף דער פאַבריק אָדער אונטערנעמונג; פּראַגן אינטערעסירן אים, אַף וויפיל זיי פאַרכאַפּן די איבעריקע אַרבעטער פון פאַבריק. העיויס ניט אַלע אַרבעטער פאַרמאָגן אַפילע די אָרעמע שפּראַך פון אַרבקאָר, קעדיי אַרויסזאָגן זיך אָדער אָנשרייבן, טוט עס דער אַרבקאָר. ער שרייבט יאָ וועגן דעם, און אָט דאָ פילט ער אויס אַ גרויסע געזעלשאַפטלעכע פונקציע. ס'איז נאָך ניט קינסטלערישע ליטעראַטור, פאַרשטייט זיך.

עס איז אָבער ניט אויסגעשלאָסן, אַז באַ דעם אַרבקאָר זאָל זיך מיט דער צייט שטעלן די פּראַגע וועגן זיין שאַיכעס אויך צום העכערן טיפ פון שרייבן און אויך צו דער קינסטלערישער ליטעראַטור.

מען איז געוואָינט אונטערצושטרייכן, אַז פאַר דער צייט פון דער רעוואָלוציע האָט זיך דער אַרבעטער אויפגעהערט צו נייטיקן אין קינסטלערישן וואָרט און בילד.

אַזאַ באַהויפּטונג איז אין אַ געוויסן זין ניט ריכטיק. ריכטיק איז מער ניט דאָס, וואָס די מאַסן זיינען געבליבן גלייכגילטיק צו דער נייער ליטעראַטור. די נאַטור האָט אָבער פיינט פוסטקייט, אַכוץ דעם האָט דאָס לעבן אַרויסגערוקט פאַר דעם אַרבעטער אַזוי פיל פּראַגן, אַ גאַנצע וועלט פון נייע באַגריפן, וועלכע האָבן געדאַרפט אַזוי אָדער אַנדערש בילדעריש פאַרקערפּערט ווערן. ניט געפינענדיק עס אין דער ליטעראַטור, האָט די מאַסע גענומען שאַפן אַן אייגענע אָפּשפּיגלונג, אַן אייגענע ליטעראַטור. זאָל זיין אַ סוראָגאַט, אַביסל ערגערע סכוירע, אָבער פאָרט עפּעס אַזוינס, וואָס האָט אים געגעבן „גייסטיקע" שפּייז.

אַף אַרבעטעראָוונטן איז קיינמאָל ניט געלייענט געוואָרן אַזוי פיל בילדער און מאַיסעס, ווי פאַר די יאָרן פון דער ראַטנמאַכט. און אָט די אַלע זאַכן זיינען געשריבן געוואָרן ניט נאָר פון אַרבקאָרן, נאָר מערסטנטייל פון צופעליקע שרייבער, פון דער מאַסע אַרויסגעקראָכן.

פאַרשטייט זיך, די אָפּשאַצונג פון אָט די אַלע „ווערק" קען זיין אַ שטרענגע, זיי קענען ניט אויסהאַלטן אַלע פּאַראַגראַפן פון דער קונסטקריטיק, נאָר אַז די, וואָס האָבן עס אויפגענומען, אַפּלאָדירט, האָבן פון דעם הנאָע געהאַט, ווי פון קונסט, וועגן דעם קען גאָר קיין רייד ניט זיין.

פאַקטיש האָט דער אַרבקאָר אַ פּרימיטיווע מאַסנליטעראַטור געשאַפן, פאַקטיש האָט ער אַ נייעם שיכט לייענער אויפגעהויבן.

איצט שטייט די פּראַגע, אַף וויפיל דער אַרבקאָר וועט זיין בעקויעך שאַפן אַן אַרבעטערליטעראַטור אין קינסטלערישן זין פון וואָרט. דאָס איז נאַטירלעך אָפּהענגיק פון זיין ווייטערדיקער אַנטוויקלונג און פריער פון אַלץ, ווי דער כ' טראָצקי דריקט זיך אויס, פון דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון פּראָלעטאַריאַט גופע און פון זיינע מאַטעריעלע מעגלעכקייטן,

די פּראַגע וועגן דער ראָל פונם אַרבקאָר אין דער ליטעראַטור ווערט ניט אַראָפּגענומען פון טאָגאָרדענונג.

מ. מיאָדאָווניק.

# מיינע טעאַטערזיכרוינעס.

## אריינפיר.

פון וואַנען נעם איך אזאַ גוטן זיקאָרן צו געדענקען אלץ, וואס איך דערצייל דאָ, פונקט ווי עס וואָלט נעכטן געווען? דאָס איז דערפאַר, ווייל מיר פלעגן אין אן אַקטיאָרנקאָמפּאניע גאַנץ אָפט דערמאָנען זיך אָן אַלטע צייטן, דערציילן מאַיסעס פון אַ מאָל, און דאס האָט פאַסירט ניט איינמאָל, נאָר צענדליקער מאָל. מיט די אַרטיסטן-וואַנדערער, וואָס מיר פלעגן זיך טרעפן, פלעגן מיר האַלטן אין איין דערציילן און זיך דערמאָנען, וואָס עס איז געווען א מאָל. ווען איך פלעג ניט געדענקען, האָט אַ צווייטער דערמאָנט. דערפאַר איז עס געבליבן אזוי אין זיקאָרן. אַפילע שוין די לעצטע צייט, אז מיר פלעגן זיך טרעפן מיט אמאָליקע כאַוויירים, פלעגן מיר אַלץ ריידן פון א מאָל.

## די בראָדער זינגער.

**ערשטע באַגעגענישן מיטן יידישן טעאַטער.—אַווראָם קאַמינסקי און עסטער-ראָכל האלפערן (שפּעטער קאַמינסקאַ) קומען קיין בענדין.—שטומאכערס טרופּע אין בענדין.—איך פאָר מיט שטומאַכערס טרופּע אלס אַקטיאָר.**

געבוירן בין איך אין 1870-טן יאָר אין בענדין, פּעטריקאָווער גוב. (פּוילן). מיין טאַטע איז געווען אַ סויכער, וואָס פלעגט האַנדלען מיט וואַרשע. געווען בין איך באַ מיין טאַטן אַ בעניאָכיד. געהאַט אַ שיין קעלכל, געזונגען באַ אַ כאַזן און אַפּטמאָל איז מיר אויסגעקומען פאָרן מיט מיין טאַטן קיין וואַרשע נאָך סכוירע.

אין 1887-טן יאָר, אַז איך בין אין וואַרשע געווען מיט מיין טאַטן, האָב איך זיך דערוווּסט, אַז דאָרט שפּילט א יידישער טעאַטער. בין איך באַלד אַהין אַוועק און איבערגעלייענט אַ יידישע אַפּישע (האַלב יידיש, האַלב רוסיש) אַז אין „עלדאַראַדאָ“ שפּילט גאָלדפאַדנס יידישער טעאַטער.

די פאָרשטעלונג, וואָס איך האָב באַ זיי געזען (ענדע יאָנטויוויטצייט) איז געווען „דער טרייפּניאַק“—שאַמעס.

אַ גרויסער רוישעם האָט געמאַכט אויף מיר און אויף אַלעמען פון פּובליקום די אויסשטאַטונג באַם קאַנסול. א שיינער זאַל מיט קאָלאָניעס, וואָס איך האָב דאָס צום ערשטן מאָל געזען.

די פאָרשטעלונג איז מיר אַזוי פיל געלעגן אין קאָפּ, אַז נאָכדעם בין איך אַ גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפן.

נאָכדעם בין איך געפאָרן א היים. מיך האָט צו עפּעס געצויגן, איך האָב אַליין ניט געוווּסט צו וואָס. באַ אונדז אין שטעטל האָט קיינמאָל ניט געשפּילט קיין טעאַטער.

מיט אַ יאָר שפּעטער איז דיזעלבע טרופּע אַראָפּגעקומען צו אונדז אין בענדין. עס איז געוואָרן אַ קאָך אין שטאָט—ס'איז געקומען אַ יידישער טעאַטער. דער טעאַטער האָט געדונגען אַ שפּייכלער, מע האָט אים אויסגעפּוצט, אויפגעשטעלט אַ סצענע, דעקאָראַציעס האָבן זיי געהאַט אייגענע און מע האָט אָנגעהויבן צו שפּילן. מע האָט געשפּילט: דעם „באַלטשוווע“, „קונעלעמל“, „קאָלדוניע“. דער אוילעם האָט גערעט, עס איז גוט, עס איז פיין, און פלעגן זיי ווייניק באַזוכן. ביז עס איז אַרויס אַן אַפיש „שולאַמיס“ אָדער „קראָוואַוואַיאַ ליובאָוו“. אָט דאָ האָט זיך אויפגעהויבן די גאַנצע שטאָט. יונג און אַלט, ווייבער, יידן, קורץ, די גאַנצע שטאָט איז געגאַנגען זען שולאַמיס. צו די ערשטע פאָרשטעלונגען בין איך ניט געגאַנגען ווייל דער טאַטע האָט מיר ניט געגעבן קיין געלט אויף אַ בילעט. נאָר אויף „שולאַמיס“ האָב איך צוגעגאַנוועט א זשילעט פון דערהיים, האָב אים פאַרקויפט און אוועק אין טעאַטער.

די דעקאָראַציעס אַף דער בינע, דער וואַלד מיט די בערג, פון וועלכע איך האָב פריער קיין באַגריף ניט געהאַט, יידן, וועלכע זיינען געשטאַנען אויסגעשטעלט מיט די פּעקלעך אוילערעגל צו זיין, דער ברונעם מיט דער קאַץ, דאָס אַלץ האָט אויף מיר און אויף דעם גאַנצן פּובליקום געמאַכט א גוואַלטיקן איינדרוק. דער אָרקעסטער איז באַשטאַנען פון אונדזערע שטאָטישע כאַסענעקלעזמאָרים, נאָטן האָט נ מען זיי געגעבן. דער ערשטער פידלער איז געווען זייערער אַן אייגענער. קאַסטיומען און פּאַריקן האָבן זיי געהאַט אייגענע. נאָך די פאָרשטעלונגען איז דער טעאַטער אַפּגעפאָרן קיין סאָסנאָוויץ.

מיט א צייט שפּעטער איז באַ אונדז אין בענדין געווען א כאַסענע באַם גרעסטן גוויר ר' שלוימע שיין. ער האָט כאַסענע געמאַכט אַ טאָכטער. האָט ער אַראָפּגעבראַכט פון לעמבערג די בראָדער זינגער, וועלכע זיינען אויך געווען אַקטיאָרן, נאָר דאַמאָלסט האָבן זיי זיך אזוי גערופן: „די בראָדער זינגער“. זיי זיינען געווען 5 מאַן: ש ט ר ו ד ל ע ר, אַ יאָר עטלעכע און 40—א הויכער מיט א לאַנגן האַלדז, א טויבער, געהאַט אַ צוריסענע באַריטאָנשטימע. ק ל י ו ק—אַ יונגער מענטש פון א יאָר 26-27 מיט אַ שיינער טענאָרשטימע. די פרוי ק ל י ו ק —אויך א יונגע, אַ שיינע, מיט אן אַלטשטימע. פ י ש ע ר—מיטעלע יאָרן אויך געהאַט א טענאָרשטימע, פלעגט טראָגן אין לעבן א פּאַריק, ער איז געווען א קאָמיקער. פרוי פ י ש ע ר—אַ יונגע, א שיינע מיט אַ סאָפּראַנשטימע.

ווי געוויינטלעך איז אַף דער כאַסענע צוגעגאַנגען מיט אַלע יידישע צערעמאָניעס, און באַם טיש האָט דער באַרכן (א בענדינער) אָפּגעזאָגט זיינס און אויסגערופן, אַז עס וועט זיין אַ פאָרשטעלונג פון די יידישע בראָדער זינגער. פאָרגעשטעלט האָבן זיי „דער רעבע און דער פילאָזאָף“. אַזוי האָט געהייסן די שפּיל, וואָס זיי האָבן געשפּילט אַף דער כאַסענע. מע האָט צוזאַמענגערוקט צוויי טישן, געמאַכט ווי א סצענע, פאַרצויגן אַ ווייסן ליילעך אַף אַ דראָט און דאָס האָט געדינט פאַר אַ פאָרהאַנג.

איך, צוקוקנדיק די שפּיל, האָב עס גוט איבערגענומען און פאַרטראַכט דערפון צו מאַכן אַ פּורימשפּיל און פּורים עס פאָרצושטעלן באַם ראָוו.

קומענדיק צוריק זינגען צום כאַזן, האָב איך איבערגערעט מיט די זינגערלעך, וואָס זיינען דאָרטן געווען און אָפּגערעט, אַז מיר מאַכן דערפון אַ פּורימשפּיל. מיר האָבן גענומען שטודירן אַ גאַנצן ווינטער און האָבן עס פאַרטיק געמאַכט. מיר זיינען אַוועק צו אַ פּאַריקמאַכער און באַשטעלט בערד. אַ קאַפּאָטע מיט אַ שטריימל מיט ווייסע זאָקן איז ניט געווען שווער צו קריגן, נאָר די הויפּטזאַך איז אונדז געווען אַ צילינדער מיט אַ פראַק, וואָס דער פילאָזאָף דאַרף טראָגן. באַ אונדז אין שטעטל איז עס זייער שווער געווען צו קריגן. איז מען געפאַלן אַף אַ האַמצאָע, מע זאָל נעמען אַ קאַפּאָטע און אויסשניידן די פּאָלעס, איז פאַרטיק אַ פראַק, און אַ צילינדער האָט מען געמאַכט פון קאַרטאָן, מע האָט אים אָפּגעשוואַרצט—און פאַרטיק אַ צילינדער. גאָט האָט געהאָלפן, מיר האָבן שוין דערלעבט פּורים און מיר הויבן אָן גיין.

דאָס ערשטע זיינען מיר אריין צום זעלבן גוויר, וואָס האָט געמאַכט די כאַסענע. דאָרט האָבן מיר אָפּגעשפּילט די שפּיל און עס איז געווען אַף טיש און אַף בענק, דאָס גאַנצע שטעטל איז אָפּגעלעגן באַ די פענצטער. דערנאָך זיינען מיר אַוועק צו א צווייטן גוויר. אַרויס אָפן גאַס האָבן מיר ניט געקענט, ווייל די מאַכנע איז געווען זייער גרויס, האָט מען אונדז אַף די הענט איבערגעטראָגן צום גוויר, ווו מען האָט אַף אונדז געוואַרט. אָפּגעמאַכט די שפּיל באַם צווייטן גוויר, איז דער בעסדין שאַמעס נאָך אונדז געקומען, אַז באַם ראָוו וואַרט מען שוין אַף אונדז, דער גאַנצער אוילעם איז זיך שוין צוזאַמענגעקומען. געקומען צום ראָוו אָנגעהויבן די שפּיל. האָט זיך איין כאָסיד אַרויסגעכאַפּט, אים האָט זיך געדאַכט, אַז מיר לאַכן מיט דער שפּיל אָפּ פון רעבן. מע האָט אונדז געוואָלט דערלאַנגען מיט אַ פלאַש, נאָר דער ראָוו האָט אַף אים געשריגן: פּאַשעיסראָעל, צו ווייסטו דען ניט, אַז היינט איז פּורים, און ווען אַפילע יאָ לאַכן, מעג מען אויך, ווייל פּורים איז אַ מיצווע צו זיין פריילעך. דער ראָוו האָט אונדז געהייסן ווייטער שפּילן די שפּיל ביז צו ענדע. ס'איז שוין אָבער געוואָרן א ביסל איבערגעריסן די היסלאַוועס, מיר זיינען געוואָרן שוואַכער, ווייל מע האָט אונדז איבערגעריסן אין דער מיט. דער אוילעם איז געווען זייער צופרידן, מע האָט קיינעם פון אונדז ניט דערקענט, ווייל מיר זיינען געווען גוט פאַרשטעלט. אַפילע מיין אייגענער טאַטע האָט מיך צומאָרגנס געפרעגט פון וואַנעט האָב איך גענומען אַזאַ באָרד, עס האָט

דאָך אויסגעזעען פונקט ווי אָנגעוואַקסן, ער האָט זיך גאָרניט געקענט פאָרשטעלן, אַז מע קען פון קרעפּע אָנקלעפּן אַזאַ באָרד.

צומאָרגנס האָט מען אונדז געשלעפּט אין די אַרומיקע שטעטלעך אין דאָמבראָווע, יעקאַטערינעהוטע, אַז מיר זאָלן ווייזן די שפּיל פון די בראָדער זינגער.

אין עטלעכע יאָר אַרום אין 1890-טן יאָר איז אָנגעקומען אין בענדין עסטער-ראָכל האַלפּערן (שפּעטער קאַמינסקאַ), אַווראָם-יִצחאָק קאַמינסקי און איינער איז געווען אַ האַלבער כאַזן—אַ האַלבער באַלקיירע (זיין נאָמען פאַרגעסן). געקומען זיינען זיי פון אויסלאַנד. בײַ אונדז אין בענדין האָבן זיי געוואָלט שטעלן אַ פאָרשטעלונג. געוויינטלעך האָבן זיי זיך נאָכגעפרעגט אויף דער סטאַנציע, ווו זיי זיינען איינגעשטאַנען, צו קען מען קריגן וועמען, וואָס קען מיטהעלפן שטעלן אַ יידישע פאָרשטעלונג. נאַטירלעך האָט מען אָנגעוויזן אויף מיר, ווייל איך האָב שוין געהאַט אַ נאָמען פאַר אַ שטיקל לעץ פונם פורימשפּיל און בײַ מיר, האָט מען געזאָגט, וועט מען קענען שוין געוואָר ווערן נאָך עטלעכע.

געקומען צו מיר איז אַווראָם יִצחאָק קאַמינסקי און האָט זיך פאַר מיר פאָרגעשטעלט פאַר אַן אַרטיסט פון די בראָדער זינגער און האָט מיך געפרעגט, צו איך וויל אָן אָנטייל נעמען אין אַ יידישן טעאַטערשטיק. איך בין מיטן גרעסטן קאָוועד באַשטאַנען. כ'האָב מיטגענומען מיינע כ״ב, וועלכע האָבן מיט מיר געשפּילט אין פורים-שפּיל, און מיר זיינען אַלע געגאַנגען צו אַווראָם-יִצחאָק קאַמינסקי.

אויף דער אייגענער אַכסאַניע, ווו זיי האָבן געוואוינט איז געווען אַ גרויסער זאַל אויף אַ מאַן 50—40, דאָרט האָט מען גענומען ברעטער, וואָס מע פלעגט באַקן מאַצעס אויף זיי, און געמאַכט דערפון אַ סצענע, אַ קאָלירטען ליילעך פאַר אַ פאָרהאַנג און מע האָט זיך גענומען שטעלן די פאָרשטעלונג.

געדאַרפט שפּילן האָט מען „דער טרייפּניאַק״. די ראָלן זיינען געווען איינגעטיילט אַזוי: הערוואָלד און שעפסל שאַדכן האָט געשפּילט אַווראָם יִצחאָק קאַמינסקי, פּעסע און דינע—פריילן האַלפּערן (שפּעטערדיקע קאַמינסקאַ) אַכוץ זיי האָבן געשפּילט—מיכל בעב און לייזערקע שניידער (דער האַלבער כאַזן) צאָדעקן—האָט געשפּילט איינער פון מיינע כ״ב. די ראָלע האָט מען געמאַכט פאַר אַ שטומע, ער זאָל ניט האָבן קיין סאַך צו ריידן. איך האָב געשפּילט דאָס דינסטמיידל און דאָס איבעריקע האָט מען געהערט פון אונטער די קוליסן. געשפּילט האָט מען אָן אַ דערלויבעניש, ווייל דער באַלעבאָס פון דער אַכסאַניע האָט עס גענומען אויף זיך. קיין אַפישן האָט מען ניט אַרויסגעלאָזט.

אינמיטן דער שפּיל האָט זיך אָפּגעזוכט דער סטאַרשער סטראַזשניק און האָט געפרעגט, וואָס דאָ איז פאַר אַ פאַרזאַמלונג. האָט אים דער באַלעבאָס פון דער אַכסאַניע געגעבן אַ שנאַפּס און אַריינגערוקט עטלעכע רובל אויף אונדזער רעכענונג און דער שלום איז. אַ פון דער פאָרשטעלונג איז גאָרניט געבליבן. עס האָבן קוים געהאַט די דריי אַרטיסטן אָפּצועסן וועטשערע.

אויף צו מאָרגנס קלערן זיי, וואָס ווייטער צו טאָן. איז געווען בײַ איינעם אַ רייכן קאַצעוו אַ טנאָים און מען האָט איינגעלאָדן די אַרטיסטן אויף די טנאָים עפּעס צו מאַכן אַ שפּיל. אַווראָם-יִצחאָק קאַמינסקי האָט מיר באַלד צו וויסן געגעבן, אַז זיי זיינען איינגעלאָדן אויף די טנאָים צו שטעלן אַ פאָרשטעלונג. האָט מען איינגעשטודירט „קאַבצנזאָן און הונגערמאַן״ גאָלדפאַדנס. מיר זיינען אַוועק אויף די טנאָים און ווייטער צוזאַמענגערוקט די טישן, פאַרהאָנגען אַ ליילעך און געמאַכט די שפּיל. די ראָלן זיינען געווען צוטיילט אַזוי: אַווראָם-יִצחאָק קאַמינסקי, האָט געשפּילט — הונגערמאַן און יִצחאָקן. דער „האַלבער כאַזן״ — קאַבצנזאָן און שלומען. האַלפּערן (קאַמינסקאַ) כאַנעלע, די צוויי ווײַשנמיידלעך האָבן געשפּילט די זינגערלעך פון כאַזן. דאָרט האָבן זיי פאַרדינט עטלעכע רובל, וועלכע מע האָט צונויפגענומען בײַ דעם אוילעם אין אַ טעלער און זיי האָבן געהאַט מיט וואָס אַוועקצופאָרן.

אין אַ פּאָר כאָדאָשים אַרום זיינען זיי געקומען צו אונדז מיט אַ גאַנצער טרופּע, וועלכע איז באַשטאַנען פון געליס מיט אַ ווייב און 2 טעכטער, קאַמינסקאַ מיט האַלפּערן (קאַמינסקאַיאַ) יעקל ראַטבאַרד (סופליאָר) גוסטאַוו שוואַרצבאַרד (אַלס ליבהאָבער. בײַ גאָלדפאַדענען איז ער געווען אַ כאָריסט) א. א. מען איז געגאַנגען נעמען אַ דערלויבעניש בײַם נאַטשאַלניק. האָט ער געענטפערט, אַז ער דערלויבט ניט. האָט מען זיך געווענדעט צום באַלעבאָס פון אַכסאַניע, ווו זיי זיינען אַ מאָל איינגעשטאַנען — דאָוויד פערשטנפעלד — און ער האָט זיי צוגעזאָגט צו שאַפן אַ דערלויבעניש בײַם סטאַרשן סטראַזשניק.

די אָנפירער פון דער טרופּע זיינען אַוועק אין האָטעל „מאָנאָפּאָל״ און געדונגען אַ גרויסן זאַל, מען האָט אויפגעשטעלט אַ סצענע, געוויינטלעך זיינען קיין דעקאָראַציעס ניט געווען, האָט מען פון קאָלירטע טישטעכער געמאַכט צוויי ווענטלעך, און די דריטע וואַנט איז געבליבן די וואַנט פון זאַל. די ערשטע פאָרשטעלונג איז געגאַנגען „דער רעוויזאָר״ אָדער „בערקע-שמערקע״ שאָמערס.

דער אייגענער פערשטנפעלד האָט ניט גענומען די דערלויבעניש בײַם ראַיאָנעם עלטסטן סטראַזשניק, נאָר בײַ אַ צווייטן. קיין אַפישן האָט מען ניט אַרויסגעלאָזט, נאָר מע האָט אויפגעשריבן צעטעלעך אין אַלע יידישע רעסטאָראַנען, אויך בײַ דער שול אויפגעקלעפּט אַ גרויסן צעטל, אַז מע שפּילט יידיש טעאַטער פון אַמאָליקע בראָדער זינגער אין זאַל פון „מאָנאָפּאָל״, אויך צוגעשיקט די באַלעבאַטים איינלאַדונגען.

עס איז געוואָרן אַ שטיקל איינאָמע און מע האָט אָנגעהויבן שפּילן. נאָכן 1-טן אַקט האָט זיך דערוווסט דער עלטסטער סטראַזשניק, איז ער אַריין און האָט זיך געהייסן ווייזן די דערלויבעניש, האָט מען אים געוויזן. האָט ער געזאָגט, אַז ער דערלויבט ניט, ווייל דער ראַיאָן געהערט צו אים, און האָט אָנגעהויבן צוצוטרייבן דאָס פּובליקום. מע האָט נאָך געוואָלט די אַרטיסטן אַרעסטירן. דאָ האָט זיך שוין אַריינגעמישט דער באַלעבאָס פון האָטעל (אַ ייד) ער האָט אָנגעהויבן בעטן, און מיט גרויס מי, אַז ער האָט אים אַריינגערוקט אַ פינפרל אין האַנט אַריין, האָט דער סטראַזשניק זיי אָפּגעלאָזט און דאָס פּובליקום איז זיך צעגאַנגען. אויף צומאָרגנס האָט מען אָנגעהויבן קלערן וואָס טוט מען ווייטער. האָט דער באַלעבאָס פון האָטעל זיי בעגעבן אַן אייצע, אַז זיי זאָלן זיך ווענדן צו די היגע גווירים. עס געפינט זיך איינער מיטן נאָמען דאָוויד סערטסאַזש, אַן אייגנטימער פון אַ בירברויעריי, ער איז זייער אַ גוטהערציקער מענטש, ער האָט גרויס קאָנטשאַפט צווישן דער נאַטשאַלסטווע און ער קען זיי געוויס העלפן.

דער אַלטער געליס האָט זיך אויפגעהויבן און אַוועקגעגאַנגען צו דאָוויד סערטסאַזש, ער איז געווען אַ „מוישע ראַביינעס פאָליאַק״. קיין יידיש האָט ער מיט אים ניט געוואָלט ריידן, נאָר פויליש, און געליס האָט קיין פויליש ניט געקענט, נאָר רוסיש. געליס האָט אָנגעהויבן דערציילן די שווערע לאַגע פון די אַרטיסטן, דאָוויד סערטסאַזש האָט אים דאָס ערשטע געפרעגט, אויב זיי קענען שפּילן שולאַמיס, און אַז געליס האָט אים געענטפערט אַז יאָ, האָט ער זיך געלאָזט ווייטער ריידן.

מען האָט אים געבעטן, ער זאָל אויספּועלן אַ דערלויבעניש צו שפּילן עטלעכע פאָרשטעלונגען. זאָגט ער, אַז אויב זיי וועלן שטעלן שולאַמיס, נעמט ער אויף זיך די דערלויבעניש און וועט נאָך אָפּגעבן אַ שפּייכלער אויף צו שפּילן. געליס האָט אים זייער באַדאַנקט. אויף צו מאָרגנס איז מען געקומען צו סערטסאַזשן. ער האָט אָפּגעגעבן אַ שפּייכלער מיט ברעטער מע האָט אויפגעשטעלט אַ סצענע מיט אַלדינג. אַנשטאָט דעקאָראַציעס האָט מען אַוועקגעשטעלט לעבעדיקע ביימער פאַר אַ וואַלד. טראַכט מען ווייטער, ווו וועט מען נעמען נאָטן און קאָסטיומען. איז מען אַוועק צום שאַמעס פון שול, מען האָט געקריגן עטלעכע ווייסע קיטלען. געקריגן עטלעכע קאָלירטע העמדלעך. איז שוין קאָסטיומען אויך פאַראַן. דערנאָך האָט זיך אַוועקגעזעצט קאַמינסקי מיט דאָוויד סערטסאַזשס טאָכטער, זי אויסגעלערנט אויף דער פּיאַנע פיל ווייניק די ניגונים, וועלכע מע מוז זינגען און אַזוי האָט מען אָפּגעשפּילט שולאַמיס. אויף דעם ספּעקטאַקל האָט מען אַרויסגעלאָזט אַפישן. די שטאָט האָט דערהערט, אַז מע שפּילט שולאַמיס, איז מען געגאַנגען יונג און אַלט, ווייל שולאַמיס איז געלעגן דער טאָם אין מויל פון גאָלדפאַדענען.

נאָכדעם זיינען זיי אַלע אַוועקגעפאָרן.

ווען די יידישע אַקטיאָרן האָבן געשפּילט בײַ דאָוויד סערטסאַזש אין דער בירברויעריי האָט אין בענדין געבויט זיך אַ טעאַטער.

איינער אַ גויער מיכל ווינער האָט געמויערט אַ גרויסן מויער פאַר אַ טעאַטער. דער טעאַטער איז פאַרטיק געוואָרן 1891.

אין זעלבן יאָר איז אָנגעקומען אַ יידישער טעאַטער אונטער דער אָנפירונג פון ה. **שטומאַכער**. דאָס איז געווען דער דירעקטאָר. די אַקטיאָרן זענען געווען שטומאַכער, פּורניק, גאָלדבערג, זיגל, גיליאַדע, כר נטשיק

(דער ברייטער אוראָס, געווען אַ בלעכער) **בליפעלד, בינעפעלד, טשיזיק, שעראַוונער, טיטלמאַן, בערמאַן הערשל, גוסטאַוו שווארצבארד.**

**פרויען: מאַדאַם שטומאַכער** (די פּרימאַדאָנע) **טרילינג** (בערמאַנס ווייב) **גאָלדבערג, רוזשע פיורניק, ראָזע שוואַרצבאַרד, ראַפעל, בערנשטיין** (לאָושע) **און גאָלדצווייג.** דער סופליאָר איז געווען קוינטאַוו. די רעזשיסאָרן זיינען געווען: שעראַוונער און טיטלמאַן. געשפּילט האָבן זיי אין ניי אויסגעבויטן טעאַטער „Theatr Winera". דער יידישער טעאַטער האָט באַנייט דעם טעאַטערבּיניען. דער רעפּערטואַר איז געווען פאָלגנדיקע פּיעסן: „באַלטשוווע", „טרייפניאַק", „ברײַנדעלע קאַזאַק", „מישקע מאָשקע" אָדער „די אייראָפּייער אין אַמעריקע" פון לאַטיינערן. „קונעלעמל" און „קאַבצנזאָן און הונגערמאַן". געוויינטלעך האָבן די פּיעסן ניט געהאַט קיין דערפאָלג און די קאַסע האָט אויך ניט געהאַט קיין דערפאָלג. ס'איז אויסגעקומען אַסאַך צו הונגערן. מע האָט געטראַכט וואָס ווייטער צו טאָן. ביז גאָט האָט געהאָלפן. עס זיינען געקומען צו פאָרן די „בראָדער זינגער", וואָס זיינען שוין אַמאָל געווען אין בענדין מיט די אייגענע נעמען: ה. שטרודלער, ה. קליוק עט פרוי און ה. פישער עט פרוי. זיי האָבן געוואָלט שטעלן עטלעכע פאָרשטעלונגען. נאָר אַזוי ווי עס איז געשטאַנען אַ יידישער טעאַטער, האָט מען צווישן זיך דורכגערעט, מען זאָל זיך פאַריייניקן און די אויסלענדער האָבן פאָרגעלייגט אַוועקצושטעלן „קעניג אַכשאַווייראָש". אונדזערע אַקטיאָרן האָבן ניט געהאַט קיין אַנונג פון דער פּיעסע אַכשאַווייראָש, זיי האָבן אַפילו ניט געוווסט ווי אַריינצוקריכן אין דעם. נאָר די אויסלענדער האָבן גענומען אויף זיך אַוועקצושטעלן די פּיעסע, און גענומען זיך מיט גרויס כיישעק איינצושטודירן עס.

געוויינטלעך, די ערשטע ראָלן האָבן זיי זיך צוטיילט צווישן זיך. ה. שטרודלער האָט געשפּילט דעם קעניג אַכשאַווייראָש (ער איז אַ ביסל אַ טויבער), האָמאָן האָט געשפּילט ה. קליוק און וואַיזאָסאַ האָט געשפּילט — פישער, מאַדאַם קליוק—עסטער, זערעש—מאַדאַם פישער, מאָרדכע—שטומאַכער, האַסאַך האָט געשפּילט פיורניקס ווייב. עס זיינען געווען אויסגעפּאַרקויפט אַלע בילעטן. קאָסטיומען האָט מען גענומען באַ אַ פּוילישער טרופּע, וואָס איז ניט ווייט געשטאַנען אין אַ 2-טער שטאָט.

די פאָרשטעלונג איז געגאַנגען אויף ריין דייטש, ווייל קיין יידיש האָט מען ניט געטאָרט שפּילן. דערפאַר האָט זיך דער יידישער טעאַטער אָנגעכאַפּט אָן די אויסלענדער, ווייל זיי האָבן גערעט גוט דייטש. די פאָרשטעלונגען, וועלכע זיינען געגאַנגען פריער, איידער די בראָדער זינגער זיינען געקומען, האָט מען אויך געשפּילט אויף דייטש, נאָר אויף אַ געבראָכן דייטש. די פּיעסן האָבן געמוזט זיין דייטשישע, איבערגעשריבן און צענזורירט פון דער וואַרשעווער צענזור, ווייל אָפּטמאָל אין שטעט פלעגט שטיין אַ סטראַזשניק באַם סופליאָרבודקע און ווען עס האָט זיך געענדיקט אַן אַקט, פלעגט ער אים כאַפּן און זען וואָס פאַר אַ פּיעסע ער סופלירט. מיר האָבן קיין צענזורקעס ניט געהאַט, ווייל אין בענדין האָט מען גענומען אַ דערלויבעניש אויף דעם „קוריער וואַרשאַווסקי", דאָרט איז געווען אויסגערעכנט די אַלע פּיעסן, וואָס זיינען אַרויס פון צענזור. דער נאַטשאַלניק איז געווען אַ דייטש, באַראָן מירבאַך, האָט ער קיין שוועריקייטן ניט געמאַכט און געגעבן אַ דערלויבעניש.

די קאָסטיומען זיינען געווען פּויליש, ווייל קיין אַנדערע זיינען ניט געווען. איז אָבער געווען נאָך אַ צאָרע. מע האָט געדאַרפט האָבן אַ פערד, ווייל די פּיעסע אָן אַ פערד קען דאָך ניט גיין. איז מען געגאַנגען צו אַ באַלעגאָלע און געבעטן ער זאָל לייען זיין פערד. מע האָט אים גענומען איינריידן, אַז מע וועט שפּילן אַזאַ הייליקע שפּיל, ווי מיילעך אַכאַשווייראָש, און אויף דעם פערד וועט רייטן מאָרדכע האַצאַדיק. איז ער געוואָרן ווייכער און האָט זיך געלאָזט איינריידן און האָט געליען דאָס פערד.

באַנאַכט צו דער פאָרשטעלונג האָט מען געבראַכט דאָס פערד. מע האָט געליען באַם באַלעבאָס פון טעאַטער אַ שיינעם טעפּיך און דעם פערד אָנגעטאָן. גרויסע צאָרעס האָבן מיר געהאַט ביז מיר האָבן דעם פערד אַריינגעקריגן אויף דער סצענע. מע האָט אונטערגעלייגט ברעטער, קלעצער ביז מע האָט אים אַרופגעקריגן. און מיר הויבן אָן שפּילן. די פּיעסע האָט געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג. מאָרדכען אַז מע האָט אַרופגעזעצט אויפן פערד, האָט ער זיך עטלעכע מאָל איבערגעקייקלט, פאָרט האָט מען אים איינגעזעצט און דורכגעפירט.

אָפּגעפאַרטיקט דעם ספּעקטאַקל, אַהיים געקומען, זיך צורעכנט מיט דער אַכסאַניע, איז געבליבן, אַז מע פאָרט קיין טשענסטאָכאָוו. דאָ בין איך שוין מיטגעפאָרן אַלס פולשטענדיקער אַקטיאָר.

II.

**טשענסטאָכאָוו. — די בראָדער זינגער פאָרן צוריק נאָך אויסלאַנד. -- דאָס הונגערלעבן פון די וואַנדערטרופּעס. — מע שפּילט „באַבעיאַכנע" ווי אַ „פאַנטאַמימע" אין אַ צירק-באַלאַגאַן. — שטומאַכער פאָרט אַוועק. — שעראַוונער מיט טיטלמאַנען נעמען איבער די דירעקציע. — י. ל. פּערעץ העלפט דער וואַנדערטרופּע קריגן אַ טעאַטער. — דער דירעקטאָר ווערט הערשל בערמאַן.—מע שפּילט באַרקאָכווע אין אַ פאַס.—די טרופּע קומט אָן קיין לאָדז.**

געקומען אין טשענסטאָכאָוו, צוגעפאָרן אין דער אַכסאַניע, אויסגעשלאָפן זיך די נאַכט, אין דערפרי איז אַוועקגעגאַנגען דער געשעפטפירער שטומאַכער צום פּאָליצמייסטער נעמען אַ דערלויבעניש אויף „אַכאַשווייראָשן", ווייל מיר האָבן דאָס שוין געהאַלטן פאַר אַ ברויטפּיעסע. געקומען צוריק, — באַקומען אַ דערלויבעניש אָן שוועריקייטן, אַרויסגעלאָזט גרויסע אַפישן, געעפנט די קאַסע, עס נעמט זיך לייזן געלט. אין טאָג פון דער פאָרשטעלונג קומט צוגיין אַ סטראַזשניק און זאָגט, אַז מע רופט דעם געשעפטפירער צום פּאָליצמייסטער. אָט דאָ איז געוואָרן אויף אַלעמען אַ טרויער, וואָס עפּעס אין מיטן דערינען? נו, אַז מען רופט, מוז מען דאָך גיין. אַוועקגעגאַנגען, האָט אים דער פּאָליצמייסטער געפרעגט, צו ער האָט אַ דייטשישע צענזורקע, ד. ה. צו האָט ער די פּיעסע אויף דייטש און צענזורירט מיט אַ שטעמפּל פון דער וואַרשעווער צענזור. נאַטירלעך, האָט ער געענטפערט, אַז ניין, מיר האָבן דאָך קיין צענזורקעס ניט געהאַט, האָט ער געהייסן פאַרמאַכן די קאַסע, ווייל ער דערלויבט ניש צו שפּילן. אָט דאָ איז געוואָרן באַ אונדז דער עמעסער כישעבאָוו. מיר זיינען אַוועקגעלאָפן צו די גווירים פון שטאָט ווער עס האָט קאָנטשאַפט מיטן פּאָליצמייסטער און אָנגעהויבן בעטן, אַז מע זאָל אונדז לאָזן כאָטש די איינע פאָרשטעלונג אָפּשפּילן. עס האָט גאָרניט געהאָלפן קיין בעטן, דער פּאָליצמייסטער האָט געזאָגט ניין און ניין, ביז וואַנען מע האָט אים קוים איינגעבעטן ער זאָל געבן אַ טעלעגראַמע קיין וואַרשע און אָנפרעגן אין דער צענזור צי די פּיעסע איז דערלויבט. האָט מען דאָס געפּועלט באַ אים, האָט איינער פון די „בעטערס" אויסגעלייגט אויף דער טעלעגראַמע און אַוועקגעשיקט קיין וואַרשע. 12 מיט 30 באַנאַכט האָט מען געקראָגן אַן ענטפער, אַז די פּיעסע איז דערלויבט. האָט דער פּאָליצמייסטער געזאָגט, מע זאָל אָפּשפּילן דעם ספּעקטאַקל און פאָרן ווייטער.

האַלב 2 באַנאַכט האָט מען אָנגעהויבן דעם ספּעקטאַקל, דער עולעם אין טעאַטער האָט געוואַרט, געענדיקט האָט מען מיטן טאָג צוגלייך. גענומען די פּאָר קאָפּעקעס, איינגעפּאַקט די פּעקלעך, קיין גרויסן באַגאַזש האָבן מיר ניט געהאַט און היידאַ נאָך נאָוואָראַדאָמסק.

אַז מיר האָבן געענדיקט שפּילן אין טשענסטאָכאָוו דעם „אַכאַשווייראָש" זיינען די בראָדער זינגער אַוועקגעפאָרן צוריק נאָך לעמבערג און מיר האָבן אין נאָוואָראַדאָמסק ניט געהאַט וווּ צו שפּילן, ווייל דער טעאַטער איז געווען פאַרנומען.

מיר זיינען אַרומגעלאָפן טאָגטעגלעך, דערווייל האָבן מיר זיך פאַרשולדיקט אויף די אַכסאַניעס. די באַלעבאַטים פלעגן אַלע נאַכט פרעגן ווען וועט מען שוין שפּילן, מיר האָבן אַלץ אָפּגעלייגט — מאָרגן, איבערמאָרגן, ביז וואַנען די אַכסאַניעס האָבן אויפגעהערט צו געבן עסן. מיר זיינען שוין געווען צופיל שולדיק. און אַז עס ניט געווען וואָס צו עסן, איז מען אַוועקגעגאַנגען עטלעכע כעווריע צו אַ בעקער, איינער האָט אים אַ ביסל פאַרעט און מען האָט אַראָפּגענומען פון פּאָליצע אַ ברויט און מיט די פיס האָט מען עס געקייקלט איינער צום צווייטן, ביז וואַנען מע האָט אים אַרויסגעקייקלט אָפּן גאַס און פון דאָרטן היידאַ אַהיים אויף דער אַכסאַניע. געזעצט זיך צו דער „סודע", אָפּגעגעסן, נאָכדעם איז געוואָרן אַ ביסל פריילעכער, האָט מען גענומען שפּילן אין קאָרטן. קיין געלט האָבן מיר דאָך ניט געהאַט, האָבן מיר געשפּילט אויף די כאַלאָקים ברויט, וואָס עס איז איבערגעבליבן.

דערנאָך האָבן מיר געטראַכט, וואָס טוט מען ווייטער, ווי אַזוי פּאָרט מען שוין אַרויס פון נאָוואָראַדאָמסק. האָבן מיר זיך געווענדעט צו די יאָלדן (אַזוי הייסן אף אונדזער לאשן די „פאַרערער״ פון אקטיאָרן, וואָס דרייען זיך הינטער די קוליסן). איינער איז דאָרטן געווען א פריילעכער באָכער, געהאַט א שטיקל טאַיעמנע הייזל, געווען א טעאַטראַל, א לאָמער, האָט אונדז די אכסאַניע געגעבן אן אייצע צו אים זיך ווענדן, ווייל וואָס פאר א קאָמעדיאַנטן עס קומען קיין נאָוואָראַדאָמסק, האָט ער מיט זיי געשעפטן. האָבן מיר זיך צו אים געווענדעט, ער האָט אונדז טאַקע געשאַפן א דערלויבעניש צו שטעלן אין א פּריוואַטשטוב אן אונטערהאַלטונג-אָוונט, און ער האָט פאַרקויפט א ביסל בילעטן צווישן זיינע באַקאַנטע. קומענדיק אַהיים אף דער אכסאַניע, האָבן מיר זיך אָנגעהויבן באַרעכענען, וואָס זאָלן מיר טאָן, אויב אָפּצאָלן פאַר דער אכסאַניע, וועט ניט זיין מיט וואָס צו פאָרן, איז בא אונדז געבליבן אַרויסגאַנווענען די זאַכן דורכן פענצטער און באַנאַכט אָפּפאָרן. דער באַלעבאָס פון דער אכסאַניע האָט אַפילע געבעטן געלט, ווייל ער האָט געוווּסט, אַז מיר האָבן פאַרדינט, האָבן מיר אים פאַרדרייט א קאָפּ, אַז מאָרגן שפּילן מיר נאָכאַמאָל, אַז מיר האָבן נאָך קיין געלד ניט באַקומען. און באַנאַכט האָבן מיר אַרויסגענומען די זאַכן אַזוי, ווי מיר האָבן אָפּגעפּלאַנעוועט, „דורכן פענצטער״, און היידאַ צו דער באַן און אַוועקגעפאָרן קיין פּעטריקאָוו. געוויינטלעך, קיין בילעטן האָבן מיר ניט גענומען און מיר זיינען געפאָרן מיטן קאָנדוקטאָר „אף בלאַט״. דערנאָך האָבן מיר דעם קאָנדוקטאָר אויך אָפּגענאַרט. מיר האָבן אים געזאָגט, אַז מיר פאָרן ביז קאַליִשעק און אין פּעטריקאָוו צום דריטן קלונג זיינען מיר אַרויסגעשפּרונגען פון וואַגאָן, גענומען א פאַר דראָשקעס און פאַרפאָרן צו זיי אַהיים.

אויסגעשלאָפן די נאַכט, זיינען מיר אופגעשטאַנען אינדערפרי, הויבט מען אָן גיין וועגן א דערלויבעניש. דאָ האָבן מיר שוין צו טאָן מיט אַ גובערנאַטאָר. מען דאַרף שוין אָנגעבן אַ ביטע און אָנקלעפּן מאַרקעס פאַר אַ רובל מיט 50 קאָפּיקעס. אַזוי פיל איז שוין אונדז ניט געבליבן פון דער פאַרשטעלונג. מע דאַרף דאָך אָבער האָבן געלט אף מאַרקעס. ס׳איז דאָך קיין טערעץ ניט. איז געבליבן באַ אונדז, מיר זאָלן נעמען באַ די דראשקאַרעס, ווו מיר זיינען איינגעשטאַנען. נאַטירלעך, האָט געליען דער געשעפטפירער באַ דעם דראָשקאַר, ווו ער איז איינגעשטאַנען און מען איז אַוועק צו אַ ביטעשרייבער, מע האָט געלאָזט אופשרייבן אַ ביטע, אַרופגעקלעפּט 2 מאַרקעס פאַר אַ רובל מיט 50 קאָפּ. און היידאַ צום גובערנאַטאָר.

עטלעכע אַקטיאָרן זיינען מיטגעגאַנגען שטומאַכער איז אַרויף צום גובערנאַטאָר, די איבעריקע האָבן געוואַרט אונטן, מען האָט זיך קוים דערוואַרט ביז ער וועט אַראָפּקומען. דאָך דערלעבט, ער איז אַראָפּ, זיינען מיר אַלע צוגעפאַלן צו אים און אָנגעהויבן פרעגן: נו וואָס הערט זיך? ער ענטפערט ניט. האָבן מיר ווייטער אָנגעהויבן שרייען: מיר שפּילן, אָדער ניין? האָט ער געענטפערט מיר שפּילן — נאָר מיטן לעבן! אָט דאָ האָבן זיך אָנגעהויבן די רעכטע צאָרעס. פּלוצלונג האָבן מיר דערזען אַ גרויסן „באַלאַגאַן״ מיט אַ גרויסער שילד פון אויבן: „ציִרק״. מיר האָבן זיך נאָכגעפרעגט אף דעם דירעקטאָר, נאָר באַטאָג איז קיינער פון דער דירעקציע ניט געווען. האָבן מיר ווייטער שפּאַצירט איבער די גאַסן. מיר האָבן קאַם דערוואָרט זיך ביז אָפּרערנאַכט, ביז מע האַט געעפנט דעם באַלאַגאַן, מיר זיינען אַריינגעגאַנגען, מיר האָבן געפרעגט אף דעם דירעקטאָר, האַט מען אונדז אָנגעוויזן אַ הויכן פאַרשוין מיט א פאָר גרויסע שוואַרצע וואָנצעס, גערעט האָט ער שלעכט פּויליש און שלעכט רוסיש. דאָך האָבן מיר זיך דורכגערעט ווי עס איז מיט אים און מיר האבן אים דערציילט, אַז מיר זיינען יידישע אַקטיאָרן, מיר האָבן געוואָלט דאָ שטעלן אַ פּאָר פאָרשטעלונגען, נאָר דער גובערנאַטאָר האָט ניט דערלויבט אף יידיש צו שפּילן.

דער דירעקטאָר האָט זיך אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענט און האָט אונדז פאַרגעלייגט מיר זאָלן ביי אים שפּילן, האבן מיר אים געפרעגט, נו און אַ דערלויבעניש? זאָגט ער, אַז ער וועט פּועלן באַם גובערנאַטאָר, אַז מען וועט אים דערלויבן.

מיר זיינען פריילעך אַ היים געגאַנגען, און אַז אונדזערע באַלעבאַטים האָבן אונדז געפרעגט: וואָס הערט זיך? האָבן מיר זיי געענטפערט, אַז שאַבעס שפּילן מיר יידיש טעאַטער. עס איז געוואָרן אַ סימכע, מע האָט גענומען צו קאָפּעלעך בראָנפן. מע האָט דערלאַנגט וואָס צו עסן און מיר זיינען געגאַנגען פריילעך שלאָפן. אינדערפרי אַוועק ווייטער צום דירעקטאָר, מיר האָבן נאָך אַ ביסל געוואַרט אף אים, ער איז שוין געקומען צוגיין אויסגעפוצט, אין שוואַרצן ציליִנדערהוט, די וואָנצעס פאַרדרייט, מיט אַ פאַרטיקע ביטע אין דער האַנט און היידאַ צום גובערנאַטאָר. מיר אַלע נאָך אים. מיר האָבן געוואַרט, ביז ער איז אַרויסגעקומען, פרעגט מען אים: וואָס? שרייט ער: „יעסט ראַזרעשעניע״. ער איז געגאַנגען פריִער, מיר נאָך אים, ביז מיר זיינען צוגעקומען צום באַלאַגאַן. זאָגט צו אונדז דער דירעקטאָר, אַ דערלויבעניש איז דאָ, נאָר אויף פאַנטאָמימע, ניט אף ריידן. דערלויבט האָט מען אים „קאָלדוניא״ און „שולאַמיס״. מיר זיינען אַלע געוואָרן טויט, נאָר ער האָט אונדז אַלעמען באַרויִקט: וואָס אַרט אייך? מיר דאַרפן דאָך נאָר האָבן די אַפישע, עס זאָל שטיין: שאַבעס ווערט געשפּילט יידיש טעאַטער „קאָלדוניע״, און אַז דאָס פּובליקום וועט שוין זיין אין טעאַטער, איז וואָס איז די נאַפקעמינע צו מע וועט ריידן. צו מע וועט מאַכן מימיקעס. מיילע, א ברירע האָבן מיר געהאַט. מע איז אַוועק אין דרוק און אַרויסגעלאָזן גרויסע אַפישן אף רוסיש, אַז שאַבעס ווערט אין ציִרק געשפּילט יידיש טעאַטער. פאַרגעשטעלט וועט ווערן קאָלדוניע. אונטן מיט קליינע ווערטער איז געשטאַנען: „פאַנטאַמימע״.

אַהיים געקומען, האָבן מיר אָנגעהויבן באַרעכענען, ווי אַזוי מע וועט עס שטעלן. זיינען מיר אינדערפרי אַוועק צום דירעקטאָר פון באַלאַגאַנציִרק און מיר האָבן אים געפרעגט, ער שטעלט דאָך אָפּ פאַנטאָמימעס—ווי אַזוי זאָל עס ווערן אַוועק געשטעלט? האָט ער צוזאַמענגעשטעלט די פּראָגראַם: דער גאַנצער כאָר מיט די ראָליסטן זאָלן שטיין אויסגעשטעלט אין דער אַרענע פון ציִרק, די מוזיק זאָל שפּילן די אַלע לידלעך, וואָס קומען פאָר אין ערשטן אַקט, דערנאָך זאָל אַריינרייטן די „באָבע יאַכנע״ אף אַ פערד, און האַצמאַך זאָל שפּריצן פייער פון מויל. האָבן מיר דאָך אָנגעהויבן פרעגן, ווי אַזוי קען מען דאָס שפּריצן פייער פון מויל, האָט ער געזאָגט: גאַנץ געוויינטלעך, מע נעמט אָן אַ מויל מיט קעראָסין, אין האַנט האַלט מען אַ ברענענדיקע ליכט און יעדן מאָל גיט מען א שפּריץ אף דער ליכט, ווערט פייער.

און אַזוי האָט מען עס טאַקע געטאָן אין ערשטן אַקט, דערנאָך איז מען אַוועק אַ טענצל און עס האָט זיך געענדיקט דער ערשטער אַקט.

אָן איינאַמע איז געווען אַ גרויסע, ווייל לאַנג, לאַנג איז אין פּעטריקאָוו ניט געהערט געוואָרן קיין יידיש וואָרט פון טעאַטער. אין די איבעריקע אַקטן האָט מען אויך אַזוי געשפּילט, אין מאַרק זיינען אַלע געווען אויסגעשטעלט, די מוזיק האָט געשפּילט די לידלעך, וואָס דאַרפן געזונגען ווערן אָפּן מאַרק, 2 קלאָונען פון ציִרק זיינען מיטגעווען אָפּן מאַרק און האָבן דאָרט געמאַכט זייערע קונצן, און מיר האָבן געשפּילט מימיש, דער קאַצעוו האָט געוועגן, עטלעכע האָבן געגאַנוועט, מירעלע איז צוגעגאַנגען נאָך פליישׁ און האָט ניט געהאַט קיין געלט—אַלץ מימיש. ביז גאָט האָט געהאָלפן, אַז עס האָבן זיך אַרויסגערוקט די פּאָליציילייט פון ציִרק, האָבן מיר אָנגעהויבן ריידן מאַמעלאָשן. עס האָט שוין געהאַלטן באַ דער קרעטשמע, ווו מע וואַרט אף אַוראָמטשעס קומען. און האָצמאָך איז פאַרגאַנגען אַ טעניצל און האָט געזונגען אַ לידל. מיט דעם לידל זיינען אַלע געגאַנגען אַ טענצל, און פון הינטן פונם פערדשטאַל, האָט זיך באַוויזן אַ רויטער פייער, דאָס הייסט, אַז די באָבע יאַכנע איז דאָרט פאַרברענט געוואָרן, אַזוי האָט זיך געענדיקט די פאָרשטעלונג.

מיר זיינען א היים געגאַנגען, געמאַכט דעם כעשבן. וויפל מע האָט אָפּגענומען, קען איך גענוי ניט וויסן, ווייל דאָס איז שוין געווען די אַרבעט פונם געשעפטפירער. איך ווייס נאָר אַזוי פיל, אַז מיר האָבן באַצאָלט אף די אַכסאַניעס, מע האָט געדונגען א בויד אף רעסאָרן און מיר זיינען אַוועקגעפאָרן אין טאָמאַשאָוו. די צווייטע פאָרשטעלונג פון „שולאַמיס״ האָבן מיר ניט געהאַט געשפּילט, ווייל מיר האָבן ניט געהאַט קיין נאָטן און ניט געהאַט אַלע געהעריקע זאַכן, וואָס מען האָט געדאַרפט.

פאַרנדיק קיין טאָמאַשאָוו, האָבן מיר אָפּן וועג געהאַט אַזאַ מין באַגעגעניש, עס איז אָנגעקומען דער פאָטער פון דער טאָכטער, וואָס טשיזשיק האָט צוגענומען אין בענדין, טשיזשיק האָט מיט איר אין נאָוואָראַדאָמסק כאַסענע געהאַט. דער פאָטער האָט אונדז אָנגעיאָגט מיט פּאָליציי און ער האָט געשריען: שטייט אַקטיאָרטשיקעס, גיט אָפּ די גנייווע, וואָס איר האָט געגאַנוועט, אַז ניט וועט מען אייך אַלעמען אַרעסטירן. פּאָליציי האָט אויך באַפוילן זיך אָפּצושטעלן. מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט.

ער איז צו צו דעם וואָגן, ווו זיין טאָכטער איז געזעסן, און א געשריי געטאָן:

„אַקטיאָרקע, אַרויס פון וואָגן!״ אונדז אַלע איז באַפאַלן אַ טויטשרעק, ווייל דאָס איז אַ ייד, וואָס קען געבן קלעפּ אויך, נאָר עס איז דורך אַן קלעפּ. ער האָט זי צוגענומען און האָט אונדז צוגעוואונטשן: פאָרט אַקטיאָרטשיקעס צו אַלדע שוואַרץ יאָר.

מיר זיינען שוין אַ גאַנצע נאַכט געפאָרן טרויעריק, טשיזשיק איז געזעסן פאַרביטערט און מיר זיינען אָנגעקומען קיין טאָמאַשעוו. דער באַלעגאָלע האָט אונדז צוגעפירט צו אַן אַכסאַניע, מיר זיינען אַראָפּ מיד און פאַרמאַטערטע, אויסגעטרונקען צו גלעזלעך טיי, פאַרביסן עפּעס און געלייגט זיך שלאָפן. דאָס איז שוין געווען אין 1893-טן יאָר.

אינדערפרי, איז אַוועק דער געשעפטפירער נאָך דער דערלויבעניש. קיין פּאָליצמייסטער איז דאָרט ניט געווען, נאָר אַ „וואַכטמיזש״, און ער האָט אים באַלד געגעבן אַ דערלויבעניש אויף 5 פאָרשטעלונגען. דערנאָך איז דער געשעפטפירער אַוועקגעגאַנגען זען דעם טעאַטער. אַ גרויסער פאַבריקשפּייכלער, אַ סצענע איז געווען. נאָר ניט קיין פאָרהאַנג און ניט קיין דעקאָראַציעס.

האָבן מיר געקריגן לייוונט, געמאַכט אַ פאָרהאַנג, געליַען עטלעכע פּאָר פאָרטיערן, געמאַכט דעקאָראַציעס און מע האָט אַרויסגעלאָזט אַן אַפישע. געעפנט די קאַסע, נאָר געוויינטלעך איז געווען פאַרן טעאַטער מער פּובליקום ווי אינעווייניק. מע האָט ניט געהערט קיינער זאָל זאָגן: „קום אין טעאַטער״, נאָר—„קום צום טעאַטער״.

די געשעפטן זיינען געווען זייער שלעכט. אַז מיר פלעגן גיין אין טעאַטער, פלעגט מען אונדז נאָכשרייען „קאָמעדיאַנטשיקעס״, „פּורימשפּילערס״ און מע פלעגט אונדז נאָכוואַרפן שטיינער. מיר האָבן אָפּגעשפּילט די 5 פאָרשטעלונגען, האָט מען מער ניט געוואָלט דערלויבן. האָבן מיר אָנגעהויבן ווייטער בעטן, מיט וואָס װעלן מיר אַוועקפאָרן, האָט מען אויסגעוויינט נאָך איין פאָרשטעלונג און מען איז פראָסט געגאַנגען איבער אַלע הייזער בילעטן פאַרקויפן און מע האָט געמאַכט אַ שטיקל איינאַמע, מע האָט זיך צוצאָלט אָף די אַכסאַניעס, און שטומאַכער מיט דער ווייב זיינען פון טאָמאַשאָוו אַוועקגעפאָרן.

דעם טעאַטער האָט איבערגענומען שעראַוונער און טיטלמאַן. פון טאָמאַשאָוו זיינען מיר אַרויסגעפאָרן קיין אַפּאָטשנע אָדער קוטנע. דאָרט האָבן מיר געטראָפן יצחאָק לייב פּערעץ*). האָט זיך די „דירעקציע״ געווענדעט צו אים, אַזוי ווי ער האָט גרויסע קאַנטשאַפט אין דער שטאָט און איז אַן אָנגעזעענער מענטש, זאָל ער אונדז באַהילפיק זיין, אַז מיר זאָלן קענען שטעלן עטלעכע פאָרשטעלונגען.

פּערעץ האָט אונדז אויסגעאַרבעט מיר זאָלן קריגן דעם טעאַטער אָף 2 נעכט.

מיר האָבן געשטעלט „קונעלעמל„ און „טרייפניאַק״. שאַבעס איז געווען אַ ביסל איינאַמע, און זונטיק לעגאַמרע גאָרניט. דערווייל האָט זיך אָנגעהויבן צו הערן, אַז אין פּעטערבורג שפּילט מען שוין ייִדיש-דייטש-טעאַטער אָפיציעל. אין וואַרשע האָט זיך געפונען איינער ווייספעלד, אַ ווינקלאַדוואָקאַט, וואָס איז געווען באַקאַנט אין דער וואַרשעווער פּאַלאַטע. אין דער צייטונג (אַ העברעישער), וואָס איז אַרויסגעגאַנגען אין פּעטערבורג, איז געווען אַנאַנסירט, אַז מע שפּילט ייִדיש-דייטש-טעאַטער, אַף דעם אויפן האָט ווייספעלד אין וואַרשע אויך אַרויסגענומען אַ דערלויבעניש און האָט צוזאַמענגעשטעלט אַ טרופּע. ער האָט אויך פאַנאַנדערגעשיקט בריוו, ווו עס זיינען נאָר געווען ייִדישע אַרטיסטן. אַז מיר האָבן געענדיקט די 2 פאָרשטעלונגען (אַפּאָטשנע אָדער קוטנע) האָט זיך אופגעהויבן שעראַוונער-טיטלמאַן און טשיזשיק און זיינען אַוועקגעפאָרן קיין וואַרשע צו ווייספעלדן.

מיר זיינען געבליבן אָן אַ פּאַסטעך. האָט איבערגענומען די „דירעקציע״ הערמאַן (הערשל) בערמאַן. געוויינטלעך, מיט וואָס אַוועקצופאָרן האָבן מיר שוין ניט געהאַט, האָט זיך הערשל בערמאַן ווידער געווענדעט צו י. ל. פּערעצן און מע האָט אונדז אין שטאָט צונויפגעמאַכט מיש וואָס אַרויסצופאָרן. מיר זיינען מיט דעם געלט געפאָרן ביז קעליץ.

ווייטער האָבן מיר ניט געהאַט מיט וואָס צו פאָרן. קעליץ איז אַ גרויסע שטאָט געווען, ניט גאָר קיין ייִדישע צו יענער צייט. אין טעאַטער, וואָס האָט געהייסן „האָטעל פּאָלסקי״ האָט געשפּילט אַ פּוילישע טרופּע, האָבן מיר דאָרט ניט געהאַט וואָס צו טאָן. בערמאַן איז אַוועקגעגאַנגען צו די באַלעגאָלעס, וואָס פאָרן נאָך פּינטשעוו, און האָט זיך מיט זיי געדונגען, אַז זיי זאָלן אונדז אַהין פירן. אין פּינטשעוו זיינען מיר פאַרפאָרן צו דעם באַלענאָלע, ווייל קיין געלט האָבן מיר ניט געהאַט צו באַצאָלן פאַר די פורן.

אינדערפרי זיינען מיר געגאַנגען זוכן אַ טעאַטער. געווען דאָרטן אַ שטאָל אַ גרויסער, וואָס דאָרטן פלעגן אָפּט שפּילן פּוילישע אַרטיסטן, וואָס פלעגן דורכפאָרן (אַמאָל דערציילט מען, אַז די בראָדער זינגער מיט גאָלדפאַדענען האָבן געגעבן אַ פאָרשטעלונג אין זאַלעשיץ, האָבן זיי אין פּינטשעוו אויך געשפּילט, דער גאַנצער טאָם ליגט נאָך פון שולאַמיס אין מויל, דאָס געדענקען זיי. בײַ אונדז האָט מען אויך געפרעגט אויב מיר זיינען אַ ייִדישע טרופּע, צו מיר קענען שטעלן שולאַמיס״.

מיר האָבן אָפּגעדונגען דעם שטאָל און דער באַלעבאָס פונ׳ם שטאָל (אַ ייד) האָט אונדז געזאָגט, מיר זאָלן ניט גיין צום זעמסקי נאַטשאַלניק נאָך אַ דערלויבעניש, נאָר צום סעקרעטאַר און אַריינלייגן אים אַ דריערל אין האַנט אַריין. בײַ אַזוי ווי בײַ אונדז איז ניט געווען קיין דריי גראָשן און בערמאַן איז געווען אַ פריילעכער יונג, האָט ער שוין פאַרעט דעם באַלעבאָס די ציינער און אים איבערגעגעבן, אַז ער זאָל שוין דאָס באַזאָרגן. דער באַלעבאָס האָט עס באַזאָרגט.

הייבט זיך אָן אַ מאַיסע ווי אַזוי וועלן מיר שטעלן „שולאַמיס״, אַז אַלע זיינען פון אונדז אַוועקגעפאָרן. האָט בערמאַן געזאָגט, ער נעמט עס אָף זיך, ווי עס איז וועלן מיר עס אַוועקשטעלן. מיר זיינען אַוועק צו אַ קלעזמער, מיר האָבן אופגענומען די אַלע נומערן, וואָס מיר האָבן געקענט, און מיר האָבן אָנגעהויבן צו רעפּעטירן. ווייניקער, בעסער, מע האָט עס ווי עס איז צונויפגעשטעלט, וויפל מיר האָבן געקענט. באַקומען עטלעכע קיטלען אין שטאָט, די בינע האָבן מיר אויסגעשטעלט מיט לעבעדיקע בוימער און מיר האָבן אַרויסגעשטעלט אַן אַפיש, אַז מיר שפּילן „שולאַמיס״. דער אוילעם איז געגאַנגען, נאָר מער האָט זיך פאַרקליבן אָפן דאַך. דער דאַך איז געווען אַן אַלטער פון שינדלען, האָבן זיי אָפן דאַך צונומען אַ ביסל שינדלען, זיי זאָלן קענען אַריינקוקן דורך אַ לאָך. דערווייל איז געוואָרן אַ קריג צווישן זיי, ווער עס זאָל זיין נעענטער צום לאָך אַריינצוקוקן, און אינמיטן, ווען אַוושאָלעם האָט געזונגען „אָ, דער ברונען, אָ, דער״ איז דער גאַנצער אוילעם פון דאַך אַריינגעפאַלן אין טעאַטער. עס איז געוואָרן אַ געשריי, אַזוי ווי עס וואָלט געווען אַ סרייפע. די פאָרשטעלונג האָט מען ניט געענדיקט.

*) באַמערקונג: צופעליק האָבן מיר זיך באַקענט מיט דעם שטאָטבאַדכן, האָט ער אונדז אַן אייצע געגעבן; עס איז פאַראַן דאָ אין שטאָט יצחאָק לייב פּערעץ, דער ייִדישער שרייבער, ער קען אייך אַ טיוווע טאָן, ווייל ער האָט גרויסע קאַנטשאַפט אין שטאָט.

**פון רעדאַקציע: אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם 50־יאָריקן יובילײ פון ייִדישן טעאַטער וועלן אין „שטערן״ געדרוקט ווערן אַ ריי אַרטיקלען און זכרוינעס וועגן פאַרשיידענע עטאַפּן פון ייִדישן טעאַטער. דאָרט וועלן מיר זיך אומקערן צו יענעם פעריאָד, וועלכער ווערט דאָ באַלויכטן אין מ. מיאַדאָוניקס זכרוינעס.**

Бюлетэнь Яўрэйскага Аддзелу Інстытуту Беларускае Культуры.

# ביולעטען

פון יידישן אפטייל באם „אינווייסקולט“.

№ 1.

## אונדזער ביולעטען.

די ערשטע אָרגאַניזיראַרבעט פון דעם יידאָפּטייל פון „אינווייסקולט“ איז פאַריבער. מיר זיינען צוגעטראָטן צו אָרגאַנישער אַרבעט. פאַר דעם לעצטן האַלביאָר האָט דער יידאָפּטייל זיך באַוויזן צו פאַרצווייגן, ער האָט קאָרעספּאָנדענטן און מיטאַרבעטער אין פאַרשיידענע טיילן פון ראַטנפאַרבאַנד. עס איז אַנטשטאַנען אַ גרויסע פאָדערונג, אַז זייער אַרבעט זאָל אָנגעפירט און סיסטעמאַטיזירט ווערן.

פאַר דער לעצטער צייט, אַדאַנק דער אַנטוויקלונג און פאַרשטאַרקונג פון דער קולטוראַרבעט באַ די נאַצמינדערהייטן אין ראַטנפאַרבאַנד, האָבן זיך אין אַ גאַנצער ריי רעפּובליקאַנישע צענטרען און גרעסערע קולטורשטעט געעפנט און האַלטן זיך באַם עפענען וויסנשאַפטאַנשטאַלטן, וואָס זיינען ענלעך לויט זייער סטרוקטור און אויפגאַבן צו אונדזער יידאָפּטייל פון „אינווייסקולט“. מיר האָבן אַזעלכע אַנשטאַלטן אין קיעוו, כאַרקאָוו, מאָסקווע, לענינגראַד, אָדעס. דער יידאָפּטייל פון „אינווייסקולט“ מוז זיך פאַרבינדן מיט די דאָזיקע אַנשטאַלטן, דער ביולעטען וועט זיין די שטענדיקע לעבעדיקע פאַרבינדונג מיט די אויבנאָנגערופענע אַנשטאַלטן.

אונדזער פאַרבינדונג מיט אויסלאַנד איז נאָך דערווייל ניט קיין פאַרצווייגטע, אָבער פונדעסטוועגן האָבן מיר באַוויזן פאַר דער לעצטער צייט אָנצוקניפּן באַציִונגען סאַי מיט יחידים—וויסנשאַפטלעכע טוער, סאַי מיט אינסטיטוציעס. עס איז נויטיק, אַז די פאַרבינדונג מיט זיי זאָל זיין נאָך שטאַרקער.

יעדער וויסנשאַפטלעכער טוער און יעדע וויסנשאַפטלעכע אינסטיטוציע, וואָס טרעט צו צו אַ נייער אַרבעט אָדער אַרבעט אויס אַ פּלאַן פון אַרבעט, מוז האָבן די זיכערקייט, אַז די זעלבע אַרבעט ווערט ניט געטאָן ערגעץ אַנדערשוו, זי מוז האָבן די זיכערקייט, אַז זי האָט אויסגענוצט די גאַנצע דערפאַרונג פון אַ צווייטער ענלעכער אַרבעט.

די אַרבעט פון יידאָפּטייל האָט זיך אַזוי ווייט צוצווייגט, אַז איצט איז אונדז אַבסאָלוט אוממעגלעך צו באַגרענעצן זיך מיט אַ בריוואויסטויש, מיר מוזן האָב אַ ספּעציעלן אָרגאַן, וואָס זאָל באַדינען די פאַרצווייגטע אַרבעט, וואָס זאָל זי דיסקאַטירן, וואָס זאָל אונדז פאַרבינדן מיט וויסנשאַפטלעכע טוער און אינסטיטוציעס.

דאָס אַלץ וועט אָפּטאָן דער ביולעטען.

באַם בעסטן ווילן האָבן מיר אין דעם ערשטן נומער ניט געקענט געבן אַ גאַנצע ריי צירקולירן און פּראָגראַמען, וואָס עס האָט פאַר דער לעצטער צייט פאַנאַנדערגעשיקט דער יידאָפּטייל.

פון דעם צווייטן נומער אָן וועלן מיר אָנהויבן צו געבן רעגולער און כראָנאָלאָגיש די אַלע מאַטעריאַלן, וואָס האָבן אַ שייכות צו פראַגן פון אינערלעכער אָרגאַניזאַציע פון „יידאָפּטייל באַם אינווייסקולט“.

**רעדאַקציע.**

## די אַרבעט פון דער היסטאָרישער קאָמיסיע.

(אָנפירער—כ׳ סאַסיס).

די יידישע היסטאָרישע קאָמיסיע, האָט ביז מאַרט 1925-טן יאָר עקזיסטירט באַ דער ייד. צענטראַלער בילדונגביוראָ, און האָט געזאַמלט היסטאָריש-רעוואָלוציאָנערע מעמואַרן און אַנדערע מאַטעריאַלן.

נאָך דער רעאָרגאַניזירונג פון „אינווייסקולט“ איז די קאָמיסיע צוגעטראָטן צו אַ ברייטערער אַרבעט.

פאַר דער ייד. היסטאָרישער קאָמיסיע האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע אויסנוצן די גרויסע מעגלעכקייטן, וועלכע זיינען פאַראַן אין לענינגראַד. צוליב דעם צוועק זיינען צוגעצויגן געוואָרן אויף שטענדיקער אַרבעט צוויי באַוווּסטע יידישע וויסנשאַפטלעכע טוער אין לענינגראַד—י. ראַוורעבע און מ. שולמאַן.

אונטער דער אָנפירונג פונ׳ם סעקרעטאַר פון דער קאָמיסיע (סאַסיס) זיינען איבערגעשריבן און איבערגעזעצט געוואָרן דורך י. ראַוורעבע אויף יידיש אויספירלעכע אויסצוגן פון אַ ריי זייער וויכטיקע פּינקאָסים פון יידישע צעכן („חברות בעלי מלאכות“) פון לוצקער שניידער (פון 18-טן יאָרהונדערט) מיקאַלאַיעווער „סנדלרים וגאַרבערס“ (סאָף 18-טן און אָנהויב 19-טן יאָרהונדערט), סידילקאָווער „חבורה החיטים“ (18-טער יאָרהונדערט), פּאַוואָלאָוויטשער „חבורה רצענים וירמולניקעס“ (18-טער יאָרהונדערט).

ס׳איז אויך איבערגעשריבן און איבערגעזעצט געוואָרן אַ גרויסער טייל פון באַזונדער אינטערעסאַנטן נעסוויזשער פּינקעס (18-טער און אָנהויב 19-טער יאָרהונדערט), וועלכער גיט אַ קלאָרן באַגריף וועגן דעם האָכבאַסעשטייער („קאַראָבקע“) אין יידישן קאָהאַל און וועגן דער סאָציאַלער דיפערענצירונג פון דער יידישער באַפעלקערונג.

אָנגעמערקט צום איבערשרייבן און איבערזעצן אויסצוגן פון אַנדערע פּינקאָסים, וועלכע געפינען זיך אין אַרכיוו פון דער לענינגראַדער ייד. היסטאָריש-עטנאָגראַפישער געזעלשאַפט.

צוזאַמען דערמיט פירט זיך אַ גרויסע אַרבעט אין געביט פון די ראַבאָנישער רעספּאָנסן („שאלות ותשובות“). ס׳ווערן איבערגעשריבן און איבערגעזעצט אויף יידיש (דורך י. ראַוורעבען און מ. שולמאַן) אַלע יענע רעספּאָנסן, וועלכע האָבן אַ שייכות צום יידישן לעבנשטייגער אין פּוילן, ליטע און ווייסרוסלאַנד. (דערביי ווערן אויך איבערגעשריבן אַלע גוייִש-אידעס, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן אויף יידיש).

מיר האָבן שוין אַ סך אויסצוגן פון פאָלגנדיקע רעספּאָנסן: שו״ת פון יואל סירקיש און רמ״א (16-טער יאָרהונדערט), פון „הרב מלובלין“ (סאָף 16-טער און אָנהויב 17-טער יאָרהונדערט), פון מאָרדכע זיסקינד רויטנבורג (17-טער יאָרהונדערט) א. אנד.

דעמזעלבן ציל שטעלט זיך די היסטאָרישע קאָמיסיע באַם „אינווייסקולט“ אויך בענוגע צו דער מוסרליטעראַטור און כסידישע דערציילונגען (די דאָזיקע אַרבעט ווערט געפירט דורך י. סאַסיס).

צום דרוקן אין אונדזער „צייטשריפט“ זיינען איבערגעגעבן פאָלגנדיקע אַרטיקלען: י. סאַסיס—„צו דער סאָציאַלער געשיכטע פון יידן אין ליטע און ווייסרוסלאַנד“ (I סאָציאַל-עקאָנאָמישע באַציונגען אין 16—18-טן יאָרהונדערט; II דאָס סאָציאַלע לעבן און דער מוסער אין 16 און 17-טן יאָרהונדערט); ש. ראַמבאַך—„די לאַגע פון יידישע באַלמעלאָכעס אין דער ערשטער העלפט פון 19-טן יאָרהונדערט“ (לויט אַרכיוומאַטעריאַלן); פּראָפ. מ. ניקאָלסקי—„די נייסטע שטרעמונגען אין דער ביבלישער וויסנשאַפט“.

די היסטאָרישע קאָמיסיע האָט אויך צונויפגעזאַמלט אַ גרויסע צאָל אַלטע ספאָרים אויף יידיש אָדער מיט אַ יידישער איבערזעצונג.

צוליב ביבליאָגראַפישע צילן איז איבערגעשריבן געוואָרן אַ גרויסער טייל פון דעם ביבליאָגראַפישן מאַטעריאַל, וואָס איז פאַראַן אין דער לענינגראַדער ייד. היסט. עטנאָגר. געזעלשאַפט אין געביט פון ליטעראַטור וועגן יידן אויף רוסיש (ייד. געשיכטע, עקאָנאָמיק, קולטור א. א. וו.). מיר האָבן שוין באַקומען העכער 3.000 קאַרטלעך.

פונ׳ם קינסטלער יודאָווין (לענינגראַד), האָבן מיר באַקומען אַ קאָלעקציע פאָטאָגראַפיעס (העכער 100) פון יידישן לעבנשטייגער.

די מיטאַרבעטער פון דער היסט. קאָמיסיע—די כ.כ. אַלעקסאַנדראָוו און פּאַלעיעס באַשעפטיקן זיך מיט אויספאָרשן דעם מינסקער אַרכיוו, וווּ ס׳געפינען זיך מאַטעריאַלן וועגן דער מינסקער יידישער קעהילע אין דער ערשטער העלפט פון 19-טן יאָרהונדערט. צווישן אַנדערע מאַטעריאַלן געפינען זיך דאָרט דאָקומענטן, וועלכע זיינען פאַרבונדן מיט דעם ערשטן רעקרוטנגאַבאָר פון 1827 יאָר אין מינסקער גוב., מיט די אַזוי גערופענע „דעפּוטאַטן פון יידישן פאָלק“ אין צייט פון אַלעקסאַנדר I א. אנד. די אָנגעוויזענע מאַטעריאַלן זיינען אָנגעמערקט פאַרן „צייטשריפט“.

## סעקציע פֿאַר געשיכטע פֿון רעוואָלוצ. באַוועגונג.

דער ציל פֿון דערדאָזיקער סעקציע איז זאמלען אלערליי מאטעריאלן, וואס האבן אַ שאיכעס צו דער געשיכטע פֿון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג צווישן די יידישע מאסן. די סעקציע האָט אנטוויקלט אַ גאנץ גרויסע טעטיקייט. איר האָט זיך איינגעגעבן צו קריגן, אַ דאנק פֿארשיידענע איינצלנע פערזאָנען און גרופן ארבעטער, וואָס העלפֿן אין דער ארבעט, ארום הונדערט דרוקבויגן פֿון פֿארשיידענע מאַטעריאלן, זכרוינעס, בלעטלעך, פראקלאמאציעס א. ד. ג., וואָס האָבן גאָר אַ גרויסע היסטאָרישע ווערדע.

די סעקציע האָט אָפּגעגעבן צום דרוק אַ גרויסן, אינהאלטרייכן זאמלבוך פֿון רע״ז. זכרוינעס, אָפּהאנדלונגען וועגן פֿארשיידענע מאָמענטן אין דער געשיכטע פֿון דער רעוו. באוו., ביבליאגראפֿישע מאטעריאלן א. ד. ג. דערדאָזיקער זאמלבוך, וואָס וועט הייסן „רויטע בלעטער“, וועט האלטן נאָענט פֿון 30 דרוקבויגן.

די סעקציע איז פֿארבונדן מיט אַ גאנצער ריי שטעט, ווו זי האָט אירע שטענדיקע קאָרעספּאָנדענטן. באזונדערס מוז אויסגעטיילט ווערן אונדזער נאָענטער און איבערגעגעבענער מיטארבעטער אַבע לעוו, וואָס פֿארבינדט אונדז מיט דעם מאָסקווער צענטראלן רעוואלוציאָנערן ארכיוו. דער כ. אַבע לעוו האָט אונדז צוגעשטעלט אַ גאנצע ריי זעלטנהייטן פֿון דער אמאָליקער אומלעגאלער ליטעראטור: פראקלאמאציעס, בלעטלעך, בראָשורן, זשורנאלן און פֿאטאגראפֿיעס.

אין דעם קומענדיקן נומער פֿון אונדזער „ביולעטן“ וועלן מיר געבן אַ גענויעם צעטל פֿון די זעלטנהייטן, וואָס געפֿינען זיך אין אונדזער סעקציע.

---

## די אַרבעט פֿון דער ליטעראַרישער קאָמיסיע.

(אָנפֿירער — נ. אויסלענדער).

די ליט. קאָמיסיע באַם ייִדאָפּטייל פֿון „אינבעלאָרוסקולט“ האָט איר אַרבעט געפֿירט ביז אַהער אין די פֿאָלגנדיקע פֿינף ריכטונגען:

1) אַרבעט איבער פֿאָלקלאָר.
2) אַלטיידישע און נייצייטיקע ליטעראַטור.
3) געשיכטע פֿון דראמע.
4) פֿראַגן פֿון דער ליטעראַרישער פֿאָרם אין דער יידישער ליטעראַטור.
5) געשיכטע פֿון יידישן טעאַטער.

### I.

אין געביט פֿון יידישן פֿאָלקלאָר האָט זיך די ליט. קאָמ. געשטעלט דעם ציל אין דער ערשטער ריי צו באַארבעטן יענע מאַטעריאַלן פֿון פֿאָלקלאָר, וועלכע האָבן אַ שאַיכעס צום לעבן פֿון די יידישע מאַסן אין ווייסרוסלאַנד. אין רעשוס פֿון דער ליט קאָמ. איז איבערגעגעבן געוואָרן אַ רייכע (העכער 5 טויזנט נומערן) זאַמלונג פֿון שפּריכווערטער און ריידנסאַרטן, געזאַמלט אין פֿאַרשיידענע פונקטן פֿון ווייסרוסלאַנד אין משך פֿון פֿיל יאָרן דורך דעם ניט לאַנג פֿאַרשטאָרבענעם א. כראַפּקאָווסקי. די זאַמלונג איז פֿאַרבליבן אין אַ רויען און גאַנץ כאַאָטישן צושטאַנד. אָבער שוין די ערשטע באַקאַנטשאַפֿט מיט דערדאָזיקער זאַמלונג באַווייזט, אַז דאָ קאָן, נאָך אַ גרונטלעכער באַארבעטונג, געפֿונען ווערן זייער אַ רייכער מאַטעריאַל פֿון יידישן פֿאָלקלאָר.

די ליט. קאָמ. האָט באַקומען אויך א זאַמלונג פֿונם פֿאָלקלאָריסט ש. ביילין, (איִרקוטסק), וועלכער האָט זיינע מאַטעריאַלן געזאַמלט דאָס רוב אין ווייסרוסלאַנד. דידאָזיקע זאַמלונג (7 טויזנט נומערן) אַנטהאַלט אויך רייכע עטנאָגראַפֿישע מאַטעריאַלן.

ד״ר מ. ספּיוואַק פֿון ניויאָרק האָט צוגעשיקט פֿאַר דער „צייטשריפֿט“ פֿון יידאָפּטייל באַם „אינבעלאָרוסקולט“ אַ זאַמלונג שפּריכווערטער און ריידנסאַרטן אף דער טעמע „קאפּ“ (אין דער זאַמלונג גייט אריין 312 נומערן).

א זאמלונג פֿון שפּריכווערטער און ריידנסאַרטן, ווו עס ווערט געברויכט דאָס בינדוואָרט „ווי“ האָט אופֿגעזאַמלט פֿאַר דער ליט. קאָמ. דער כאַווער א. וואָלאָברינסקי (מינסק). די זאַמלונג האלט 500 נומערן.

א באַזונדער אָרט פֿארנעמען די זאַמלונגען פֿון נייעם, היינטצייטיקן פֿאָלקלאָר. דידאָזיקע ארבעט ווערט געטאָן דורך אייניקע קאָרעספּאָנדענטן פֿון דער ליט. קאָמ. לעצטנס האָט די קאָמיסיע דערהאלטן אן אינטערעסאנטע זאמלונג פֿון פֿאָלקלידער, געזונגענע אין בערדיטשעוו אין 1919-טן יאָר.

אַלע די איבערגעציילטע מאטעריאַלן ווערן דורך דער ליט. קאָמ. צוגעגרייט צום דרוק אין דער „צייטשריפֿט“, וואָס דערשיינט אינגיכן.

אין געביט פֿון טעאָרעטישער באארבעטונג האָט די ליט. קאָמיסיע אין איר רעשוס אַן אָרטיקל פֿון כ׳ י. גאָלדבערג (מינסק): „באַמערקונגען וועגן דעם פּאָעטישן שטייגער פֿון דעם יידישן פֿאָלקליד“. דער ארטיקל דרוקט זיך אין דעם ערשטן נומער „צייטשריפֿט“.

### II.

## די ארבעט איבער אלטיידישער און נייצייטיקער ליטעראטור.

לויט דעם אָנגעמערקטן פלאַן, האָט די ליט. קאָמ. געזאָלט אָפּגעבן די פּראָבלעמן פֿון אַלטיידישער ליטעראטור נאָר א קליינעם טייל פֿון איר אופֿמערקזאַמקייט. די ארבעט האָט זיך געפֿירט בלויז אין געביט פֿון סיסטעמאַטיזירן די ביאָגראַפֿישע און די ביבליאָגראַפֿישע יעדיעס וועגן די אַלטיידישע מעכאַברים, וועלכע זיינען פֿאָרגעשטעלט אין דער ביבליאָטעק פֿון „אינבעלאָרוסקולט“. די ליט. קאָמ. האָט אָנגענומען צום דרוקן אין „צייטשריפֿט“ אן ארטיקל פֿון א. וועוויארקע „וועגן זיסקינדן פֿון טרימבערג“.

דעם צענטראלן אָרט אין דער טעטיקייט פֿון ליט. קאָמ. אַפֿן געביט פֿון דער נייצייטיקער ליטעראַטור האָבן פֿארנומען די קלאַסיקער פֿון 19-טן יאָרהונדערט. אין דער ערשטער ריי איז די ארבעט קאָנצענטרירט געוואָרן ארום פערעצן. אין געביט פֿון דער פערעצביבליאָגראַפֿיע איז געשטעלט געוואָרן די אופֿגאַבע צו געפֿינען די כראָנאָלאָגישע דאַטן פֿון די ווערק, וועלכע זיינען אַריין אין דער אמעריקאָנער אויסגאַבע פֿון פערעצן.

דאָס האָט געפֿאָדערט, עס זאָל דורכגעקוקט ווערן אַ גרויסע צאָל פּעריאָדישע אויסגאַבן, צייטונגען און זשורנאַלן. ביז איצט איז די ארבעט שוין דורכגעמאַכט מער ווי אף א העלפֿט. דערביי זייבען אויסגעטיילט געוואָרן אַ ריי טעמען, צווישן זיי די טעמע „פערעץ אין „פֿריינד“, אף וועלכער עס ווערט איצט געארבעט. לויט דעם אופֿטראַג פֿון דער ליט קאָמ. האָט דער כ׳ א. גורשטיין. (מאָסקווע) אָנגעשריבן אַ גרעסערע ארבעט „דער איצטיקער צושטאנד פֿון דער פערעצביאָגראפֿיע“, ווו עס ווערט פֿארסאכאקלט דער רייכער מאטעריאל וועגן פערעצעס לעבן, וואָס איז צוואָרפֿן אין פֿארשיידענע אויסגאבן. די ארבעט דרוקט זיך אין „צייטשריפֿט“.

נ. אויסלענדער האָט צוגעגרייט אַן אָפּהאנדלונג „פערעצעס שטעט און שטעטלעך“, ווו עס ווערט באלויכטן דער פעריאָד צווישן „כסידיש“ און פֿאָלקסטימלעכע געשיכטן“.

א ברייטע ארבעט ווערט איצט געפֿירט אין צוזאמענהאנג מיטן 10-טן שאָלעמאלייכעמיאָרצייט.

די ליט. קאָמ. גרייט צו א זאמלבוך. געווידמעט שאָלעמאָלייכעמען. די ארבעט ווערט געפֿירט הויפטזאכלעך אף די מאטעריאלן פֿון שאָלעמאלייכעמס ביאָגראפֿיע. א טייל ביאָגראפֿישע מאטעריאלן ווערן געזאמלט לויט דעם אופֿטראג פֿון דער ליט. קאָמ. דורך ב. סלוצקי (קיעוו). עס ווערט אויך צוגעגרייט אַ ריי אויספֿאָרשונגען.

אין זאַמלבוך וועט אריינגיין אויך אַ קאָלעקטיווע אַרבעט, דורכגעפֿירט דורך די צוהערער פֿון מינסקער, האָמליער און וויטעבסקער פּעדטעכניקומס. אלס נאָענטסטע אופֿגאבע פֿון דער ליט. קאָמ. שטייט די באארבעטונג פֿון מענדעלעס שאפֿן, מיט וועלכן עס איז פֿארבונדן אַ ריי פּראָבלעמען פֿון לעבן און שאפֿן פֿון די יידישע מאסן אין ווייסרוסלאנד. מיט דער ארבעט וועט זיך אָנהויבן אַ סעריע אויספֿאָרשונגען וועגן די פֿאָרשטייער פֿון ווייסרוסלאַנד אין דער יידישער ליטעראטור (צווייפֿל, שאצקעס און אנדערע).

### III.

## געשיכטע פֿון יידישער דראַמע.

די ליט. קאָמ. האָט זיך געשטעלט דעם ציל צו באלויכטן יענעם פעריאָד אין דער יידישער דראמע, ווען זי האָט נאָך ניט געהאט באטראָטן די בינע. עס ווערט דורכגעפֿירט די סיסטעמאַטיזירונג פֿון די פֿאראנענע יעדיעס וועגן דער דראמע, דערהויפט וועגן דראַמאַטישע ווערק פֿון די קלענערע מעכאברים, ווי פאלקאוויטש, עפשטיין, דאָוויד זאַיק, אולריך קאַלמוס און א גאנצע ריי אנדערע, וועלכע זיינען געווען טעטיק אין דעם פעריאָד צווישן עטינגערן און גאָלדפֿאדענען.

בעניגייע דעם שאַפן פון א. גאלדפאדענען ווערט געפירט אַן אַרבעט אַף די דראמען פון ערשטן פעריאָד (ביז די „היסטאָרישע" פיעסן). דער מיטארבעטער פון דער ליט.קאָמ. כ׳ אורי פינקעל האָט צוגעגרייט א גרעסערע אפהאנדלונג „די סאציאַלע פיגורן אין גאלדפאדנס ערשטע ווערק", וואָס דרוקט זיך אין „צייטשריפט". די ליט. קאָמ. האָט באַקומען אין איר רעשוס אויך אַן אינטערעסאַנטן מאַנוסקריפט פון אַ היסטאָרישער פיעסע „שימשן האַגיבער", געשריבן פון א מינסקער בארכן אין 1883-טן יאָר. די פיעסע כאַראַקטעריזירט די האשפאָע, וועלכע גאלדפאדנס ערשטע פאָרשטעלונגען האָבן געהאַט אין דער יידישער סוויווע, וועגן דער באַטייליקונג פון די בארכאנים אין דער יידיש[illegible] דראמאטורגיע האָט אייניגע מאַטעריאַלן פאר דער ליט. קאָמ. אופגעזאַמלט ב. סלוצקי (קיעוו). די מאַטעריאַלן וועלן זיך דרוקן אין „צייטשריפט". א ברייטערע אָפהאנדלונג ווערט צוגעגרייט וועגן די באַוווסטע בארכאנים פון ווייסרוסלאנד.

### IV.

### אויספאָרשונג פון ליטעראַרישע פאָרמען אין דער יידישער ליטעראַטור.

אַף דעמדאָזיקן נייעם געביט הויבט די ליט. קאָמ. ערשט אָן איר אַרבעט. עס ווערט הערוויל געזאמלט מאַטעריאַלן צו דער פראגע וועגן דעם קינסטלעריש-דערציילערישן עלעמענט אין דער מוסרליטעראַטור. א געוויסע אַרבעט ווערט געטאָן אויך אין הינזיכט פון אויספאָרשן די פאָרמדערגרייכונגען פון דער נייער יידישער דיכטונג.

---

די אַרבעט פון דער ליט. קאָמ. האָט זיך אָנגעהויבן אין אַפּרעל 1925. דעמאלט איז פאנאנדערגעשיקט געוואָרן די ערשטע ווענדונג צו די קולטורטוער אַף די ערטער. אין דער ווענדונג ווערן אָנגעוויזן די צילן, וואָס די ליט. קאָמ. שטעלט זיך אין איר אַרבעט, און אויך מיט וואָס עס קען קומען דער ליט. קאָמ. צוהילף דער קולטורטוער אין דער פראָווינץ. עס ווערט אָנגעוויזן, ווי אזוי צו זאמלען מאַטעריאַלן וועגן יידישער בוכדרוקעריי, וועגן אָרטיקע מעכאַברים, ביבליאָטעקנצושטאנד, צענזורבאַדינגונגען א. א. וו. די ליט. קאָמ. האָט זיך אויך באַטייליקט אין דער אַרבעט איבער דעם זאמלבוך צום „50 יאָריקן יובילײ פון יידישן טעאַטער", וואָס ווערט צוגעגרייט דורכן יידאָפּטייל פון „אינבעלטקולט". אין מעשעך פון דעם אָנגעוויזענעם פעריאָד האָט די ליט. קאָמ. אָרגאַניזירט פאָלגנדיקע אַרויסטרעטונגען: 1) אַ רעפעראַט אַף די איבערגרייטונגקורסן פון די לערער אַף דער טעמע „דער צושטאנד פון אונדזער ליטעראַטורוויסנשאַפט 2) אַ רעפעראַט אַף דער טעמע „די אופגאבן פון אונדזער ליטעראַטורוויסנשאַפט" אין צענטראַלן ייד. אַרבעטער קלוב אין מינסק 3) אַ רעפעראַט בא די אַרבקאָרן פון צייטונג „אָקטיאַבער". אָרדנטלעכע רעפעראַטן פאר די מיטארבעטער פון דער ליט. קאָמ. אַף די טעמען 1) פערעץ אין דער שיין פון נייע מאַטעריאַלן 2) די פּאָעטיק פון יידישן פאָלקליד 3) וועגן דעם „יידישן פאָלקסבלאַט" פון די 80 יאָרן 4) וועגן די מאַטעריאַלן צו שאָלעמאַליישעמס ביאָגראַפיע.

די ליט. קאָמ. האָט איינגעשטעלט אַ קאָנטאַקט מיט דער מאָסקווער לענינביבליאָטעק (געוועזענער רומיאַנצעווער מוזיי) דורך דעם כ׳ גורשטיין, מיט קיעווער צענטראַלער ייד. ביבליאָטעק דורך דעם כ׳ לייבאָוויטש. לעצטנס ווערן געשאַפן פאַרבינדונגען אויך מיט דער יידישער אַקאַדעמישער ביבליאָטעק באַם מענדעלע-מוזיי אין אָדעס (דורך כ׳ יערוסאַלימסקי) און מיט דער ביבליאָטעק פון אַזיאַטישן מוזיי אין לענינגראַד (דורך כ׳ ראַווערבע).

אין מינסק האָט די ליט. קאָמ. אין איר רעשוס אַן אייגענע ביבליאָטעק פון אַלט-יידישער און נייצייטיקער ליטעראַטור (טיילוויז אָפּגעקויפט באַם אָרטיקן אַנטיקוואַר—מיכל ראַבינאָוויטש) און אויך די רייכע ביבליאָטעק פונם ווייסרוסישן מעלוכעאוניווערסיטעט אין מינסק.

### טעאַטערסעקציע.

(אָנפירער כ׳ אָרשאַנסקי).

די טעאַטערסעקציע האָט פאַנאַנדערגעשיקט אַן אויפרוף: „צו אַלע יידישע אַרטיסטן און טעאַטראַלע טוער", וועלכער איז געווען געדרוקט אויך אין א סאַך צייטונגען און זשורנאַלן פון אויסלאַנד. אָפן סמאַך פונם אויפרוף האָט די טעאַטערסעקציע באַקומען זיכרוינעס ניט נאָר פונם סאָוועטנפאַרבאַנד, נאָר אויך פון וואַרשע און ניויאָרק. עס האָט זיך איינגעשטעלט אַ פאַרבינדונג מיט יידישע אַרטיסטן פון אייראָפּע און אַמעריקע, וועלכע שרייבן שוין זייערע זיכרוינעס פאר דער טעאַטערסעקציע. די טעאַטערסעקציע גיט אַרויס א ביאָגראַפיע פון גאָלדפאַדן. עס ווערן אויך באַאַרבעט און געגרייט צום דרוק מאַטעריאַלן פאַר א זאַמלבוך צום יובילײ פון יידישן טעאַטער.

עס איז דערהאַלטן געוואָרן פאַר „דער „צייטשריפט" אַן אַרטיקל פון נ. שטיף: „וואָלף קאמראש און דער ערשטער יידישער ספעקטאַקל אין רוסלאַנד".

די טעאַטערסעקציע האָט זיך געגרינדעט אין יון כוידעש פון 1925 יאָר. נאָר איבער א גאַנצער ריי סיבעס האָט זי נאָך ניט אָרגאַניזירט די אַרבעט, ווי עס געהער צו זיין. מע דאַרף אַגעוו באַמערקן, אַז די פאַרבינדונג מיט אויסלאַנד, ניט געקוקט דערויף, וואָס זי שטעלט זיך איין צוביסלעך, גייט זי דאָך ניט מיט דעם טעמפּ, מיט וועלכן זי וואָלט באַדאַרפט גיין.

---

# די אַרבעט פון דער שפּראַכקאָמיסיע.

(אָנפירער מ. וויינגער).

די שפּראַכקאָמיסיע האָט אָנגעהויבן עקזיסטירן אין אַפּרעל 1925 יאָר. איר הויפּטאַרבעט באַשטייט אין פאָלגנדיקן.

## לעקסיקאָלאָגישע אַרבעט.

### אַקאַדעמישער יידישער ווערטערבוך.

אין דעם געביט האָט זיך די אַרבעט אָנגעהויבן דעם ערשטן יון. די צוגרייטאַרבעט איז באַשטאַנען אין אויסאַרבעטן דעם ביוזשעט און די הויפּטפּרינציפּן פון דער אַרבעט, וואָס זיינען באַשטעטיקט געוואָרן דורכן פּרעזידיום פון „אינבעלטקולט". מאָנאַטלעך באַקומט דער ווערטערבוך 150 ר. עס ווערט געאַרבעט טעגלעך 12 שאָ בא דריי מיטאַרבעטער. די יעסוידעס פון דער אַרבעט זיינען איבערגעגעבן געוועזן אין מ. וויינגערס אַרטיקלען: „וועגן יידישן אַקאַדעמישן ווערטערבוך" („וועקער") און „דער יידישער אַקאַדעמישער ווערטערבוך" („עמעס").

באַ איצטיקן מאָמענט האַלטן מיר בא דער ערשטער שטופע פון דער אַרבעט—באַם אַרויסשרייבן די ווערטער און ציטאַטן פון די קלאַסיקער. ביז אַהער האָבן מיר העכער פינף און זעכציק טויזנט אַרויסגעשריבענע קאַרטלעך. פאַרענדיקט איז דאָס אַרויסשרייבן פון מענדעלעס ווערק (20 טויזנט קאַרטלעך), עס ווערן באַאַרבעט שאָלעמאַלייכעם, פּערעץ און אַנ—סקי. פון דער פאָלקשאַפונג איז אויסגענוצט בערנשטיינס שפּריכווערטער, מאַרעק-גינצבורג און לײמאַנס לידערזאַמלונג און אַנד.

אַזוי ווי דער ווערטערבוך דאַרף זיין אַן אויסשעפּנדיקער, ווערט פון די גרונטמעכאַברים (די קלאַסיקער) אַרויסגעשריבן אַבסאָלוט דער גאַנצער לעקסיקאָן. און פון די איבעריקע ווערט צוגעגעבן דאָס, וואָס עס פעלט בא די קלאַסיקער. עס פאַרשטייט זיך, אַז באַ דער אַרבעט קומט אויף א מענגע שוועריקייטן, צ. ב., די אָרדענונג פון דעם אַלעפבייז, וואָס און ווי אַזוי אַרויסשרייבן א. א. וו. די מיטאַרבעטער זיינען יידישע לערער.

לויט אונדזער איניציאַטיוו וועט די נאָענטסטע צייט צוטרעטן צו דער מיטאַרבעט אויך די אוקראַינישע בילדביוראָ. דעמלט וועט זיך די פּראָדוקטיוויקייט פון דער אַרבעט, פאַרשטייט זיך, פאַרגרעסערן. עס קומט אָבער אויף דערביי די וויכטיקע אויפגאַבע אָפּצוהיטן די איינקייט פון דער אַרבעט, סאי אין די פּרינציפּן אַזוי אויך אין דער טעכניק.

באַם אָרגאַניזירן די אַרבעט פונם ווערטערבוך ווערט דיסקאָנטירט די דערפאַרונג פון דער אייראָפּעישער לעקסיקאָלאָגיע.

### יידיש-ווייסרוסישער און ווייסרוסיש-יידישער ווערטערביכער.

צוליב פּראַקטישע צוועקן ווערן צוגעגרייט צוויי ווערטערביכער: א יידיש-ווייסרוסישער און ווייסרוסיש-יידישער, יעדער צו 10-12 טויזנט ווערטער. דער ווייסרוסיש-יידישער איז שוין פאַרטיק. עס בלייבט איבער בלויז דאָס רעדאַגירן. דער יידישער טייל פון צווייטן ווערטערבוך איז אויך פאַרטיק. פאַרענדיקט וועט די אַרבעט ווערן נאָכדעם, ווי עס וועט זיך אומקערן פון אורלויב איינער פון די מעכאַברים, דער ווייסרוסישער פּאָעט ביאַדוליאַ.

## אָ ר פֿ אָ ג ר אַ פֿ י ע.

דאָ שטייען פֿאר אונדז צוויי אופֿגאבן—ראציאנאליזאציע פֿון דער גראפֿיק און אויכלייג און דאָס איינשטעלן אן איינהייטלעכע אָרפֿאָגראפֿיע אין אלע ערטער פֿון יידישער פֿארלעגעריי.

איר מינימום-פראָגראם אין דער פֿראגע האָט די קאָמיסיע איבערגעגעבן אין די ארטיקלען אין „וועקער“ און אין „עמעס“.

דער אינהאלט פֿון אונדזערע שטרעבונגען איז דורכפֿירן, ווי ווייט מעגלעך, די טענדענצן פֿון דער היסטאָרישער אנטוויקלונג אינם יידישן אלעפֿבייז און אויסלייג. באזייטיקן דאס איבעריקע און שאפֿן דאס פֿעלנדיקע אין דער גראפֿיק. דער-נעענטערן דעם אויסלייג צום ג ע ר ע ט ן ל י ט ע ר א ר י ש ן יידיש, דער-נעענטערנדיק זיך צו-דער פֿאלקשפראך, אויסמיידנדיק דערביי שמאלע פראווינציא-ליזמען.

אין די מינסקער אויסגאבן איז עטוואס אופֿגעטאָן געוואָרן אין דער הינ-זיכט. (זעט די צייטונג „אָקטיאבר“, דעם זשורנאל „שטערן“ פֿון נומ. 3). מיר רע-כענען פֿאר נויטיק צוגיפֿרופֿן אן אָרפֿאָגראפֿישע אלפֿארבאנדישע באראטונג. אונ-טעו האנדלונגען וועגן דעם ווערן געפֿירט.

## ט ע ר מ י נ אָ ל אָ ג י ע.

ס'איז געשאפֿן געווארן די טערמינאָלאָגיעס פֿון פֿאלגנדיקע געביטן: מ א-ט ע מ א ט י ק (1500 ווערטער), פֿ י ז י ק (העכער טויזנט) א ג ר א נ אָ מ י ע (העכער 500 וו.), י ו ר י ד י ש ע (ביז 700 וו.), ק א נ צ ע ל י א ר י ש ע (ביז 1000 וו.).

די טערמינאָלאָגישע ארבעט ווערט פֿארגעזעצט.

ס'ווערט צוגעגרייט דער העמשעך פֿון דער אגראנאמישער טערמינאלאגיע פֿון יענע געביטן, וואס זיינען ניט בארירט אינם ערשטן פראיעקט—די באטאנישע און די כ ע מ י ש ע.

צוליב דער יידישיזירונג פֿון דעם מעלוכעאפאראט אין די פֿאָרמען פֿון דעם פֿאָליטגעזעלשאפֿטלעכן לעבן קומט דער שפראכקאָמיסיע אויס צו פֿארנעמען זי ווי מיט דער איבערזעצונג גופֿע, אזוי אויך מיטן רעדאקטירן די איבערזעצונגען פֿון פֿארשיידענע טעקסטן פֿון שטאמפן, שטעמפלען, שילדן, פלאקאטן, טאקאָנעס, בלאנק א. א. וו. טיילווייז העלפֿט מיט אין דער ארבעט די איבערזעצערביוראָ, באם מינסקער פעדטעכניקום.

## דיאַלעקטפֿאָרשונג.

מיט דעם צוועק איז געשאַפֿן געוואָרן א פראָגראם (מ. וויינגער. „פֿאָרשט יידישע דיאלעקטן“).

די פראקטיק — אויך בא אנדערע פֿעלקער — האָט אָבער באוויזן, אז אזעלכע פראָגראמען זיינען צו שווער פֿארן מיטעלן לערער. ענטפֿערס אפֿן גאנצן פראָגראם באקומען זיך זייער ווייניק.

דערפֿאר פרווון מיר איצט גיין אף אן אנדער וועג — דורך איינצלנע ווענדונגען אין דער פרעסע ווילן מיר ביסלעכווייז צונויפקלייבן די מאטעריאלן וועגן דער געאָגראפֿיע פֿון די יידישע דיאַלעקטן, ווי אויך ביקלאל זייערע באזונדער-קייטן.

עס פֿארשטייט זיך, אז פֿאָרשערישע ארבעטן אף דעם געביט אין ברייטן זין קענען געפֿירט ווערן בלויז דורכן ספעציאליסט. די דאָזיקע ארבעט ווערט גע-פֿירט דורכן סעקרעטאר פֿון דער שפראכקאָמיסיע. די צונויפֿגעקליבענע מאטעריאלן און זייער באארבעטונג קאָן מען געפֿינען אין מ. וויינגערס ארבעט (קימאט דריי בויגן) וועגן די יידישע דיאלעקטן, וואָס וועט געדרוקט זיין אין „צייטשריפֿט“.

דער מעטאָד פֿון ווענדונגען דורך דער פרעסע גיט שוין גוטע רעזולטאטן. אף דער ווענדונג נומ. 1, וואָס מיר האָבן אָפגעדרוקט אין „אָקטיאבר“, אין כאר-קאָווער „שטערן“ און אין „עמעס“, האָבן מיר שוין באקומען עטלעכע צענדליק ענטפֿערס.

מיר רעכענען יעדע 2—3 וואָכן דרוקן נייע ווענדונגען.

## יידישער שפראַכאַטלאַס.

לויטן מוסטער פֿון דעם פֿראנצויזישן און דייטשישן שפראכאטלאסן שטרעבן מיר אויך צו אזא אונטערנעמונג — געבן די געאָגראפֿיע פֿון יידישע דיאלעקטן. עס פֿארשטייט זיך, אז וועגן דעם פֿראנצויזישן אדער דייטשישן פֿאר-נעם — ביז צוויי טויזנט קארטן—איז פֿאר אונדז שווער צו טראכטן, אָבער שאפֿן א יידישן שפראכאטלאס וועלן מיר. די הויפטשוועריקייט איז דאָ דאָס, וואָס אונד-זער לערערשאפֿט איז ווייניק אקטיוו באם ענטפֿערן אף אונדזערע פראָגראמען און ווענדונגען און אָן דער לערערשאפֿט וועלן מיר די דאָזיקע ארבעט ניט אויס-פֿירן.

## אונדזערע פֿאַרבינדונגען.

מיר שטרעבן צוציען צו אונדזער ארבעט ברייטערע קרייזן פֿון ארבעטער, לערער, שטודירנדיקע יוגנט.

טיילווייז דערגרייכן מיר עס דורך פֿאנאנדערשיקן אונדזער פראָגראם. א סאך וועלן אין דער הינזיכט אופֿטאָן, האפֿן מיר, די ווענדונגען. איינצלנע פערזאָנען ווענדן זיך צו אונדז מיט בריוו, און ניט בלויז ספעציאליסטן און ניט בלויז פֿון סאוועטנפֿארבאנד, נאָר אויך פֿון אויסלאנד און דערביי ארבעטער.

אַ דערפֿרייענדיקע דערשיינונג אין דער הינזיכט שטעלט פֿאָר דער האָמלער פעדטעכניקום. דאָרט האָט זיך אָרגאניזירט א שפראכקרייז, וואָס ווייזט ארויס א לעבעדיקן און אקטיוון אינטערעס צו פֿילאָלאָגישער אָרבעט.

אין נומ. 7 פֿון ביולעטען פון האָמלער גובבילד זיינען אָפגעדרוקט קלאָלים פון יידישן אויסלייג, קיין נייס איז דאָרט ניטאָ, פארקערט דער קרייז האלט זיך אָפ פֿון נייסן ביז עס וועט אָנגענומען ווערן אָפֿיציעל די אָרער יענע ענדערונג. אָבער נוצלעך איז אזא ארבעט אומבאדינגט. אף וויפֿל ס'איז א שריט צונויפֿריידן זיך אף דעם געביט. דער קרייז קלייבט אויך דיאלעקטישע פֿאָלקלאָרישע און אנדערע מאטעריאלן. באם מינסקער, וויטעבסקער פעדטעכניקומס עקזיסטירן אויך אזעלכע קרייזן.

## קאָמיסיע פֿאַר עקאָנאָמיק און דעמאָגראַפֿיע.

די קאָמיסיע פֿאַר עקאָנאָמיק און דעמאגראפֿיע באם יידישן אָפטייל פֿון „אינבווייסקולט“ האָט געשטעלט פֿאַר זיך דעם ציל אין דער ערשטער ריי באַקאָנען זיך און אויספֿאָרשן די מאַטעריאַלן איבער עקאָנאָמיק און סטאטיסטיק פֿון דער יידישער באַפֿעלקערונג אין ווייסרוסלאַנד, וועלכע געפֿינט זיך אין פֿאַרשיידענע מעלוכע-אינסטיטוציעס (כטאַטביוראָ, מעלוכעפלאַן, פֿאַרשיידענע פֿאָלקאָמיסאַריאַטן א. א און געזעלשאַפֿטלעכע אַנשטאַלטן.

אין באשטאנד פֿון קאָמיסיע, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן סאָף אָקטיאַבר 1925-טן יאָר, גייען אַריין פֿאָרשטייער פֿון די אָנגעווייזענע אינסטיטוציעס, סעקרעטאַר ה. אַלעקסאנדראָוו.

עס זייבען אָנגעמערקט געוואָרן און ווערן צוגעגרייט פֿאַרן ערשטן נומער „צייטשריפֿט“ פֿאָלגנדיקע אַרבעטן: „מאַטעריאַלן איבער ביודשעט פֿון יידישן פויער“ — פאפעליטשקא, „ביודזשעט פון יידישן אַרבעטער אין ווייסרוסלאַנד“—ציפעראוויטש, „מאַטעריאַלן איבער דער עקאָנאָמיק פֿון שטעטל אין ווייסרוסלאַנד“—אוגאָרסקי, „יידן אין ווייסרוסלאַנד צום 1-טן יאַנואר 1925 יאָר (סטאַטיסטישער מאַטעריאַל)“ — אַלעק-סאנדראָוו. עס גרייטן זיך אויך אַרבעטן איבער יידישער מעדיצינישער סטאַטיסטיק פֿון ווייסרוסלאַנד.

## דער בריוואויסטויש פֿון יידאָפטייל באַם „אינווייס-קולט“.

פֿאר צען באַראָשים (מאַרט—דעקאַבר 1925 יאָר) האָט די קאַנצעלאַריע פֿון יידאָפטייל באַם „אינבווייסקולט“ פֿאַנאַנדערגעשיקט בריוו און ווענדונגען און באַ-קומען ענטפֿערס אין פֿאָלגנדיקער צאָל:

| | שפֿראַכ-קאַמ. | ליטער. קאָמ. | היסט. קאָמ. | א.יס-לאנר. | פֿאַרשיי-דענע. | ווענדונגען. | טעאַטער קאמיסיע |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| געענטפערט | 77 | 70 | 68 | 43 | 146 | 200 עקז. פֿון 5 פֿארשיידענע ווענדונגען. | 16 |
| פֿאַר-בליבן | 34 בריוו | 36 | 56 | 11 | 186 | | 10 |

כוץ די אַלגעמיינע זיצונגען, וועלכע קומען פֿאָר צוויי מאָל וועכנטלעך פֿון

דער קאָלעגיע באַם ייִדאָפּטייל, זייבען פאָרגעקומען זיצונגען פון יעדער קאָמיסיע באַזונדער:

| שפּראַכקאָמ. | ליט. קאָמ. | היסטאָרישע קאָמ. | טעאַטרקאָמ. | קונסטאויס-שטעלונג. | עפּנטלעכע ארויסטרע-טונגען. |
|---|---|---|---|---|---|
| 11 | 8 | 5 | 5 | 2 | 1 |

## אַ דערקלערונג.

אין וואַרשעווער זשורנאַל „טעאַטער“ נומ. 4, ווו עס איז אָפּגעדרוקט גע-וואָרן אונדזער אופרוף „צו אַלע יידישע אַרטיסטן און טעאַטראַלע טוער“, איז אָפּגעדרוקט אויך אַן אַרטיקל פון מ. ווייכערט, וועלכער שטעלט זיך גאַנץ גענוי אָפּ אָף דעם דערמאָנטן אופרוף פון „אינווייסקולט“.

באַגרינדנדיק די אינציאַטיוו פון „אינווייסקולט“, שרייבט מ. ווייכערט: „עס מוז גלייך געזאָגט ווערן, אַז בעסער פייערן דעם יובליי פון דעם ערשטן גאָלדפאַדנ-ספעקטאקל קאָן מען גאָרניט. געוויס וועלן די יידישע בינעס—אויב ניט אַלע, איז לעפּאָכעס די מערסטע—איינאָרדענען פאָרשטעלונגען פון גאָלדפאַדנס פיעסעס, געוויס וועט די פרעסע דרוקן אַרטיקלען וועגן גאָלדפאַדענען, אָבער אָף צומאָרגנס נאָך דער „פייערלעכער“ פאָרשטעלונג און נאָך די יאָנטעוודיקע אַרטיקלען וועט מען פאָרגעסן וועגן גאַנצן איניען. און פון דעם גאָלדפאַדנטומל וועט קיין זייכער ניט בלייבן. די מינסקער טעאַטערקאָמיסיע וויל דעריבער שאַפן אַ זאַך אַ פעסטע און אַ דויערנדיקע, קומט איר דערפאַר אַ יאַשער קויעך. אָבער דער אויפן, ווי אַרום די קאָמיסיע גייט צו צו איר אַרבעט, וועקט בא מיר שטאַרקע ספייקעס. איך האָב מוירע, צו וויל זי ניט אַמאָל צופיל און צו שאַצט זי ניט איבער אירע קויכעס. זי באַגרענעצט זיך אויך ניט זאַכלעך. זי וויל באַלייכטן ניט בלויז דעם אופטו פון א. גאָלדפאַדן און אַפילע ניט בלויז די גרינדונגסקופּע פון היינטיקן יידישן טעאַטער. זי באַנוגנט זיך אויך ניט מיט די פראָפעסיִנעלע טרופּעס. זי נעמט אַרום די „פּרווון געלונגענע און ניט געלונגענע“ און אַפילע די טעטיקייט פון די דראַמאַטישע קרייזן... און אַט דערדאָזיקער ברייטער פאַרמעסט שרעקט מיך. ער ברענגט מיך אָף אַן אַפּיקאָרסישן געדאַנק, אַז די איניציאַטאָרן פון דעם אויסגעצייכנטן איינפאַל האָבן זיך ניט אָפּגעגעבן קיין קלאָרן דין וועכעשבן וועגן זייער אופגאַבע און בעיקער וועגן די שוועריקייטן, מיט וועלכע זיי וועט אויסקומען צו קעמפן“...

ווי עס זעט זיך, מיינט מ. ווייכערט, אַז די טעאַטערקאָמיסיע באַם „אינ-ווייסקולט“ פאַרשטייט איר אופגאַבע גאַנץ פראָסט: „פון אַ ביסל צופעליקן מאַטע-ריאַל צונויפשטעלן אַ זאַמלבוך לעקאָוועד דעם 50 יעריקן יובליי פון גאָלדפאַדענען און פאָטער“ (פון מ. ווייכערטס אַרטיקל).

מיר ווילן צוליב ריכטיקער אינפאָרמאַציע אָנווייזן די אַלע, וואָס אינטע-רעסירן זיך מיט אונדזער אַרבעט, אַז די טעאַטערקאָמיסיע באַם „אינווייסקולט“ איז געגרינדעט געוואָרן ניט צוליב דעם היאָריקן יובליי פון יידישן טעאַטער. אויך וועלן די מאַטעריאַלן, וואָס זי גיט צום דרוק, דערשיינען ניט נאָר צו דעם יובליי פון ערשטן גאָלדפאַדנספעקטאקל, און ניט בלויז וועגן אָט דער פייערונג האָט זיך געהאַנדלט אין אונדזער אופרוף. די אַרבעט פון דער טעאַטערקאָמיסיע באַם „אינ-ווייסקולט“ ווערט געפירט סיסטעמאַטיש אָף צוויי געביטן: דעם זאַמלערישן און פאָרשערישן. אויב אין דעם פאָרשערישן געביט איז בא הייננטיקן טאָג אומבאַדינגט נויטיק צו באַגרענעצן זיך, איז דאָס אָבער אין קיין פאַל ניט נויטיק אין געביט פון זאַמלען רוימאַטעריאַלן. דער אופרוף, וואָס האָט געזאָלט צוציען די ברייטסטע קרייזן פון יידישע טעאַטערטוער צו אונדזער זאַמלערישער אַרבעט, האָט דעריבער געבעטן אַלע יידישע אַרטיסטן און טעאַטערטוער, ווו זיי זאָלן זיך ניט געפינען צו-צושיקן אַלע מאַטעריאַלן, וועלכן כאַראַקטער זיי זאָלן ניט טראָגן. דעריבער האָבן מיר ניט געמאָלדן קיין טערמין, ניט געשטעלט קיין קאָנקורסן, ניט פאַרפליכטעט דעם זאַמלער מיט קיינע באַגרענעצונגען. זאָל דער זאַמלער אָפּטאָן זיינע עלעמענ-טאַרע אַרבעט—פאַר דאָס ווייטערדיקע וועט שוין זאָרגן דער פאָרשער.

# קולטורכראָניק.

— אין „שול און בוך“ (מאָסקווע) איז ארויס פון דרוק און געפינט זיך אין פארקויף ב. גלאזמאנס א בוך דערציילונגען „שטיינוועבס“.

— עס איז ארויס פון דרוק ה. לייוויקס אַ בוך לידער—„שניי—אראָפּגעפאלענע“. צום בוך איז אויך צוגעגעבן א פּאָרטרעט פון ה. לייוויקן.

— אין דער נאָענטסטער צייט הויבט אָן ארויסצוגיין אין כאַרקאָוו אַ ספּעציעלער צווײ—וואָכנטלעכער זשורנאַל „ד ע ר ק ו ס ט א ר“.

— אין מינסק האָט זיך געעפנט אַ קאמער פון יידישן געריכט. אין מינסקער קרייז וועט דאָס זיין דער ערשטער יידישער געריכט.

— אין שעפּעטאָווקע איז פּאָרגעקומען אַ פייערלעכע עפענונג פון דער יידישער געריכטקאמער.

— עס איז באשטימט געוואָרן עפענען נייע זיבן יידישע ראטן: אין בייר, אָלטושקאוו, מורקורילאָוועץ, יארוגע, טשערנאָוויץ, שארגאראד און מוראָפאַ.

אין האָמעל האָט אָנגעהויבן פונקציאָנירן אַ ספּעציעלער באַציִרק פון פּאָלקגעריכט אף יידיש. עס האַלט זיך באָם אָרגאניזירן אויך אַ קאָנסולטאציע, וואָס וועט ארויסגעבן יורידישע הילף אין יידיש.

— באָם „אינאָ“ (אינסטיטוט פון פּאָלקבילדונג) אין קיעוו עפנט זיך א יידישע קאפעדרע אף דערלערנען די יידישע שפראך און ליטעראטור. אויך גרינדעט זיך א יידישע קאפעדרע בא דער אוקראינישער אקאדעמיע פון וויסנשאפט. עס פונקציאָנירט א יידישע געריכטקאמער און ס'איז געעפנט אַן אויספאָרשונגקאמער אף יידיש.

— די יידישע סעקציע פון דער וואָרקערס פארטיי (קאָמפּארטיי) אין ניו־יאָרק הויבט אָן ארויסגעבן פון 1-טן יאנוואר א כוידעשזשורנאַל „דער האמער“. אין רעדאקציעקאָלעגיע גייען אריין די כ"כ: מ. אָלגין, ד"ר י. מינדל, ק. מארמאָר, מיילעך עפּשטיין און שאכנע עפּשטיין.

— דעם 15-טן יאנוואר איז אין לענינקלוב (מינסק) פּאָרגעקומען א גרויסער לייוויקאָוונט. מיט רעדעס זיינען ארויסגעטראָטן די כ"כ מאָץ, אָרשאנסקי, אָשעראָוויטש, פרישמאן, מייעראָוויטש, טייף, אויסלענדער א. א. דער כ' לייוויק האָט צום סאָף געלייענט עטלעכע פון זיינע נייע לידער, וועלכע זיינען מיט שטורמדיקע אוואציעס אופגענומען געוואָרן פון די פּארזאמלטע. דעם 17-טן יאנוואר איז אין לענינקלוב פּאָרגעקומען א פּאָרטראג פון כ' לייוויק „די יידישע קולטור אין אמעריקע און אין סאָוועטנפּארבאנד“. אינם צווייטן טייל פונם אָוונט האָט כ' לייוויק געלייענט זיינע איינדרוקן פון סאָוועטנרוסלאנד.

— די יידישע סטודיע פון ווייסרוסלאנד געפינט זיך אין מאָסקווע דעם לעצטן לערניאָר. אין צוזאמענהאנג מיט דעם גרייט זי צו א רעפּערטואר פאר ווייסרוסלאנד. דעם 22 יאנוואר איז אופגעפירט געוואָרן י. ל. פּערעצעס דראמ. פּאָעמע אין דריי אקטן „אין פּאליש אף דער קייט“, געשטעלט דורך מ. פ. ראפּאלסקי, קינסטלער י. ב. ריבאק, קאמפּאזיטאָר אל. קריין, טענץ—וואָלף. אכוץ דעם וועט אין די נאָענטסטע כאָדאָשים פאָרענדיקט ווערן די ארבעט איבער „שיילאָק“ פון וו. שעקספּיר. איבערזעצונג—וועוויארקע און קושניראָוו. געשטעלט דורך וו. ג. סאכנאָווסקי, קינסטלער—יאקולאָוו, קאָמפּאזיטאָר—קרוקאָוו. און „פורים“—לויט שאָלעם-אליכעמען געשטעלט דורך אל. דיקי, מוזיק—קיסלהאָף און מילנער. די סטודיע טרעט צו צוארבעטן איבער „שולאמיס“ נאָך א. גאלדפאדן, באארבעט דורך קוויטקאָ, געשטעלט דורך מ. פ. ראפּאלסקי. און איבער א יידישן באלעט אף דער טעמע „ווי אזוי עס איז באָטל געוואָרן די וואלריעשיווע“ לויט י. ל. פּערעצן, געשטעלט דורך וואָלף.

אין בערן ווערט איצט אופגעפירט מיט גרויס דערפּאָלג אַן אָריגינעלע פילם, וואָס האָט קיין נאָמען ניט. דאָס שטיק איז א טראגיקאמעדיע. אינמיטן דער העכסטער שפּאנונג קומט ארויס דער פילממעכאבער און שרייבט אף א שרייבמאשין, און באַראָט זיך מיט די העלדן פון דער פילם-פּיעסע ווי אזוי צו ענדיקן די מאיסע.

— איננגיכן הויבט אָן צו דערשיינען אין כארקאָוו א וואָכנבלאט „דער יידישער פּויער“.

— די כארקאָווער „קניהאספּילקע“ גיט ארויס כ' גילדינס א פּאָעמע „לעגיניארדע“.

— „קניהאספּילקע“ גיט איננגיכן ארויס ד. וואלקנשטיינס א בוך פּראָזע אונטערן נאָמען „בלוט“.

— אין „קניהאָספּילקע“ איז אויך דערשינען לייוויקס ביכל „באָם ראנד פון אָנהויב“.

— איננגיכן דערשיינט אין מינסק א זאמלונג לידער „קעפּ“, געווידמעט די געפאלענע כ"כ. קאָמסאָמאָלצעס. דאָס ביכל גיט ארויס די אלפאַרבאנדישע אסאָסציאציע פון פּראלעטארישע שרייבער, יידסעקציע און מינסקער ליטעראַרישע גרופּע „יונגער ארבעטער“.

אין זאמלבוך גייען אריין לידער פון די פּאָלגנדיקע כ"כ: מ. טייף, ש. העלמאנד, קאמענעצקי, י. גאָלדמאן, מ. ליפשיץ, וויטנזאן, סאוויקאָווסקי, ב. אָליעווסקי, טוזמאן און קאנטאר. די זאמלונג לידער וועט האלטן 4 דרוקבויגן, הילע געצייכנט פון דעם יונגן מאָלער כ' מאסטבוים.

— אין מאָסקווער יידישן מלוכעטעאטער גייט לעצטנס א פּרעמיערע „דאָס צענטע געבאָט“ („לא תחמוד“, לויט א. גאלדפּאדען) טעקסט—דאברושין. שטעלונג—גראַנאָווסקי.

— דער אוקראיניש-יידישער מלוכעטעאַטער אַרבעט איצט איבער דער פּיעסע „שאבסע צווי“. דער טעקסט פון דער פּיעסע איז געבויט אף די טעקסטן פון די פּיעסן פון פוילישן דראמאטורג זשולאווסקי „מאשיעכס סאָף“ און ש. אש'ס „שאבסע צווי“, באארבעט דורך עפּ. לויטער. דער עפּילאָג און אייניקע אינטערמעדיעס—פון קוויטקאָ און פינינבערג. מוזיק—אלעקסאנדער קריין. קינסטלערישע פּארמירונג—קינסטלער ראבוטשעוו. שטעלונג פון סמישליאיעוו. די ערשטע פּאָרשטעלונג פון „שאבסע צווי“ וועט פּאָרקומען אין דער צווייטער העלפט פון יאנוואר.

— אין אוקראינישן יידישן מלוכעטעאטער (כארקאָוו) איז נאָכן „פורימשפּיל“ אופגעפירט געוואָרן „אין ברען“. אין ברען איז א פּרוּוו צום ערשטן מאָל געבן אף אונדזער בינע דעם רעוואָלוציאָנערן „נעכטן“. דאָס איז א ריי קינעמאטאגראפישגעבויטע עפּיזאָדן, וואָס גיבן איבער די רעוואָלוציע און בירגערקריג אף אוקראינע.

טעקסט פון מ. דאניעל (מייעראָוויטש). שטעלונג פון ע. לויטער, קינסטלער — י. ריבאק. מוזיק—שטיינבערג.

— באָם פּערפאק פון צווייטן מאָסקווער מעלוכעאוניווערסיטעט איז אָרגאניזירט געוואָרן א יידישע לינגוויסטישע אָפּטיילונג, וועלכע האָט דעם צוועק צוצוגרייטן לערער פון דער מוטערשפּראך און ליטעראטור פאר די שולן פון דער צווייטער שטופע און פּערטעכניקומען מיט יידישער שפּראך אָלס אונטעריכט שפּראך.

## אינהאַלט פון „שטערן“ (4)—1:

מיכאס טשאָראָט—די קרעטשמע (פּאָעמע). י. ריוועס—אייגענע (דערציילונג). י. ראבין—אף טאָטערשע בערג (לידער). צ. דאָלגאָפּאָלסקי—בא געעפנטע טויערן (דערציילונג). א. פּעפּער—לידער. מ. שאָפּירא—לידער. גילדין—כאַנע (דערציילונג). מ. ליפשיץ—לידער. מ. טייף, ש. העלמאנד און ה. קאָמענעצקי—לידער, געווידמעט יעסענינען. ה. אלעקסאנדראָוו—מיט הונדערט יאָר צוריק (צום דעקאָבריסטן-אופשטאנד). י. בראָנשטיין—פּאָעט און בירגער. מ. ראָפּעס—די כינעזישע פּרייהייטבאָוועגונג. י. מ. נאָרוויד—טעאַטער אָפּן וועג צו זיין זעלבסטשטענדיקייט. י. ליובאָמירסקי—קינאָקונסט. א. מיאָראָוויק—מיינע טעאַטערזיכרוינעס. ביולעטען נומ. 1 פון ייראָפּטייל פון אינוויסקולט. קולטורכראָניק.

מינסק, 1-טע מעלוכעדרוקעריי. גלאווליטבעל 15571. באַשטעל. 1301. טיראַזש 3000.

# ווי ט ע בּ ס ק ע ר  ה א נ ד ל

## וויטעבּסקער
### אפטיילונג פֿון מעלוכעבּאנק
טאלסטאָי גאס 6, טעל. 3-36, 18,

פֿירט דורך אלע דערלויבּטע דורכן סטאטוט פֿון מעלוכעבּאנק אָפּעראציעס.

באם מעלוכעבאנק פֿונקציאָנירט אַ מעלוכישע ארבּעטער-שפּאָרקאסע № 913

**די אָוונטקאַסע איז אָפֿן פֿון 6½—8½ אָוונט.**

## וויטעבּסקער
### קרעדיט קאָאָפּער. ליי און שפּארקאסע
שאָסיינע 23.

### מאכט דורך פֿאלגנדיקע אפּעראציעס:
קויפֿט בא מעלוכעאָרגאנען פֿארשיידענע סכוירעס, רויוואַרג, פֿאר די פּאישטשיקעס קוסטארן פֿון שטאָט און פֿון קרייז

**פֿארלייט געלט און גיט סכוירע**

אין

**קרעדיט**

## וויטעבּסקער קאמונאלער טרעסט:
## וויטעבּסק
לעבן וואָקזאל האָט זיך געעפֿנט אַפֿסניי אַ אָפּגע-רעמאָנטירטע גאַסטהויז

## „בּעלאַרוס" „Беларусь"
מיט אלע באקוועמלעכקייטן

**מיטעלע פּרייזן.**

דאלגארוקאווסקע 1-а טעל. 2—58.

## „בּעלפּאַיטאָרג"
וויטעבּסקער אָפּטייל. ונג. קאנטאָר און סקלאד קאנאטנע 4-6

**פֿארקויפֿט:** פּראָדוקציע פֿון דער ווייסרוסישער אינדוסטריע, צוועקעס. טאַפּעטן, קארדאָן, פּאַפּיר, טשוהון, אייזן, טעפּ, צעמענט און אנד.

**מעלוכעאָרגאַנען און קאָאָפּעראַציע**

**קרעדיט**

## Игольная фабрика в Витебске
Суражский тракт № 18, тел. № 2—27

Адрес для телеграмм:

ИГОЛЬНАЯ ВИТЕБСК.

**изготовляет иголки, ручные, швейные, мешочные, технические и спицы вязальные.**

Предоставляет госорганам и кооперативным организациям

**ШИРОКИИ КРЕДИТ.**

## וויטעבּסקער
### צענטראלער ארבעטערקאאפּעראטיוו.
פֿאַרוואַלטונג: וויטעבּסק, וואָקזאַלנע 29 טעל. 32-2, 2—67

האָט אין אַלע ראַיאָנען פֿון שטאָט 16 שפּייזמאַגאַזינען 3 מאַנופֿאַקטור—גאַלאַנטעריי—שוך און פּאַפּיר מאגאזינען, 2 רויטאַרמעיִשע קראָמען, 2 מאַנופֿאַקטור און 2 שפּייזשטעל-טישלעך (לאַרקעס).

### מ אַ ג אַ ז י ִ נ ע ן:
3 № וואָקזאלגאַס

4 № שלאָסגאס

14 № לענינגאַס

אָפֿן ביז 11 באנאכט.

פֿאַרוואַלטונג צ.א.ק.

# און אינדוסטרי.

מעלוכישע אימפאָרט און עקספּאָרט
האַנדלקאַנטאָר פון ווייסרוסלאַנד

## „גאסטארגבעל“

ווּיטעבסקער אָפּטיילונג:
וואָקזאַלנע נומ. 20, טעל. 10—4.

לאגער: קאַנאַטנע, נומ. 18—1.

גרייט צו און קויפט אוף צום
עקספּאָרט

אלערליי רויכוואַרג ווי: פלאקס, רויפעל, כאזער־
האָר, רויכווארג, הײלגראָזן, אייער א. ד. ג.

פארקויפט:
אַלערליי אימפּארטסכוירעס פון טעכ-
נישער און כימישער אויסאַרבעטונג א.ד.ג.
און ארטיקלען פון אלגעמיינעם געברויך.

וויטעבסקער מעלוכישע

## בּרילנפאבריק

וויטעבסק, העכערע נאַבערעזשנע, נומ. 1—41, טעל. 31.

די פאַבריק עקזיסטירט פון 1892 יאָר
און ארבעט אויס:

אלמעגלעכע פארהיטברילן פאר שאָפערס, אוויאציעברילן און רעפּיראטאָרס, אָפּטישע ברילן און פענסנע מיט גלעזער פון פארשיידענע נומערן.

די פאַבריק האָט פאָרשטייערשאַפטן:
מאָסקווע, מיאסניצקע, פּראלאווסקע 15—4.
כארקאָוו, אנענסקע נומ. 16.
לענינגראַד, „בעלפּאַיטאָרג“.
קיעוו, „בעלפאיטאָרג“.

לויפנדיקע כעשבוינעס:
וויטעבסקער אָפּטיילונג פון מעלוכעבאנק נומ. 80.
וויטעב. אָפּטיילונג פון אינדוסטריעבאַנק (פראָמבאנק) נומ.12
מאָסקווער אָפּטיילונג פון אינדוסטריעבאנק נומ. 33.

וויטעבסקער מאַירעוו-געגנטקאנטאר פון

## מעטאלסינדיקאט

קאנטאָר און סקלאד: וויטעבסק, ניזשנעפעטראָווקע, גאַס 29, טעל. 1-40.

אָפּטיילונגען:

1) סמאָלענסק: קאנטאָר, וויגאָני געסל 6a, טעל.4-08.
סקלאד, קאשען גאַס, נומ. 76.

2) מינסק: קאנטאָר, אוניווערסיטעטסקע 11, טעל. 2-03.
סקלאד, סאָוועטנגאַס, נומ. 54.

3) האָמעל: וועטרענע 70, טעל. 1-5.

פאַרקויפט: פון די סקלאדן, מיטן ארויסשיקן פון זאוואָדן.
1) מעטאַלן און מעטאַלאויסאַרבעטונגען.
2) ארטיקלען פון איינשטעלונג פאַבריק-זאוואָדנאונטערנעמונגען, ווי: מאָטאָרן, לאָקאָמאָבילן, וואר־שטאַטן, טורבין, אינסטרומענטן א. א. וו.

קויפט: ברוך, טשוהון אייזן און פארב־מעטאלן.

ווייסרוסישע מעלוכעפאַריניקונג פון
מעטאלבאַארבעטנדיקע אינדוסטריע

## „בעלגאסמעטפראם“

פ. פעטראווסקע.

פאריייניקט זאוואָדן אין שטאט וויטעבסק.

טשוהונאויסגיסונג נומ. 1
„קאָמינטערן“.

לאנדווירטשאפטלעכע מאשינען און געצייג
נומ. 3 „רויטער מעטאליסט“.

איז ארשע: „יישעוו באראן“ דראָט און צוועקעס זאוואָד.
נומ. 2, „רויטער אקטיאַבר“.

ארבעט אויס: וואסערטורבינען, סוקנאָ־וואלקעס, מילפאסטאנען, בוי און טאפעטנ־צוועקעס, טעקס, שפּילקעס, פּריוואָדן א.ד.ג.

# וויטעבסקער סכוירעבירזשע.

וואָקזאַלנע 41 טעל. 55—2.

טעגלעך אין דער צייט פֿון די בירזשעפֿאַרזאַמלונגען פֿון 2—1, ווערן אַלע בירזשעגעשעפֿטן געשלאָסן. אין דער אַרבעטצייט ווערן אויך רעגיסטרירט אַלע געשעפֿטן, אויסער געשלאָסענע אַף דער בירזשע. נעמט אָף זיך דעם אײַנקויף און פֿאַרקויף פֿון פֿאַרשיידענע סכוירעס אַף וויטעבסקער און אַנדערע מערק. שליסט אָפּמאַכן צווישן פֿאַרשיידענע בירזשעס.

## באַפֿאָלמעכטיקטע אין אָרשע און פּאָלאָצק.

וויטעבסקער סכוירעבירזשע.
בירזשעקאָמיטעט.

---

מינסקער צענטראַלער אַרבעטערקאָאָפּעראַטיוו.

## „מינצעראַבקאָפּ"

אַדרעס פֿון פֿאַרוואַלטונג:
מינסק, סאָוועטישע גאַס 43 3-טער שטאָק.

טעלעפֿאָנען:

| | |
|---|---|
| קאַב. פֿון פֿאָרזיצ. נומ. 102. | האַנדלאָפּטיילונג נומ. 280. |
| געשעפֿטפֿירער „ 154. | פּראָדוציראָפּ. „ 518. |
| אָרגאַניזיראָפּטייל. „ 728. | רעכענונגפֿינאַנצאָפּ. „ 325. |

צו באַדינען זײַנע מיטגלידער און פּויערים האָט:

## 43 אוניווערסאַלע מאַגאַזינען און עסקראָמען:

| | |
|---|---|
| 4 שטעלטישלעך (לאַריאָק). | 1 שוסטערווערקשטאַט |
| 1 באַזיסקלאַד | 1 זייפֿזאַוואָד |
| 1 מאַנופֿאַקטורסקלאַד. | 1 ראַטנווירטשאַפֿט (סאָווכאָז) אַפֿן נאָמען |
| 1 האָלצסקלאַד | „ראָזע לוקסנבורג" |
| 7 קיכן | |
| 4 פּעקאַרנעס | |

---

אַלווייסרוסלענדישע קאַנטאָר פֿון מעלוכעבאַנק.

## „מעלוכעבאַנק".

סאָוועטישע גאַס 59 טעלעפֿאָן 398, 126, 110.

האָט אַן אונטקאַסע, וועלכע

## נעמט אָן סומען

אַפֿן לויפֿנדיקן כעשבן פֿון 7 ביז 9 אזייגער אינאוונט

טעגלעך אויסער יאָנטויוויִם און אָפּרוטעג.

אַדמיניסטראַציע פֿון קאַנטאָר.

# ЗОРКА

Літаратурна-Мастацкі
і Політычна-Навучны
журнал.

פרייז 50 קאָפּ.




БЕЛАРУСКАЕ АДДЗЯЛЕНЬНЕ ВЫДАВЕЦТВА
„Школа і Кніга“
Менск, Ленінская вул., 26.

